# דער אמת דורך געלעכטער

## אין דער יידישער ליטעראַטור

פראַגמענטן פון פאָרשאַרבעטן
צו דער כאַראַקטעריסטיק
זכרונות, בילדער

אונטער דער רעדאַקציע
פון
שמואל ראָזשאַנסקי



מוסטערווערק
פון דער
יידישער ליטעראַטור

דוד טוריאַנסקי־פאָנד

# תּוכן

זײַט

## 3/ אין גוטער לוינע 139



## צו דער כאַראַקטעריסטיק פון געלעכטער



## ביאָ־ביבליאָגראַפֿיע 236

## רעפּראָדוקציעס

# אידיאָם, שפּריכוואָרט, וויץ און אַנעקדאָט אין דער ליטעראַטור

## דאָס געיעג נאָך לאַכערייקעס

דער ברייטער עולם איז שטענדיק אַ בעלן אויף געלעכטער.

דערפֿאַר האָט די פּראָזע אין די ערשטע אַמעריקאַנער ייִדישע צײַטונגען געזוכט צו מאַכן לאַכן, אָנהייבנדיק פֿון אויסלאַכן...

אויסלאַכן איז אַ סך לײַכטער ווי צו לאַכן.

שמר האָט זײַן פּאָפּולאַריטעט דערגרייכט אין אַ גרויסער מאָס דורך אויסלאַכן, וויפֿל געשמאַקלאָזיקייט און איבערטרײַבונגען מיר זאָלן אויסגעפֿינען אין שמרס דערציילונגען און ראָמאַנען, וויפֿל שונד־טענדענצן מיר זאָלן אין זיי פֿעסטשטעלן, מוזן מיר אַלץ אָנער־קענען, אַז בײַ אים איז געווען אַ מעטאָד צו געווינען דעם לייענער מיט פֿריילעכע רייד פֿון אַ „פּאַן בראַט". קודם־כּל מיט אידיאָמען, רייד וואָס דער עולם האָט ליב. ריידן און באַריידן, אַרײַנזאָגן. שמר איז, אָן גוזמא, אַ קוואַל פֿון ייִדישע אידיאָמען, דער עיקר אַזעלכע, וואָס רופֿן־אַרויס געלעכטער. יאַכנעוואַטע, ראַדיקאַלע באַוועגונגען האָבן גאַנץ היפּש גענאָסן פֿון שמרס אויסריידן כּל בייז אויף באַלע־באַטישע געוווינהייטן, מיט גאַלגאַן־הומאָר... ווולגאַרע סאַטירע, ווײַט פֿון הומאָר. „עכטער הומאָר איז אַ זעלטענע זאַך נישט בלויז אין דעם אָדער יענעם פּעריאָד פֿון אַ באַשטימטער ליטעראַטור, נאָר אין אַלע צײַטן און אין דער גאַנצער וועלט־ליטעראַטור"[1].

כאַראַקטעריסטיש, וואָס די ערשטע ייִדישע צײַטונג אין אַמע־ריקע, דערשינען אין 1870, אין ניו־יאָרק, מיטן נאָמען „די אידי־שע צײַטונג", גיט־אָפּ פֿאַר „ליטעראַטור אַן אָנגעזען אָרט"; אין אַ נומער, וווּ „כמעט אַ העלפֿט פֿון דער צײַטונג איז אָפּגעגעבן פֿאַר אַ דערציילונג, פֿאַר אַ הומאָריסטישן געשפּרעך און פֿאַר אַ ליד", זעען מיר, ווי „דער הומאָריסטישער געשפּרעך חוזקט־אָפּ אויף אַ

---

[1] מ. ווינער — צו דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור אין 19טן יאָרהונדערט (קיִעוו 1931), ז' 381, נ"י 1941.

געמיטלעכן אופֿן פֿון חזנים און אַנדערע כּלי־קודש"[2]. אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער און אַנאַרכיסטישער פּרעסע זײַנען פּאַראָדיעס און סתּם לאַכערײַקעס געווען אַ פּאָפּולערער אַרטיקל. „די אַנאַרכיסטן האָבן אַרויסגעגעבן „תּפֿילה זכּהס", אַ מין פּאַראָדיע אויף די ימים־נוראימדיקע תּפֿילות; זיי האָבן חוזק געמאַכט פֿון גאָט, פֿון די ימים־טובֿים און פֿון די מצוות; די פּאַראָדיעס זײַנען געווען שאַרף און וויציק און האָבן אַפֿילו געמאַכט אַ רושם צווישן טייל ראַדיקאַלן פֿון יענער צײַט"[3]. ס'איז נישט קיין צופֿאַל, וואָס „שמר האָט דאָ אַרויסגעגעבן און רעדאַקטירט עטלעכע הומאָריסטישע זשורנאַלן"[4]. שאַרפֿע סאַטירע, די טענדענץ צו פֿאַרשוואַרצן דאָס פּנים קלאַסן און מענטשן דורך געלעכטער, גייט שטאַרק אָן, אַזוי „לאַכט גאָרדין אויס די גבֿירים וואָס שינדן די הויט בײַ אָרעמע לײַט, און דערנאָך קויפֿן זיי הינער און קלאַפּן מיט זיי כּפּרות... כּדי מען זאָל זיי פֿאַרגעבן די זינד", פּונקט ווי ער „חוזקט־אויס די אינטעליגענץ, שרײַבערס, גלחים און זשורנאַליסטן"[5]. ער פֿאַרקאָנקורירט אַב. קאַהאַנען מיט זײַן סאַטירע. פּונקט ווי לעאָן קאָברין שטײַגט זיי ביידע אַריבער, ווײַל ער פֿירט שוין אַרײַן דעם לייענער אין הומאָר, דער עיקר ווען ער שילדערט פּרימיטיווע מענטשן, און „דאָ און דאָרט לײַכט־אויף ליבינס מילדקייט און דינער הומאָר, וואָס מאַכן לײַכטער דעם שווערן עול פֿונעם לעבן"[6].

אויך אין מזרח־אייראָפּע, פֿון וואַנען עס קומט דער אויפֿבלי פֿון דער ייִדישער בעלעטריסטיק, זעען מיר דאָס זוכן אַרויסצורופֿן בײַם לייענער געלעכטער. אײַזיק־מאיר דיק, וואָס זײַן דעבוט ווי אַ ייִדישער דערציילער איז „דער אָנהייב פֿון דער געדרוקטער ייִדי־

---

[2] אליהו שולמאַן — געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע. 1870־1900, ז' 36, ניו־יאָרק 1943.

[3] ד"ז, ז' 69.

[4] ד"ז, ז' 100.

[5] ד"ז, זז' 125 און 127.

[6] ד"ז, ז' 136.

שער בעלעטריסטיק אין דער עפּאָכע פֿון דער השׂכּלה״[5], האָט זײַן הומאָר צו פֿאַרדאַנקען, אפֿשר אין דער גרעסטער מאָס, זײַן פּאָפּולאַריטעט. „דאָס איינציקע ווערק, וואָס איז אויפֿן געביט פֿון דער שיינער ליטעראַטור פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן איידער עס איז געקומען דיק, איז געווען אַהרן וואָלפֿסאָנס לײַכטזין און פֿרעמעלײַ (ברעסלוי 1796), אָבער דאָס דאָזיקע ווערק געהערט נאָך אייגנטלעך צו דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור אין דײַטשלאַנד״[8] — נאָר אויך דאָס איז פֿון אָנהייב ביזן סוף אַן אָפּלאַכערײַ פֿון פֿאַלשער פֿרומקייט, אַ שאַרפֿע סאַטירע אויף צווייפּנימדיקייט, אָפּגערעדט שוין, וואָס דאָס ייִדישע טעאַטער, ווען עס האָט געוואָלט ווערן אַ פּערמאַנענטע אינסטיטוציע, האָט קודם־כּל געזוכט צו מאַכן דעם עולם לאַכן.

אַנטקעגן דער דראַמאַטיק און פּאַטאָס פֿון תּפֿילות און לערנען תּורה האָט די ייִדישע בעלעטריסטיק אַרײַנגעבראַכט פֿרייִלעכקייט, ווי אַן אָפּלייטער פֿון טרויער און אַנגסט אינעם ייִדישן לעבן.

## פֿרייִלעכקייט וואָס צערייצט און פֿרייִלעכקייט וואָס באַרויִקט

אין דער גרויסער און פֿאַרשיידנאַרטיקער גאַמע פֿון געלעכטער זײַנען די צוויי עקסטרעמען בורלעסק און איראָניע, דער ערשטער — פֿון שמוציקן מאַרק, די לעצטע — פֿון פֿײַנשמעקער־סאַלאָן. יעדער עקסטרעם מיט זײַן שפּראַך־אַרסענאַל, ווער מיטן אַלטן אידיאָם און ווער מיטן אימפּראָוויזירטן וואָרטשפּיל. אידיאָמען שאַפֿן די אַטמאָספֿער פֿאַר פֿרייִלעכקייט, פֿאַר געמיטלעכקייט, פֿאַר דערוואַרטונג, עמעצער זאָל אַרויסרופֿן אַ שמייכל, אַ געלעכטער. צווישן די עקסטרעמען, צווישן גראָבן „קאַטשען זיך פֿון געלעכ־

---

[7] ש. ניגער — „ווען האָט אַ. מ. דיק אָנגעהויבן שרײַבן?“, פּנקס, ז׳ 289, נ״י 1928.

[8] ד״ז.

טער״ און דעם ראַפּינירטן „אַרײַנשמייכלען אין זיך״, ליגט דער שמייכל און דער אײדעלער הומאָר.

די פֿריילעכקייט פֿון ביידע עקסטרעמען, סײַ דער בורלעסק און סײַ די איראָניע, צערייצט. דער ערשטער — פּראָסט, גראָב, ווי אַ חזיר אין בלאָטע; די צווייטע — סאַלאָנסמעסיק, מאַנירלעך.

דער שמייכל און דער עכטער הומאָר — באַרויִקט. אויב ער קומט נישט פֿון אינערלעכער רו, פֿירט ער צו אינערלעכער רו.

אַז אַ. מ. ד. וויל אַרײַנפֿירן אין הומאָר, אין זײַן נאָוועלע „דער חזן״ [9], באַניצט ער זיך מיט גראַמען. „אַצינד — זאָגט ער — וועלן מיר אַרײַנשטעלן אין זייער מיטן נאָך אַ דריטן, און דאָס איז ר׳ קאָפּל אַסנעס, דער חזן פֿון קאַפּוליע און נאָך פֿון שטעט אַ פֿולע; דען אַזוי ווי ער האָט אַלע חודש אַ ווײַב געביטן, אַזוי האָט ער אויך פֿון יעדער שטאָט אָפּגעשניטן״.

אַז די דינסטמויד חוה אין ד״ר שלמה עטינגערס קאָמעדיע „סערקעלע״ [10] וויל אָפּמשלען סערקעלע און איר טעכטערל, זוכט זי נישט אירע אייגענע רייד, נאָר זי באַניצט זיך מיט שפּריכווער־טער איינס נאָכן אַנדערן: „דאָס עפּעלע פֿאַלט גישט ווײַט פֿון ביימעלע, ווי די מוטער, אַזוי דאָס טעכטערל״. און ר׳ גבֿריאל גיט מיט איין שפּריכוואָרט אַ בילד פֿון דער אויפֿגעקומענער מאַרק־זיצערקע: „אַז מען קריגט נאָר געלט, ווערט מען שוין דערנאָך שיין, קלוג, פֿרום, אַ גרויסע מיוחסת, און אַפֿילו ייִנגער אויך״.

אַז אַבֿרהם־בער גאָטלאָבער וויל „אַ דאָקטער״ אַרײַנפֿירן אין דער אַטמאָספֿער פֿון פֿריילעכקייט, ווערטלט ער זיך אינעם סטיל פֿון שפּריכווערטער: „גאָט האָט איינעם באַשאַפֿן, ער זאָל זײַן אַ באָנדער. און ער קלײַבט זיך אויס צו ווערן אַ חזן. נאָ, זאָגן

[9] געדרוקט צום 1טן מאָל אין 1874, ווילנע.

[10] אָנגעשריבן, מעגלעך, אין לעמבערג 1825; געדרוקט צום 1טן מאָל אין 1861, אָן נאָמען פון מחבר, אונטערן טיטל „קאָמעדיאַ אין 5 אַקטן פאָן סערקעלען אָדער דיא יאָרצײַט געשעהן אין לעמבערג שנת תקצה״.

ניט אַלע, ווער עס הערט אים: „ער איז טאַקע אַ באָנדער!“. איינער ווערט אַ זייגערמאַכער און גאָט האָט געוואָלט, ער זאָל ווערן אַ קאָוואַל. הערט־זשע, אויב די גאַנצע וועלט זאָגט ניט: ער איז אַ קאָוואַל. און וואָס טוט גאָט, אַז דער וואָס ער האָט באַשטימט פֿאַר אַן איזוואָשטשיק איז דווקא געוואָרן אַ דאָקטער? ווייסט טאַקע די גאַנצע וועלט, אַז ער איז פֿון אַ בעל־עגלה, כאָטש ער רופֿט זיך דאָקטער. און דאָס הייסט דער אמתער גילגול: אַ גילגול פֿון אַ באָנדער אויף אַ חזן, פֿון אַ קאָוואַל אויף אַ זייגער־מאַכער, פֿון אַ בעל־עגלה אויף אַ דאָקטער און כּדומה“[11].

אַז ראַבינער שלום ראַבינאָוויטש ציט זיך אַרײַן אין הומאָריס־טישן מלכות פֿון שלום עליכם דורך „סענדער בלאַנק“, נעמט ער געשיקט פֿון אַלע עלעמענטן, וועלכע באַשאַפֿן געמיט, פֿריילעכע אַטמאָספֿער און געלעכטער, דהיינו: „אַ קינד איז אַ חזיר, אַ קינד דאַרף מען לערנען, סע זאָל וויסן, אַז אַ קערבל איז ניט קיין הונט, וועט ער אויך וויסן אויף דער עלטער, ווי אַזוי זיך צו באַגיין מיט אַ קינד און ווי אַזוי מע דאַרף היטן אַ קערבל הײַנטיקע יאָרן... נאָר כּל־זמן ר׳ חיים־חנא דער מלמד האָט געלעבט, איז מאַרקל געווען אַזאַ תּכשיט, אַזאַ גילדן קעפּל, אַז קיינער האָט אים ניט געקאָנט נעמען פֿאַרהערן, מחמת חיים־חנא איז דערצו געווען אַ מזיק; ער האָט קיינעם ניט געלאָזט אויסריידן אַ וואָרט, ניט דעם פֿאַרהערער, ניט דעם תּלמיד; ער האָט גערעדט פֿאַר אַלעמען; ער האָט אַליין געפֿרעגט און אַליין געענטפֿערט“[12].

פֿון שלום עליכמס ערשטן „ראָמאַן אָן אַ ראָמאַן“ האָט אַרויס־געלויכטן דער פּרעכטיקער אַנעקדאָט. בלאַנק זעט־אויס טויט־קראַנק. אין אמתן האָט ער זיך בלויז איבערגעגעסן און דעריבער

---

[11] דער ציקל פֿון „גילגול“ איז צום 1טן מאָל געדרוקט געוואָרן אין קול מבשר, אָדעס 1871.

[12] געשריבן אין 1887, ווען שלום עליכם האָט זיך געגרייט צום אַרויס־געבן זײַנע זאַמלביכער „יודישע פֿאָלקס־ביבליאָטהעק“.

פֿאַרגעסן אין די קינדער זײַנע. זיי, די קינדער, זײַנען געווען מער קראַנק ווי ער. זיי שרעקן זיך נישט, וואָס דער טאַטע וועט שטאַרבן, נײַערט וואָס דער אַנדערער וועט מערער ירושה אַרײַנכאַפּן. די טראַגיקאָמעדיע פֿון נײַעם ייִדישן לעבן קוקט־אַרויס דורך די רײַכע פֿענצטער פֿון די אויפֿגעקומענע גבֿירים... דאָ מישט זיך אויס פֿאָרם מיט סאַטירע און הומאָר. בײַ שלום עליכמען מישן זיך אויס די פֿאַרשיידענע עליקסירן פֿון געלעכטער.

אין דער נײַסטער ייִדישער ליטעראַטור זעען מיר אַ נײַעם פֿענאָמען: פֿריילעכקייט וואָס צערייצט און באַרויִקט, וואָס איז פּעסימיסטיש, אָבער דערשיטערט נישט, וואָס צעטומלט מיט איר נאַקעטקייט אָבער — זי אַנטוואָפֿנט... זי איז ציניש, אָבער ווי שווער עס איז צו דער דאָזיקער צינישער לאַכערײַ זיך צוצוהערן, פֿאַרכאַפּט זי און איר קענט זיך פֿון איר נישט באַפֿרײַען.

יצחק באַשעוויס איז דער מײַסטער פֿון דער דאָזיקער נײַער ווענדונג צו הומאָר. ער צערייצט און באַרויִקט פֿאַר אַ מאָל. ער סינקראָניזירט דעם ציניזם, וואָס בושוועט אין אונדזער צײַט, אין דער אַלגעמיינער וועלט און אויך אין דער ייִדישער וועלט. „אַוודאי איז די וועלט אַן עולם השקר, אָבער זי איז איין טריט פֿון דער אמתער וועלט"[13]. דער יונג אין באַשעוויסעס „קליינע שוסטערלעך" גיט דעם טאַטן מיצקע דערינען אַ זאָג: „ס'איז מיר נמאס געוואָרן ס'קליינע שטעטל און די מענטשן אויך; ס'איז דאָ אַ זומפּ, אַ געמויזעכץ". גראָד ברענגט זײַן פֿאָרן קיין אַמעריקע גליק פֿאַר זײַנע ברידער, „די זיבן שוסטערלעך". אויך ער הייסט גימפּל, אָבער ער איז נישט קיין תם: „ניין, זיי זײַנען נישט געוואָרן קיין געצנדינער אין דעם אַמעריקאַנער מצרים". אַז דער גערַאטעוועטער זון קומט פֿון ישׂראל אויף אַ באַזוך קיין אַמעריקע, גיט דער טאַטע אַ זאָג: „אויב דו לעבסט, האָסטו געדאַרפֿט בלײַבן לעבן"... מיט מאַקאַברישן הומאָר דערציילט באַשעוויס וועגן דעם

[13] גימפּל תם און אַנדערע דערציילונגען, ז' 17, נ"י 1963.

שווינדלער און קאָנטראַבאַנדיסט ר׳ לייזער גראַוויצער, ווען ס׳איז געגאַנגען אין לעבן נישט אַרײַנצופֿאַלן צו דער פּאָליציי, אַז „ר׳ לייזער גראַוויצער האָט אויסגעפֿירט דאָס זײַניקע: מען האָט אים אין תּפֿיסה נישט אײַנגעזעצט; ער האָט באַקומען אַן אַפּאָפּלעקציע און איז גלײַך געשטאָרבן" [14] . . .

אַוועק די צײַטן פֿון תּמימותדיקן הומאָר. אין דער צעטרייסל־טער וועלט, אין וועלכער פֿאַרשיידענע מאָראַלישע און אידעיִשע ווערטן זײַנען אין באַנקראָט, איז דער לויטערער הומאָר פֿאַרשיקט אין מושבֿ זקנים — — —

## דער גאָלדפּאַטראָן פֿון שפּריכוואָרט

דאָס טירגלעקל, וואָס זאָגט־אָן, אַז עס קומט הומאָר, איז בדרך כּלל דאָס שפּריכוואָרט. „דער טייל פֿון אונדזער פֿאָלקס־ליטעראַטור איז ביז אַהער זייער פֿאַרנאָכלעסיקט געוואָרן" [15]. ווער עס האָט אים מער פֿון אַלעמען אַרויסגעהויבן, דאָס איז שלמה עטינגער. „סערקעלע" איז ממש אַן אַנטאָלאָגיע פֿון שפּריכווערטער. דער קאָמעדיאָגראַף באַניצט זיי אָבער מיט אַזאַ מײַסטערשאַפֿט, אַז זיי פֿאַרטונקלען נישט זײַן אייגן וואָרט. ביידע גיסן זיך צונויף האַרמאָניש. ווי אַ גאָט געבענטשטער זיווג. מ׳פֿילט בפֿירוש נישט דעם איבערגאַנג פֿון שפּריכוואָרט צום שרײַבערס פּראָזע און פֿון שרײַבערס וואָרט צום שפּריכוואָרט.

די פֿאָלקסטימלעכקייט פֿון שפּריכוואָרט, אַפֿילו ווען די סענטענץ איז אַן אומעטיקע, גרייט־צו געמיטלעכקייט, וואָס איז דער פֿאַרבאַדינג פֿון הומאָר. וואָס לויטערער דער הומאָר איז, אַלץ איידעלער און אַלץ אַרומנעמיקער איז די געמיטלעכקייט, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן. אין דער דאָזיקער אַטמאָספֿער פֿילט מען זיך

---

[14] מײַן טאַטנס בית־דין שטוב, ז׳ 134, נ״י 1956.

[15] איגנאַץ בערנשטיין — יידישע שפּריכווערטער און רעדנסאַרטן, 2טע אויפלאַגע, הקדמה, ז׳ 1, וואַרשע 1908.

היימיש, נאָענט איינער מיטן אַנדערן. מ׳ווערט אויפֿריכטיק. מ׳שרעקט זיך נישט צו זאָגן איינער דעם אַנדערן דעם אמת. „שפּריכווערטער און רעדנסאַרטן באַרײַכערן דאָס פֿאַרשטײַן, דאָס כּאָלקסדענקען און פֿילן", און דערפֿאַר „געהערן די שפּריכווערטער צו פֿאָלקס־וויסנשאַפֿט מיט אירע אייגנאַרטיקע און ספּעציעלע דרכים"[16]. אין זיי איז אויסגעדריקט די חכמה פֿון פֿאָלק, זײַן מאָראַל, זײַן נאַציאָנאַלע דיסציפּלין. די שפּריכווערטער זײַנען דער גאָלדפּאַטראָן פֿון פֿאָלק.

די לאַקאָנישקייט פֿון שפּריכוואָרט און זײַן פּשטות — אין קעגנזאַץ צום אַפֿאָריזם, וואָס קאָקעטירט מיט אינטעלעקטואַליזם און אינדיווידואַליזם — איז די שפּרודלדיקייט פֿון פֿאָלקס־חן, זײַט בײַ זײַט מיטן קערנדיקן אידיאָם, וואָס איז ער פּי רובֿ פּראָ־ווינצעריש, רעגיאָנעל, אָפֿט נישט ווײַט און ברייט באַקאַנט.

דאָס שפּריכוואָרט — די תּורה פֿון פֿאָלק — און דער אידיאָם דעקט־אויף דעם אמת אין אַ פּינטל מיטן אויג. און שוין דאָס אַליין, וואָס דער אמת פֿון דערווירקלעכקייט שטימט נישט מיטן אמת וואָס מען מיינט אַז ס׳איז אמת, פֿירט־אַרײַן אין אַ גוטער שטימונג, אַפֿילו ווען דער אמת איז פֿון דעם מין, וואָס פֿרייט נישט. ווען פֿון אַ טרויעריקער מעשׂה שפּרינגט־אַרויס... אַ מזל־טובֿ, ווי ס׳דערציילט, למשל, י. ל. פּרץ אין „די תּאווה צו קליי־דער", אַז „באַלד נאָך שבֿעה (האָט דער חסיד אלימלך) אויפֿגע־זוכט די יתומה און האָט מיט איר חתונה געהאַט, און זי איז געווען אַ מאַמע צו זײַנע קינדער, די יתומים. און זיי האָבן נאָך זוכה געווען צו האָבן נײַע קינדער און האָבן זיי מגדל געווען לתּורה, לחופּה ולמעשׂים טובֿים. אויף אַלע ייִדן געזאָגט!"[17].

---

[16] ד״ר ישׂראל פֿורמאַן — ייִדישע שפּריכווערטער און רעדנסאַרטן, ז׳ 19 און 21, תּל־אָביבֿ 1958.

[17] פֿון די פֿאָלקסטימלעכע געשיכטן.

## דער וויץ: די עקספּלאָזיע פֿון אמת קעגן דער געוווינהייט

אויב דאָס שפּריכוואָרט העלפֿט שאַפֿן די געמיטלעכקייט, וואָס הומאָר דאַרף האָבן, טייל מאָל לפּנים וועגן אַן אַטמאָספֿער פֿון נחת־רוח, געדולד און באַרויִקונג, אַפֿילו ווען מיר האָבן נישט קיין צײַט און זײַנען אין אמתן צערודערט, קומט דער וויץ, פּונקט פֿאַרקערט, אין געאײַל, ווי אַ קוריער, אומגעריכט און אומגעדולדיק, דערציילנדיק אונדז אַזוינס אויף וואָס מיר וואַרטן נישט.

דער וויץ קומט ווי אַ בליץ. פּונקט ווי דער רעכטער בליץ ברענגט דער גוטער וויץ — אַ דונער. בעת הומאָר רופֿט־אַרויס אַ שמייכל, אינערלעך פֿאַרגעניגן, ווייך געלעכטער, רופֿט דער וויץ אַרויס אַן עקספּלאָזיע — אַ שאָס... בעת געלעכטער פֿון הומאָר קומט ווי אַ גאַסט, צו וועלכן מיר זײַנען געוווינט, ראַשט אונדז איבער דער וויץ, ווײַל ער דערציילט אונדז עפּעס, צו וואָס מיר זײַנען נישט געוווינט. אין דעם ליגט דער סוד, וואָס יידישע וויצן רייצן גאַנץ באַזונדער, זײַנען ספּעציעל אַטראַקטיוו: זיי דערציילן שטענדיק עפּעס אַזוינס, אויף וואָס מיר ריכטן זיך נישט און וואָס וואָלט זיך געוואָלט גרײַלעך הערן... בדרך לצנות קען זיך דער ייִד פֿאַרגינען צו לאַכן פֿון יויזל און פֿון אַלע זײַנע אונטערהעל־פֿערס אין הימל און אויף דער ערד... וויצלענדיק זיך, פֿאַרגינען זיך ייִדן אַפֿילו צו חוזקן פֿון זייערע אייגענע שוואַכקייטן, וואָס ווען גוייִם זאָגן עס, בפֿרט נאָך אַן דעם חן פֿון געלעכטער, שטעמפּלט מען זיי פֿאַר אַנטיסעמיטן און וואָס נאָר אין קאָרט... אַזוי אַרום „האָבן די ייִדישע וויצן אַ ברייטערע פֿונקציע ווי צו פֿאַרווײַלן: זיי געהערן צו דער קאַטעגאָריע פֿון דער גערעדטער ליטעראַטור: אָפֿט זאָגן זיי פֿאַרויס די צוקונפֿט אָדער לפּחות דעם זין, אויף וועלכן דער עולם אָריענטירט זיך, די ליניע פֿון מעשׂים, וואָס ער איז גרייט אָנצונעמען" [18].

[18] Teodoro Reik - Humorismo Judío, pág. 215, Buenos Aires 1964.

פּונקט ווי די לצים האָבן אַפֿילו אין די קעניגלעכע הויפֿן זיך דערלויבט צו קיבעצן אַפֿילו די האַרן און זייערע געפֿערלעכע אינטריגאַנטן, און אין זכות פֿון געלעכטער איז זיי אָפֿט געלונגען אויסצולעבן זייערע יאָרן, בעת אַנדערע האָבן פֿאַר די זעלביקע כּוונות, נאָר אָן געלעכטער, פֿאַרלוירן זייערע קעפּ אונטער דער האַק, אַזוי האָבן אונדזערע פֿאָלקסוויצלערס געהאַט אַ פּריווילעגירטע ראָלע אינעם ייִדישן לעבן. הערשעלע אָסטראָפּאָליער, דער פֿאָלקסוויצלער פֿון דרום־רוסלענדישן ייִדנטום מיט זײַן בײַסיקער סאָציאַלער קריטיק אַפֿילו אין די רבישע הויפֿן, דער ליטווישער „צלם־קאָפּ" מאָטקע כאַבאַד מיט זײַן אַרײַנברענגען פֿרײלעכע האָפֿערדיקייט אינעם ביטערן ייִדישן דלות און דער גאַליציאַנער פֿרויקע גרײדינגער מיט זײַנע איבערגעשפּיצטע חכמהלעך אויפֿן חשבון פֿון קבצנסקע גבירים אַדירים — און קעגן זיי אַלע די תמימות פֿון די כעלעמער, אײַנגעהילטע אין פֿאַנטאַזיעס וווּנדער איבער וווּנדער — די אַלע פֿאָלקס־לצים האָבן אַ סך געטאָן דעם ייִדישן לעבן, ווײַל זיי האָבן געהאָלפֿן צעטרײַבן די מרה־שחורה, וואָס האָט געפּענטעט די פֿינצטערע ייִדישע דאָליע, האָבן אַרײַנגעבראַכט אין דער שווערער ייִדישער זאָרג מכּל תּמינים די האָפֿערדיקייט, וואָס עס ברענגט אַרײַן בטחון און די גוטע לוינע, אַז מען זאָל נישט נתפּעל ווערן פֿון ביטערן מזל. דאָס לעבן ווײַזט דאָך, אַז בײַ מענטשן ווי בײַ פֿעלקער בײַטן זיך גליק און אומגליק מיט זייערע העלדן — — —

די פֿאָלקס־חכמה, אויסגעדריקט פֿון פֿאָלקס־לצים, איז בײַ איר גאַנצער פּרימיטיווקייט אַ צושטײַער פֿאַר ייִדישער ליטעראַטור פֿון קינסטלערישן שווונג און ראַפֿינירטע אינטעלעקטועלע פּראָזשעקציעס, ווי אין פֿאָלקסטימלעכן געיעג נאָך פֿרײלעכער פֿאַרווײַלונג.

שמואל ראָזשאַנסקי

פֿאָלקלאָר

# צעשמייכלטע שפּריכווערטער

די אויגן זײַנען גרעסער ווי דער מאָגן.

*

מען עסט נישט מיט צוויי לעפֿל.

*

אויך משה רבינו האָט נישט געקענט מיט די ייִדן אויסקומען.

*

קליינע קינדער לאָזן ניט שלאָפֿן, גרויסע קינדער לאָזן נישט לעבן.

*

דעם קלוגן העלפֿט אַ וואָרט — דעם נאַר העלפֿט אַפֿילו אַ בײַטש אויך נישט.

*

ס׳קען נישט ווערן 10, ווען ס׳איז קיין 1 נישטאָ.

*

מיט תּורה ווערט מען אין ערגעץ נישט פֿאַרפֿאַלן.

*

איין מאַמע קען צען קינדער אויסהאַלטן, אָבער ניט צען קינדער איין מאַמע.

*

פֿאַר געלט קריגט מען אַלץ, נאָר נישט טאַטע־מאַמע.

*

פֿרעג אַן עצה דעם שׂונא און טו — פֿאַרקערט!

*

ווער עס שמייכלט, איז אַ פֿײַנד; ווער עס שטראָפֿט, איז אַ פֿרײַנד.

*

אַן אַלטער פֿרײַנד איז בעסער ווי נײַע צוויי.

*

יענעם דאַכט זיך, אַז בײַ מיר לאַכט זיך.

*

אַן פֿײַער איז קיין רויך נישטאָ.

*

קרעפּלעך ווערן אויך נמאס.

*

אַ פּוילער שליח געפֿינט אַלע תּירוצים.

*

מען קען בײַם ברעג אויך דערטרונקען ווערן.

*

פֿון אַ ביסל און אַ ביסל ווערט אַ פֿולע שיסל.

*

אַז מען עסט נישט קיין קנאָבל, שטינקט נישט פֿון מויל.

*

ווי אַזוי די מתים עסן, אַזאַ פּנים האָבן זיי.

*

אויך אין אַ שיינעם עפּל געפֿינט מען אַ מאָל אַ וואָרעם.

*

אַן עם־הארץ טאָר נישט הויך דאַווענען.

*

נישט יעדן פּורים טרעפֿט אַ נס.

*

אַז מ׳גלעט אַ קאַץ, פֿאַררײַסט זי דעם וויידל.

*

נישט איטלעך הארץ וואָס לאַכט איז פֿריילעך.

*

תּכריכים מאַכט מען אָן קעשענעס.

*

אין פֿריידן איז אַ יאָר אַ טאָג, אין ליידן איז אַ טאָג אַ יאָר.

*

נײַן רבנים קענען קיין מנין נישט מאַכן, אָבער צען שוסטערס — יאָ.

א. ב. גאָטלאָבער

## די אַסיפה

אַן אַלטע מעשה, נאָר שפּאָגל נײַ!

עס איז באַקאַנט פון אַלטער צײַט,
אַז נגידים און אָרעמע לײַט,
וואָס געפינען זיך תמיד צווישן ייִדן,
זײַנען איינס פון עם אַנדערן ניט צופרידן.
אַ ייִד קען זיך פאַר אַ ייִד ניט בוקן,
פאַר זײַן אייגענעם ברודער בייגן דעם רוקן:

„איך מעג זײַן אָרעם און דו רײַך,
פון דעסט וועגן זײַנען מירביידע גלײַך;
און אפשר האָב איך גאָר אַ טײַערע נשמה,
און דו ביסט גאָר אין גאַנצן אַ טמא —
עס פאַרדריסט דיך אַפילו, מעגסט זיך קראַצן,
אַ ייִדישע נשמה קען מען דאָך ניט שאַצן".

אַזוי אָ רעדט זיך אײַן דער אָרעמאַן פון אַלטע צײַטן
און דעם נגיד שטעכט עס אין די זײַטן:
„דו, קבצן — טראַכט ער זיך — איז דאָס עפּעס אַ תירוץ?
פאַר וואָס זאָלסטו ניט האָבן פאַר מיר דרך־ארץ?
תרבות, שייגעץ! איך האָב דאָך די מטבע,
ווי קומסטו, עזות־פנים, צו זאָגן אַ דעה?"

די מחלוקת איז אַזוי ווײַט געקומען,
אַז די נגידים האָבן זיך צונויפגענומען

און האָבן זיך געמאַכט איין האַנט, איין ראָט,
אַרויסצוטרײַבן די אָרעמע לײַט פֿון שטאָט.
„וואָס טויגן אונדז די קבצנים, מיר ווילן זיי ניט זען,
צו אַלדי שוואַרצע יאָר זאָלן זיי זיך גיין!“

— יאָ, — רופֿט זיך אָן ר׳ יאַנקל דער רײַכער —
אַוודאי וואָלט אָן אָרעמע לײַט געווען גלײַכער;
עס פֿירט זיך אָבער אַזוי ניט אין דער וועלט.
פֿאַרגעסט ניט, מיר האָבן טאַקע אַ טאַקסע[1]. זי
קאָסט אונדז געלט.

מילא, דאָס פֿלייש קענען מיר אַליין עסן,
איר מוזט דאָך אָבער ניט פֿאַרגעסן —
ווען וועלן מיר פֿאַרקויפֿן די ביינער,
אַז פֿון אָרעמע לײַט וועט ניט זײַן קיינער?
ווער וועט צאָלן פּאָדאַט, סוויעטשנאָי סבאָר[2] ?
און וואָס וועלן מיר טאָן, אַז עס קומט אַ נאַבאָר[3] ?
אויך פֿאַרגעסט ניט: פֿון זייערע הענט
רײַסן מיר כשרע הונדערט פּראָצענט —
צינד[4] פֿאַרשטייט איר, וואָס באַטײַט
אַרויסצוטרײַבן די אָרעמע לײַט?
קלאַפּן, שלאָגן, ברעכן די ביינער,
מהיכי־תּיתא, דאָס ווערט[5] אײַך קיינער —
נאָר אַרויסטרײַבן? היט אײַך ווי פֿאַר פֿײַער,
אַזאַ מעשׂה וועט אײַך קאָסטן טײַער“!

עס איז געבליבן דאָס ניט צו פֿאַרלאַנגען,
און די נגידים זײַנען זיך צעגאַנגען.

[1] קהילה־קאַסע פון שטײַערן אויף כשר פלייש וכ׳. — [2] ליכטאָפּצאָל. — [3] נעמען רעקרוטן. — [4] איצטער. — [5] פאַרווערט, פאַרביט.

עס איז אַוועקגעגאַנגען אַ צײַט,
זײַנען געוואָר־געוואָרן די אָרעמע לײַט,
וואָס די נגידים האָבן געוואָלט מאַכן,
זיי האָט שטאַרק פֿאַרדראָסן אַזעלכע זאַכן:

„וואָס האָבן די נגידים אונדז אַ דעה צו זאָגן,
אַז אויף אונדזערע פּלייצעס מוזן מיר אַלץ טראָגן!
זיי אונדז אַרויסטרײַבן? אַ שיינער משׂא־ומתּן!
מיר צאָלן פּאָדאָט, מיר האַלטן סאָלדאָטן,
מיר לײַדן תּמיד אַלע פּריזשימקעס [6],
אונדזערע בעבעכעס שלעפּט מען פֿאַר ניעדאָימקעס [7],
מיר זאָלן זיך ברענען, מיר זאָלן זיך בראָטן,
אונדזערע קינדער נעמט מען פֿאַר רעקראָטן [8],
און פֿון די נגידים האָבן מיר עפּעס אַ סך?
וואָס קומט אונדז אַרויס, וואָס זיי זײַנען ראַך [9]?
דעריבער מוז טאַקע צווישן אונדז בלײַבן,
אַז די נגידים זאָל מען אַרויסטרײַבן״.

„ניין! — רופֿט זיך אָן איין אָרעמאַן, אַ געניטער,
ניין, רבותים, דער פּלאַן איז ניט קיין גוטער;
די נגידים קומען צו נוץ, איר זאָלט ניט לאַכן,
ווען ניט זיי — ווער וועט אַ רייסטער מאַכן?
ווער וועט געבן עצות, מאַכן תּקנות?
שטעלן זעקיצעס [10], נעמען משכּנות?
ווער וועט האָבן רחמנות
אויף יתומים און אלמנות,
זיי צו ווײַזן אַ שטייגער פּרנסה אַ גרינגע,
צו גיין אין די הייזער און שטאַרבן פֿאַר הונגער?

---

[6] אויספּרעסן שטײַערן מיט געוואַלט. — [7] שטײַער־חובות. — [8] רעקרוטן.
— [9] רײַך. — [10] עקזעקוציעס.

און אַז עס וועט אויף ייִדן, חלילה, קומען רדיפֿות
ווער וועט זיך סטאַרען? ווער וועט מאַכן אַסיפֿות?
דרינען שטעקט אַ חכמה אַ טיפֿע,
נאָר נגידים קענען מאַכן אַן אַסיפֿה.
אַן אַסיפֿה! איר ווייסט ניט, וואָס דאָס באַטײַט,
ווײַל צו אַסיפֿות לאָזט מען ניט אַרײַן אָרעמע לײַט;
בײַ דער אַסיפֿה פֿאַרשליסט מען די טירן,
נאָר נגידים פֿאַרשטייען דאָס רעדל צו פֿירן,
און אַז מע מאַכט אַ מאָל אַ קבצן דאָס גליק,
ער זאָל זיצן בײַ דער אַסיפֿה אַן אויגנבליק,
לאָזט מען אים אַרײַן נאָר מיט דעם תּנאַי,
ער זאָל ניט זאָגן קיין דעה דערבײַ.
ער מעג זיך טראַכטן וואָס ער וויל,
נאָר ניט גערעדט: שאַ, שווײַג שטיל!
ער מעג אַפֿילו זײַן דער רבֿ אַליין,
מוז ער האַלטן די צונג צווישן די ציין.
דאַרויס [11], ליבע לײַט, קענט איר פֿאַרשטיין,
אַז אָן נגידים קענען מיר זיך ניט באַגיין.
די אַסיפֿה זאָל אײַך תּמיד שטיין פֿאַר די אויגן,
וועט איר וויסן, צו וואָס די נגידים טויגן.
דעריבער מוזן טאַקע די נגידים בלײַבן
און מע טאָר זיי בשום אופֿן ניט אַרויסטרײַבן".

*

אַזוי איז במוסכּם כּולם געבליבן,
מע האָט די תּקנה אין פּנקס פֿאַרשריבן:
„חיות, אַזוי פֿון ימים ושנים
זײַנען דאָ בײַ ייִדן נגידים און קבצנים,

---

[11] דעריבער.

מוז מען דאָך וויסן צו וואָס איטלעכער ניצט,
פֿאַרשרײַבן מיר עס אין פּנקס איצט
צום רײַסן, צום בײַסן, קלאַפּן, שלאָגן
און אַלערליי צרות אַריבערצוטראָגן
דאַרף מען אָרעמע לײַט אויפֿשטעלן די פּלייצעס,
און די נגידים — ניצן אויף אַסיפֿות און עצות,
מיר מוזן זיי נאָכזאָגן דעם שבֿח אָן חניפֿה:
זיי מאַכן אויסגעצייכנט אַן אַסיפֿה!" —

עס איז אַפֿילו ניט נייטיק זיך צו חתמענען דערבײַ,
נאָר לאָז זײַן: א יי נ ס. צ וו יי, ד ר ײַ.

ש. פרוג

## מיט וואָס איך באַשעפֿטיק זיך...

מיט וואָס באַשעפֿטיק איך זיך? — עט,
אַ שאַלה, כ׳לעבן... קלוג גערעדט!
פֿרעגט בעסער: מיט וואָס ניט?...
בײַ מיר אין קרעמל קאָכט און זידט —
אַ האַנדל אַ יאַריד!...
בײַ מיר באַקומט איר מעל און באָב,
אַ לולבֿ און אַ טשאַלנטטאָפּ,
אַ פֿאָן אויף שׂמחת־תּורה
און אַלץ די בעסטע סחורה.

דער קאָפּ פֿאַרדרייט...
איך בלײַב אָן הענט...
דער האַנדל גייט,
דער האַנדל ברענט.

מיט פּעך,
מיט בלעך,
מיט האָלץ, מיט גלאָז,
מיט פֿויגלמילך, מיט יקנה״ז [1],
מיט טשוועקעס, מיט קמיעות,
וואָס העלפֿן באַלד צו וואָס איר ווילט,
סײַ אָפּגעבריט און סײַ פֿאַרקילט —
איך שווער בײַ באָרד און פּיאות...

וואָס ווילט איר נאָך? אויך האַנדל איך
מיט בשׂמים, מיט חליצה־שיך [2],
מחזורים און סידורים,
און גראַגערס אויף פּורים,
מיט זאַלץ,
מיט שמאַלץ,
מיט ווינט, מיט רויך
און מיט אתרוגים אויך.
מיט ווײַן,
מיט לײַן,
מיט לאַקס,
מיט פֿלאַקס,
מיט אַלע מינים תּבֿואות,
מיט פֿרישע גרינס אויף שבֿועות.

בײַ מיר באַקומט איר עסיק, טיי,
טליתים קטנים אַלערליי,

---

[1] (ראשי־תיבות) ײַו, קידוש, נר, הבדלה, זמן, דער סימן פֿון די ברכות אין יום־טובדיקן קידוש, וואָס פֿאַלט־אויס מוצאי־שבת. אַן אָפּטער נאָמען אין דער ייִדי׳ ליטעראַטור. — [2] שוך פֿאַרן צערעמאָניאַל פֿון חליצה: פֿאַרן ברודער, וואָס דאַרף חתונה־האָבן מיט דער קינדערלאָזער שוועגערין, דער אַלמנה.

און זייף, און יאַרמלקעס, און היי,
און אויב איר ווילט הבֿדלות,
לאַנגע ווי דער גלות.

הכּלל — איך טאַפּ,
און זוך, און כאַפּ,
און דרעש, און מאָל,
און פּרוּוו, און קלײַב,
און שטאַרב דרײַ מאָל
מיט קינד און ווײַב,
און קרענק, און פּלאָג,
אין נויט און קלאָג,
פֿאַר הונגער יעדן טאָג!..

א. ב. גאָטלאָבער

## אַ חבֿרה־מאַן פֿון דער חבֿרה־קדישא

דערציילט ווי אַזוי ער האָט אַליין געזען אַ טויטע נשמה און זי האָט אַלץ פֿון קבֿר אַרויסגעגעבן וואָר זי איז

איך בין שוין כּמה יאָרן אַ חבֿרה־מאַן פֿון דער חבֿרה־קדישא. ווי דער שטייגער איז, בין איך פֿריִער געווען אַ מאָלאָדשע [1] און מײַן עסק איז געווען צו זיצן בײַ קראַנקע, אָפֿט מאָל בײַ יציאת־נשמה, דעריבער בין איך אַ גרויסער מבֿין אויף גסיסה. און אַז איך לייג אַ פֿעדער אויף דער נאָז און זי רירט זיך ניט, די נאָז מיין איך, נאָר די פֿעדער, ווייס איך געוויס, אַז דער קראַנקער איז געשטאָרבן, און איך טו אים זײַן רעכט און באַגראָב אים.

---

[1] אַ קלענערער, אַ געהילף, אויף דער לער.

גלייבט מיר, אַז עס איז שקר וכזב, וואָס די הײַנטיקע אויפֿגעקלערטע האָבן אָפּגעקלערט, אַז מען באַגראָבט ייִדן פֿאַר דער צײַט — שקר! מען באַגראָבט קיין ייִדן ניט צו פֿרי. גלייבט מיר, די פֿעדער איז דער בעסטער סימן. אַז די פֿעדער רירט זיך ניט, פֿאַר וואָס זאָל מען ניט באַגראָבן? אַוודאי, ווען די פֿעדער זאָל זיך נאָר אַ ריר טאָן, וואָלט מען זיך שוין ניט געאײַלט אַזוי גיך צו באַגראָבן. אונדזערע אָבֿות־אַבֿותינו זײַנען, כ׳לעבן, ניט משוגע געווען, וואָס עס פֿלעגט זיך בײַ זיי אַ מאָל טרעפֿן, אַז מע האָט אַ מת דערלאַנגט אַ פּאַטש פֿון דער האַנט. עס פֿאַרשטייט זיך, אַז מען האָט אים פֿריִער מחילה געבעטן, ווען ער האָט זיך גערירט נאָך דעם טויט. וואָרעם ממה־נפֿשך: ביסטו אַ מת, וואָס־זשע רירסטו דיך? גיי דיר אין דײַן רו אַרײַן. אײַ, וואָס, טאָמער איז ער גאָר ניט געשטאָרבן? שקר! דאָס קען ניט זײַן. מען האָט אים געלייגט אַ פֿעדער אויף דער נאָז. אלא, וואָס דען, איז דאָך עס אַ ניט־גוטער, אַ רוח הטומאה, אַ רחמנא־ליצלן! טאָ, נאַ־זשע דיר אַ פּאַטש און גיי!...

נאָר איך בין דערויף ניט אויסן. איך וויל אײַך דערציילן אַ מעשׂה, וואָס האָט זיך מיט מיר אַליין פֿאַרלאָפֿן, אַז איך בין נאָך געווען אַ מאָלאָדשע. נאָר פֿריִער מוזט איר וויסן, אַז איך בין ניט עפּעס אַ ייִדלאַק, וואָס דאַכט זיך אים, אַז אַ קו איז געפֿלויגן איבערן דאַך. אַזוי ווי איר זעט מיך, גאָר אַ פּראָסטער ייִד, גלייב איך ניט אין אַלע נאַרישקייטן. איך האָב קיין מורא ניט בײַ נאַכט אַליין אַרויסצוגיין. כאָטש עס טרעפֿן זיך טאַקע מעשׂיות — נאָר איך האָב פֿאָרט קיין מורא ניט. עס האָט זיך מיר שוין אַ מאָל געטראָפֿן צו שלאָפֿן אין אַ שטוב, וואָס עס איז דאָרט קיין מזוזה ניט געווען, פֿון דעסט וועגן בין איך געשלאָפֿן רויִק, גאָר אָן פּחד — איך האָב פּראָווודע [2] די ציצית געלייגט צוקאָפּנס. איך בין שוין אַ מאָל בײַ נאַכט געווען אין אַ מיל, מאָלט אײַך, ניט איינער אַליין

---

[2] וואָס אמת איז.

— און דער מילנער איז דווקא געווען אַ כּישופמאַכער — און איך האָב זיך גאָר ניט געשראָקן. עס פאַרשטייט זיך, אַז נעכטיקן האָב איך דאָרט ניט געוואָלט פאַר אַ מיליאָן, וואָרעם נעכטיקן אין אַ מיל מוז מען דאָך שוין זײַן טאַקע אַ הפקר־מענטש. מילא, איך זאָג דאָס אַקעגן דעם, איך וועל אײַך ניט פאַרזאָגן קיין פּזמון, אַז איך זאָג אײַך אַן אמתע מעשה, מעגט איר מיר גלייבן.

די מעשה איז אַזוי געווען.

איך האָב אַמאָל באַגראָבן אַ מת און האָב מיך אַ ביסל אויפגעהאַלטן אויפן בית־עלמין פאַרזאַמט. איך האָב דאָרטן געדאַרפט אַן אַנדער מת צוימען און אַ מצבה שטעלן; דערבײַ האָב איך, ווי דער שטייגער איז, אין אוהל אַ פּאָר טרונק בראָנפן געטאָן און פאַרביסן מיט אַ רעטשן קיכל, האָב אַ ביסל מענה־לשון [3] געזאָגט און בין מיר, ווי מײַן טבע איז, פריילעך אַהיים געגאַנגען. גייענדיק אויפן וועג, בין איך פאַרבײַגעגאַנגען פאַר דער שטוב, וווּ דער ייד איז געשטאָרבן, וואָס איך האָב אים מיט אַ פּאָר שעה פריִער באַגראָבן. ווי דער מנהג ישׂראל איז, האָט שוין אויפן פענצטער געברענט אַ ליכט. דערבײַ איז געשטאַנען אַ גלאָז וואַסער און אַ שטיקל לײַוונט, כּלומרשט אַ האַנטעך איז דערבײַ געהאַנגען. איך טו אַ קוק — די נשמה שטייט און וואַשט זיך און ווישט זיך אָפּ. קיין בעל־פּחדן בין איך ניט, גיי איך מיר אַזוי צו צום פענצטער און טו די נשמה אַ פרעג: „שוין אַזוי גיך? דו ביסט פריִער געקומען ווי איך... נאָר דאָס איז אַפילו קיין חידוש ניט. אַ מת שוועבט. געלויבט איז השם־יתברך, וואָס מיר זעען זיך ווידער. אַ סימן, אַז דו ביסט שוין דײַן פּעקל איבערגעקומען און דער מלאך־דומה [4] האָט דיך שוין פון די לאַפּקעס אַרויסגעלאָזט. אַוודאי האַלט איך עס מיר פאַר אַ גרויסע זכיה, וואָרעם אַ מת זען מוז מען אַ גרויסע זכיה האָבן! איך האָב געהערט דערציילן, אַז פאַר צײַטן האָבן

[3] משלי טו, א) תחינות בײַ קברים. (מעטאַפאָריש) אַ צעלאָזענע צונג. —

[4] (ברכות יח) דער מלאך וואָס האָט צו זאָגן איבער די קברים.

גרויסע צדיקים געזען מתים, וואָס פּלעגן קומען צו זיי נאָך תּיקון[5]. הײַנטיקע צײַטן, זינט חסידים האָבן אָנגעהויבן טרינקען תּיקון אין בית־המדרש און אין אַלע קלײַזלעך, האָבן שוין אַלע מתים אַ תּיקון געהאַט, און ווײַזן זיך שוין ניט צום רבין. דעריבער זעען די הײַנטיקע גוטע־ייִדן נאָר אַ רוח, קיין מתים זעען זיי שוין ניט. בפּרט איך, גאָר אַ פּראָסטער מענטש. דאַרף איך עס אַוודאי האַלטן פֿאַר אַ גרויסע זכיה אַ מת צו זען. נאָר אַז השם־יתברך האָט מיך יאָ מזכּה געווען אַ מת צו זען, וויל איך זיך פּרעגן, מת־לעבן, זאָלסט מיר זאָגן דעם אמת, אויב עס האָט עפּעס אַ ממשות וואָס די אויפּגעקלערטע לײַט זאָגן, אַז עס טרעפּט זיך בײַ ייִדן, ווײַל זיי זײַנען גיך מקבר, אַז מע באַגראָבט אַ מאָל, חס־ושלום, אַ לעבעדיקן מענטשן? אָט האָב איך דיך אויך גיך באַגראָבן, ביסט נאָך אַפּילו וואַרעם געווען, אַיאָ, איך האָב דיך ניט לעבעדיק באַגראָבן?

— באַ! — זאָגט די נשמה — אַז מתים זאָלן מעגן אויסזאָגן פֿונעם חדר, וואָלט מען אַ סך זאַכן געוווּיר געוואָרן, וואָס מען ווייסט ניט. נאָר ווייסטו דען ניט, אַז מתים שווײַגן? אויב דו האָסט מיך באַגראָבן טויטערהייט אָדער לעבעדיקערהייט, מעגסטו זיכער זײַן, אַז עס וועט בלײַבן אַ סוד, קיינער וועט עס ניט וויסן. ניט איטלעכער האָט אַ זכיה ווי דו מיט מתים צו ריידן, און פֿאַר דיר איז גלײַכער זאָלסט זיך ניט אָנפּרעגן. איך האָב אויך מתים באַגראָבן און עס האָט זיך אויף מיר קיינער ניט געקלאָגט. גלייב מיר, איך האָב אַ גרעסערן בית־עלמין געמאַכט ווי דער, וואָס דו באַגראָבסט דאָרט די מתים, וואָרעם אַ דאָקטער באַגראָבט מער  ווי אַ חבֿרה־שמש.

— אַ דאָקטער! — זאָג איך מיט גרויס פֿאַרוווּנדערונג און האָב מיך אַ כאַפּ געטאָן צום היטל — ווי הייסט? דו ביסט דען אַ דאָקטער געווען? — דו האָסט זיך דאָך גאָר מיט פּאָדריאַדלעך

[5] סודה נא) אויסבעסערונג פון דעם מענטשנס נשמה, אַזוי בײַם לעבן, ווי נאָכן טויט.

אָפּגעגעבן, אַ סימן וועל איך דיר זאָגן, אַז דו ליגס אַפּילו אין פּרעמדע תּכריכים. האָב אויף מיר קיין פּאַראיבל ניט, וואָס איך זאָג דיר דאָס, איך וויל דיר נאָר דערמאָנען, ווײַל איך האָב מורא, אויב דו גייסט ניט אַרום אויפֿן עולם־התּוהו.

— דערפֿאַר האָב קיין מורא ניט! — ענטפֿערט מיר די נשמה — איך בין אויפֿן עולם־האמת, ניט אויפֿן עולם־התּוהו. און מיט די פּרעמדע תּכריכים האָב איך מיך אויף אונדזער בית־עלמין ניט צו שעמען, וואָרעם ווען דו זאָלסט וויסן, וואָס איך ווייס, וואָלטסטו געוווּסט, אַז אַ סך פֿון די, וואָס עס שטייט אויף זייערע מצבֿות אָנגעשריבן „פּה נטמן הגבֿיר המפֿורסם״ און נאָך אַזעלכע טיטלען, און אָס בײַ זייערע ווײַבער און קינדער איז איבערגעבליבן אַ סך טויזנטער ירושה, ליגן זיי, נעבעך, אין פּרעמדע תּכריכים. אויף מײַנע רייד, וואָס איך האָב דיר געזאָגט, אַז איך בין געווען אַ דאָק־טער, דאַרף דיר אויך גאָר נישט קשה זײַן. איך רייד ניט פֿונעם וועג, איך בין טאַקע געווען אַ דאָקטער, נאָר ניט אין דעם גוף, וואָס דו האָסט ניט לאַנג באַגראָבן! עס איז שוין דערינען זייער לאַנג. פֿון יענעם גוף איז קיין שטויב אויך ניט געבליבן. ניט אַ דאָקטער אַליין בין איך געווען. איך בין אַ סך מאָל מגולגל [6] גע־וואָרן, און אַלע מאָל בין איך עפּעס אַנדערש געווען.

די קשיא פֿון דאָקטער איז מיר פֿאַרענטפֿערט געוואָרן, נאָר פֿון דעסט וועגן האָב איך דעם מת אַ פֿרעג געטאָן: „מילא, אַז דו ביסט ווידער אַ דאָקטער געווען, איז דאָך ווידער קיין חידוש ניט, וואָס סתּם מתים האָבן זיך אויף דיר ניט געהאַט וואָס צו קלאָגן — אַ דאָקטער באַגראָבט דאָך אַוודאי ניט לעבעדיקערהייט!״ . . .

— אויף דעם — זאָגט די נשמה — האָב איך דיר צוויי תּי־רוצים צו ענטפֿערן: ערשטנס, ווער זאָגט עס דיר, אַז איך מיין, זיי האָבן זיך אויף מיר געהאַט צו קלאָגן, וואָס איך באַגראָב זיי לע־

---

[6] פֿאַרוואַנדלט געוואָרן, אַריבער (אין . . .).

בעדיקערהייט? אַדרבה — אויף מיר האָבן זיי צו קלאָגן געהאַט, וואָס איך מאַך זיי טויט פֿאַר דער צײַט; צווייטנס, מוזסטו וויסן, אַז אינעם לעבעדיקן באַגראָבן האָט אויך דער דאָקטער אַ חלק, וואָרעם אָן זײַן קוויטל באַגראָבט מען ניט.

— פֿאַר וואָס דען, מײַנסטו, — ענטפֿערט די נשמה — רופֿט מען אַ דאָקטער אויך רבי? ווײַל ער טוט דאָס אייגענע וואָס דער רבֿ, און דער רבֿ דאָס וואָס ער. נאָר האָדיע[7] שוין דערפֿון שמועסן, דו האָסט שוין בײַ מיר אַ האַלבן מיטאָג אויסגענאַרט. דו ביסט שוין כּמעט געוווּיר געוואָרן דאָס, וואָס איך האָב דיר ניט געוואָלט אויסזאָגן. אַצינד לאָמיר אויפֿהערן דערפֿון צו ריידן. און דו, מײַן ליבער חבֿרה־מאַן, הער־אויף איבערצופֿרעגן, פֿאַרגעס דיך ניט, אַ דו רעדסט מיט אַ גילגול!

בײַ די ווערטער האָט די נשמה אויף מיר עפּעס ווי אַ בייזן קוק געטאָן און איך האָב מיך טאַקע אַ ביסל דערשראָקן. פֿאַר אַ פּראָסטער נשמה האָב איך קיין מורא נישט געהאַט, נאָר אַ גילגול — דאָס איז שוין אַן אַנדער זאַך. אַ גילגול איז ניט קיין קאַטאָוועס. פֿאַר אַ גילגול דאַרף מען זיך היטן. דאָס איז שוין, רחמנא־ליצלן, אַ מין דיבוק! נאָר איך האָב מיך ווידער מײַשבֿ געווען, אַז עס איז זײַן ליבן נאָמענס ווילן, איך זאָל ריידן מיט אַ גילגול, מן הסתּם דאַרף איך דאָך פֿון אים עפּעס געוווּיר ווערן, כּדי איך זאָל מודיע זײַן די צדיקים, זיי זאָלן אים מתקן זײַן. איך האָב מיר געמאַכט קוראַזש און האָב די נשמה אַ פֿרעג געטאָן: „האָסטו ניט אפֿשר חשק, מײַן ליבע נשמה, מיר צו דערציילן, וואָס האָט זיך מיר דיר פּאַסירט זינט דו גייסט־אַרום אויף דער וועלט? אפֿשר וועל איך דיר קענען אַ טובֿה טאָן, איך וועל נאָך דיר משניות לערנען; איך קען אַפֿילו קנאַפּ, נאָר ניט ערגער פֿון אַלע וואָס לערנען משניות נאָך אַ מת. דערצו וועל איך מודיע זײַן אינעם קלײַזל, וועט מען טרינקען תּיקון אַלע טאָג פֿון דײַנעטוועגן".

---

[7] אַ סוף, זאָל זײַן גענוג!

— דאָס איז אַלצדינג ניט נייטיק! — ענטפֿערט די נשמה — אײַער משניות קנאַרכן[8], אַן עבֿרי, אַן טײַטש, העלפֿט פּונקט ווי אַ מת באַנקעס... און מיט דעם תּיקון מאַכט איר נאָך קאַליע. איך דאַרף, ברוך־השם, אײַער לאַסקע[9] ניט, איך בין שוין מײַנס אָפּגע־קומען, און דער גוף, וואָס דו האָסט באַגראָבן, איז שוין מײַן לעצ־טער גילגול געווען — איך וועל שוין מער ניט מגולגל ווערן. נאָר פֿון דעסט וועגן וועל איך דיר צוליב טאָן און וועל דיר דערציילן, וואָס האָט זיך מיט מיר איבערגעטאָן אין אַלע גילגולים, כּדי דו זאָלסט עס אויפֿשרײַבן און מענטשן זאָלן עס לייענען, טאָמער וועט זיך עמעצער אַ מוסר אַרויסנעמען און עס וועט אים אַ טובֿה אַרויס־קומען. נאָר איידער איך הייב־אָן צו דערציילן, מוז איך דיר פֿריִער דערמאָנען, אַז איך דערצייל דיר דאָ זאַכן, וואָס זײַנען שוין זייער לאַנג געשען, וואָרעם פֿאַרגעס ניט, אַז אין דעם גוף, וואָס דו האָסט ערשט באַגראָבן, בין איך שוין געווען קרובֿ צו זיבעציק יאָר. דעריבער, ווען עס וועלן אין מײַנע דערציילונגען פֿאָרקומען זאַכן, וואָס אַזאַ גלײַכן טרעפֿט זיך אפֿשר הײַנטיקע צײַטן אויך, זאָל קיינער ניט מיינען, אַז דאָס גייט אויף אים. עס קען זײַן, אַז ער איז פּונקט אַזוי ווי איך בין געווען אין דעם אָדער אין דעם גילגול, וואָרעם וואָס בין איך דען ניט געווען? נאָר עס איז פֿאָרט ניט דאָס, ווײַל מײַנע גילגולים זײַנען שוין לאַנג געווען. אַצינד הער־צו, איך הייב שוין אָן צו דערציילן:

אַז איך האָב געדאַרפֿט דאָס ערשטע מאָל אַ מענטש געבוירן ווערן, זײַנען מײַנע עלטערן פֿריִער אַ לאַנגע צײַט בעזדיטעניקעס[10] געווען. מענטשן האָבן זיי אָנגעהויבן צו זאָגן: „וואָס שווײַגט איר? פֿאָרט צו גוטע־ייִדן! ווער דען וועט אײַך העלפֿן? בײַ זיי איז דאָך דער שליסל פֿון קינדער!”... מײַן טאַטע האָט אָבער פֿון גוטע־ייִדן ניט געהאַלטן און האָט געגלויבט, אַז נאָר בײַ גאָט אַליין איז דער רעכטער שליסל, און ווען עס טרעפֿט זיך טאַקע אַ מאָל, אַז אַ רבי

[8] זופֿן. — [9] טובֿה, געפֿעליקייט. — [10] קינדערלאָזע.

העלפֿט צו קינדער, איז עס נאָר מיט אַ נאָכשליסל. דעריבער האָט ער ניט געוואָלט פֿאָרן צו קיין רבין. נאָר אַ ייִדענע איז דאָך ניט קיין מאַנספּערזאָן! די מאַמע האָט צוגעהערט מענטשן, האָט זיך אָנגעהויבן פּאָרען [11] מיט גוטע־ייִדן אונטער דעם טאַטנס וויסן! און איז צו אַלע געפֿאָרן. ביז עס איז איר בײַ איינעם געראָטן: ער האָט אַ סך תּפֿילות פֿאַרבראַכט און נאָך פּעולות געטאָן, און האָט מײַן נשמה אַראָפּגעבראַכט פֿון דעם עולם הנגינה [10] אין אַ גוף, אין מײַן מוטערס בויך אַרײַן. מײַן מאַמע איז אויס בעזדיעטניטשקע און איז צו מזל מעוברת געוואָרן. דער טאַטע האָט געמיינט, אַז גאָט האָט אים באַגליקט אויף דער עלטער, אָן אמונה אין גוטע־ייִדן. אָבער די מאַמע האָט געוווּסט דעם אמת, אַז זי איז געהאָלפֿן געוואָרן אין זכות פֿון צדיקים.

מאָריס ראָזענפעלד

## מלקות שלאָגן

מיט אַ גלײַכגילטיקער תּנועה
שטייט דער שמש, זעט איר, קינדער,
אויף דעם רוקן פֿון די זינדער
ווי עס פּלאַטערט זײַן רצועה?
זעט איר, ווי ער ציילט זיי פּלײַסיק,
לויט דעם דין, די נײַן און דרײַסיק,
ווי ער וואַרפֿט אין זיי, ווי האַלקעס [1],
איינס אין איינס די הייסע מלקות?
שפּעטער וועט נאָך יעדער געבן
אים, דעם שמײַסער, ח״י צום לעבן

[11] פּאַרנעמען זיך. — [12] (על פּי קבלה) גאָר אַ הויכע מדרגה. —
[1] קניידלעך.

און אַוועקגיין שטיל, צופרידן —
אָט אַזוי, אָ, שמײַסט מען ייִדן!

ס׳דאַרף דער שמש זיך נישט רײַסן,
יעדער ברענגט אָן מי, אָן קלאָגן,
שטיל זײַן גופֿל זעלבסט צו טראָגן
און ער בעט זיך, מען זאָל שמײַסן.
און דער שמש איז קיין נאַר נישט,
שנײַדט די הויט און האָט קיין צער נישט,
דען געגרייטע קומען ווידער,
לייגן זיך אַליין אַנידער:
„שנײַדט די פֿעל, אָ, רײַסט די אירכע [2],
מיר באַצאָלן פֿאַר דײַן טרחה!"
רימענס בריִען די מערידן —
אָט אַזוי, אָ, שמײַסט מען ייִדן!

אויבן גליט דעם שמשס רימען,
אונטן וויינט זיך אין דער שטילע:
„גאָט, פֿאַרלענד אונדז נישט, חלילה,
האַלט דאָך אָפּ דײַן כּעס, דײַן גרימען [3]!
און מען בעט עס תּמיד יערלעך,
און עס ציילט דער שמש ערלעך,
און עס טריפֿט פֿון טרערן־לאָגל,
און עס פֿליִען שמיץ ווי האָגל,
און עס ווערן כּוחות קנאַפּער,
און עס וואַקסן פֿרומע קלאַפּער,
רימענס בריִען, טרערן זידן —
אָט אַזוי, אָ, שמײַסט מען ייִדן!

---

[2] הויט. — [3] צאָרענען.

שמר (נ. מ. שײַקעוויטש)

# דער קאָרטן־שפּילער

דאָס קאַפּיטל

## די געטרײַע מוטער

— געדענק, יענטע, וואָס איך זאָג דיר אָן — האָט ר׳ חיים בראָקמאַן געזאָגט צו זײַן ווײַב — הלוואַי זאָל איך ליגן זאָגן: דו וועסט פֿון דײַן תּכשיט לאָזערקע אַ מאָל האָבן אַזעלכע חרפּות און בושות, אַז דו וועסט אויף דער גאַס ניט קענען אַרויסגיין. ער שנײַדט זיך זייער אויף אַ שיינעם דרך, אַזאַ יאָר אויף מײַנע שׂונאים!

— זאָל דיר, איך בעט דיך, דער קאָפּ ניט וויי טאָן פֿאַר מײַן לאָזערקען! — האָט יענטע געענטפֿערט העכסט צאָרנדיק — אָט האָסטו דיר, ער האָט זיך פּלוצלינג פֿאַרדאגהט, וואָס דאָס קינד שנײַדט זיך אין אַ שלעכטן דרך. ער וועט נאָך, כ׳לעבן, זײַן אַזאַ שיינער ייִד ווי דו ביסט. זאָג מיר, דו אַלטער תּרח, וואָס האָסטו זיך אָנגעטשעפּעט אין דעם קינד און דו פֿאַרצאַפּסט אים, נעבעך, מיט מיר, אַזוי פֿיל בלוט? וואָס האָסטו געוואָלט: ער זאָל זיצן באַשטענדיק אין בית־מדרש און קוועטשן די באַנק?

— ווער פֿאַרלאַנג פֿון אים, ער זאָל קוועטשן די באַנק אין בית־מדרש? — האָט חיים מיט אַ ביטערער שטימע געזאָגט — איך וויל אים פֿאַר קיין למדן ניט מאַכן, ווײַל איך ווייס, אַז ער וועט צײַט ער לעבט גאָר נישט קענען און גאָר נישט וויסן. וואָרעם פֿון וואַנען זאָל ער עפּעס קענען, אַז פֿון שטענדיק אָן האָבן זײַנע מלמדים געדאַרפֿט מורא האָבן פֿאַר אים, ניט ער פֿאַר זיי. קוים האָט אַ מלמד אַרויפֿגעלייגט אויף לאָזערקען אַ פֿינגער, איז זײַן געטרײַע מאַמע געלאָפֿן און האָט אויסגעזעצט אַלע פֿענצטער בײַ דעם מלמד אָדער זי האָט אים די באָרד אויסגעריסן. נו, און מלאָכים לערנען ניט מיט אים, איאָ! ווי אַזוי זשע זאָל ער עפּעס קענען?

— איי, נאַ דיר אַ פּיאַטאַק [1] פֿאַר אַלע קענטעניש. דוכט זיך, מיט דיינע לעמעשקעוואַטע אויגן זעסטו, ווי אַלע גרויסע קענערס ליגן ביין איילן אין דר׳ערד, און אַלע לומדים גייען איבער די הייזער אָדער זיי שטאַרבן אַזוי פֿאַר הונגער. מ׳דאַרף קיין זאַך ניט קענען. מ׳דאַרף נאָר האָבן אַ שטיקעלע מזל, פֿאַרשפּאָרט מען אַלע זאַכן. מיין לאָזערקע וועט זיין, מירצעשעם, אַ סוחר און וועט זיך אויסלאַכן פֿון אַלע פּלאַסקעדריגעס [2] און פֿון אַלע געבאַלבעטע [3].

— אַ סוחר וועט ער זיין? — האָט חיים געזאָגט מיט אַ ביי־טער געלעכטער — יאָ, זעסטו, דאָס בין איך דיר מודה, אַז ער וועט זיין, אַ שיינער „סוחר“. ער וועט קענען מיט דעם איבערשטנס הילף אויסשניידן אַ קעשענע...

— אַ׳ז שניידן זאָל דיר אין בויך און אין די קישקעס! — האָט יענטע מיט ווילדן כּעס געשריען — גזל׳ן דו! וואָס ווילסטו פֿון אונדזערע יאָרן האָבן? ווי אַזוי קאָן דאָס אַ טאַטע עפּענען אַ מויל און ריידן אַזעלכע ווערטער?

— ניט איך רייד דאָס, נאָר מיינע צרות ריידן די ווערטער. דו ביסט בלינד און דו זעסט ניט, וואָס דיין בן־יחיד איז פֿאַר אַ סחורה? עס איז דאָך ניטאָ די נאַכט, וואָס ער גנבֿעט ניט אַרויס פֿון מיין קאַמאָדע צען, צוואַנציק רובל. ווי איך היט מיך פֿון אים, קאָן איך מיך דאָך ניט איינהיטן. און ווו טוט ער אַהין דאָס געלט? באַרעכן נאָר, געטריי מוטער. ער פֿאַרשפּילט זיי אין קאָרטן אָדער ער לאָזט זיי איבער אין שיינע הייזער... נו, קאָן מען שוין האָפֿן, אַז פֿון אים וועט זיין אַ מענטש? הײַנט, באַטראַכט נאָר, ווער זיינען זיינע חבֿרים: אַ באַנדע קאָרטן־שפּילערס, שיכּורים, הולטייעס, הפֿקר־יונגען, וואָס קיין אָרנטלעך קינד וויל זיך מיט זיי ניט באַ־געגענען. איאָ, ער שניידט זיך צו זיין זייער אַ שיינער סוחר?

— איך קאָן דאָך דיך ניט פֿון ערשט. דו ביסט דאָך דער

---

[1] פינף קאָפּיקעס. — [2] גרויסהאַלטערס. — [3] (חוזק) געלערנטע.

גאַנצער וועלט אַ שונא. עס איז דען דאָ איין מענטש אין דער וועלט, וואָס דו זאָלסט אים זיין אַ גוטער פריינד? אַלע זיינען ביי דיר הולטייעס, גנבים, קאָרטן־שפילערס, נאָר דו איינער ביסט דער ערלעכער מאַן. איך בעט דיך, חיים, מיט גוטן, דו זאָלסט זיך מיר פון לאָזערקען אָפּטשעפּען. אַ קליינינקייט, וואָס פאַר אַ חטא ער האָט אין אים געפונען! ער גנבעט געלט! נו, אַז ער נעמט אַ מאָל ביי דיר אַרויס עטלעכע קערבלעך, איז ער שוין אַ גנב? רעכט אויף דיר! ביי לייטן גיט אַ טאַטע דעם קינד אַליין געלט, ער זאָל האָבן אויף קליינע הוצאות. און דו פאַרגינסט דאָך אים אַפילו דאָס ברויט ניט, וואָס ער עסט. אַלע מיינע שונאים, וואָס ווינטשן מיר שלעכטס, זאָלן האָבן אַזעלכע טאַטעס ווי דו ביסט. און פאַר וואָס געפעלן דיר ניט אַזוי זיינע חברים? איך פאַרשטיי, דו ווילסט אַלץ, דיין זון זאָל אָדער זיצן פאַרשפאַרט און פאַרשלאָסן אונטער אַ שלאָס, זאָל גאָר אויף דער ווייסער וועלט ניט אַרויסגיין, אָדער ער זאָל זיך קאָמפּאַנירן מיט קלויניקעס[4], מיט פּליאַסקעדריגעס, וואָס קענען מיט אַ מענטשן קיין צוויי גלייכע ווערטער ניט אויס־ריידן. פע, שעמען מעגסטו זיך אין דיין פּנים! כ'לעבן, דאָס קינד איז אַ צדיק, וואָס ער שווייגט דיר. אַן אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט דיר געגעבן יעדן פּאַטש, אַז דו זאָלסט דאָס צווייטע מאָל מער קיין כּוח ניט האָבן צו פאַרצאַפּן אים אומזיסט זיין בלוט.

— וואַרט, וואַרט, יענטע, האָב צייט! — האָט חיים געלאַסן געזאָגט — דו וועסט נאָך דאָס אויך זוכה זיין: ניט נאָר מיר אַליין וועט ער געבן פּעטש. דו מעגסט, כ'לעבן, דיינע באַקן אויך אָנ־גרייטן צו מקבל זיין זיינע פּעטש. דו וועסט דערמאָנען מיינע ווער־טער. נאָר דעמאָלט וועט שוין זיין צו־שפּעט. דו וועסט שוין גאָר נישט קענען העלפן. ווו האָט מען דאָס געזען אין דער וועלט, אַז אַ בחור פון אַכצן יאָר זאָל נאָר גאַנצע טעג און גאַנצע נעכט זיך

[4] (חוזק) קלויזניקעס, בית־מדרש־בחורים.

אַרומשלעפּן, עלטערן זאָלן ניט וויסן, ווו ער דרייט זיך אַרום. נו, איך פֿרעג דיך אויף אַ טשיקאַוועס, זאָג מיר, ווו איז אַצינד דײַן טײַערער קדיש, דײַן לאָזערקע? איאָ, דו ווייסט ניט? נאָר איך וועל דיר זאָגן: ער זיצט ערגעץ מיט אַ קאָמפּאַניע שיכּורים און שפּילט אין קאָרטן. אַ שיינער תּכלית קאָן פֿון אים ווערן! דו קענסט טאַקע האָפֿן פֿון אים דאָס גרעסטע נחת האָבן...

— ער וועט אָבער די אַלע נאַרישקייטן אָוועקוואַרפֿן. זאָל ער נאָר חתונה האָבן, וועט ער צום שׂכל קומען און וועט זיך נעמען צום געשעפֿט.

— חתונה האָבן וועט ער? — האָט חיים מיט אַ פֿינצטערער מינע געזאָגט — ווער וועט מיט אים וועלן טאָן אַ שידוך? דו מיינסט, אַז אַ וועלט שלאָפֿט. מיר ווייסן נישט, וואָס פֿאַר אַ גאַר־נישט ער איז. האָב קיין מורא ניט, די וועלט ווייסט מער פֿון אונדז ביידן. און אויב עס וועט זיך שוין געפֿינען אַ נאַר, וואָס וועט וועלן מיט אים טאָן אַ שידוך, זאָג איך דיר בנאמנות, אַז מיר רײַסט שוין דאָס האַרץ אויף דער אומגליקלעכער כּלה, וואָס וועט אַרײַנ־פֿאַלן צו אַזאַ כּלבֿ אין די הענט אַרײַן. איך שטעל מיר פֿאָר, וואָס פֿאַר אַ ראָלע דאָס ווײַב וועט בײַ אים האָבן.

— איך וועל זיך אַ מעשׂה אָנטאָן פֿון דעם רוצח! — האָט יענטע אויסער זיך געשריִען — קײַלער דו! גזלן דו! וואָס ווילסטו פֿון מײַן לעבן האָבן?! נאַ, נעם אַ מעסער און שטעך מיך! נו, ביסטו שוין צופֿרידן?

— פֿאַר וואָס זאָל איך דיך שעכטן, נאַרוניע? דו לאָז מיר נאָר טאָן, וואָס איך וויל מיט דײַן בן־יחיד, וועל איך און דו פֿאַר־שפּאָרן צו האָבן אַזעלכע צרות. איך וועל אים מאַכן פֿאַר אַ מענטשן, זײַ זיכער.

— איך פֿאַרשטיי, דו ווילסט מײַן לאָזערקען יונגערהייט אין דער ערד פֿאַרטרײַבן און איך זאָל שטיין פֿון דער ווײַטנס און צו־

קוקן. אַזוי לאַנג קרענקסטו, אַזוי לאַנג ניכוועסטו[5], ווי לאַנג דו ווערסט זיך צו דעם קינד נישט צורירן. כּל־זמן איך לעב, וועל איך ניט דערלאָזן מײַן לאָזערקען באַרירן. דו הערסט? דו כּלבוניק[6]! און פּרווו מיך נישט פֿאָלגן, פּרווו אים מיט איין פֿינגער באַרירן, ווערט בלוט פֿאַרגאָסן ווערן! איין האָר ווערט ניט בלײַבן אין דײַן קאָלטענעוואַטער באָרד. דו הערסט, מחשמוניק[7]?

— שאַ, שאַ! איך וועל דײַן תּכשיט ניט טשעפּען. זאָל ער טאָן, וואָס ער וויל. טוט אײַך בײדע צען מיתות אָן! שלאָגט זיך בײדע קאָפּ אין דער וואַנט! — האָט חיים געענטפֿערט און איז אַרויסגע־לאָפֿן פֿון שטוב.

— לויף און צעברעך די פֿיס, אַלטער כּלבֿ! — האָט אים יענטע נאָכגעשריִען.

זי איז אַ היפּשע צײַט אַרומגעגאַנגען הין־און־צוריק, זייער צאָרנדיק. ענדלעך האָט איר פֿאַרצאָרנט געזיכט אַן אַנדער מינע אָנגענומען. די טיר האָט זיך געעפֿנט און ר׳ יעקל דער שדכן איז אַרײַנגעגאַנגען. ער האָט אַ קוש געטאָן די מזוזה און האָט געזאָגט אַ ברייטן גוט־מאָרגן.

— אַ גוט יאָר זאָל אײַך זײַן, ר׳ יעקל! — האָט יענטע פֿרײַנד־לעך געענטפֿערט — אַ גאַסט בנאמנות. שוין אַ שאָק מיט יאָרן, אַז איך האָב אײַך אין די אויגן נישט אָנגעזען.

— ווי זאָלט איר מיך, איך בעט אײַך, זען? — האָט יעקל לאַכנדיק געענטפֿערט — איר ווייסט דען נישט, אַז אַ שדכן מוז גאַנצע טעג און גאַנצע נעכט אַרומלויפֿן, ווי איך בעט איבער אײַער כּבֿוד, ווי אַ משוגענער הונט.

— וואָס לויפֿט איר דאָס אַזוי אַרום?

— וווהין זאָל איך לויפֿן? איר פֿאַרשטייט ניט, וווהין אַ שדכן לויפֿט? דאָ לויפֿט ער צו דעם מחותּן, דאָ צו יענעם מחותּן און דאָ

---

[5] חלשסטו. — [6] אַלץ איז (בײַ אים) רעכט. — [7] ימח־שמו.

לויפֿט ער פּשוט זוכן אַ קערבל ליַיען אויף שבת. איר ווייסט דען נישט וועגן דעם פֿאַרדינסט פֿון די שדכנים? אַז זיי לויפֿן זיך שוין גאָר גוט אָן, און פֿון ביידע צדדים איז שוין רעכט, עס איז שוין, ברוך־השם, אין אַלע פּרטים אויסגעגליַיכט, דעמאָלט ווערט ערשט פֿון דעם שידוך אַ תּל. כ׳לעבן, יענטוניאָ, איידער אַ שדכן צו זיַין איז שוין בעסער צו זיַין אַ גבֿיר.

— רעכט אויף איַיך! פֿאַר וואָס פֿירט איר מיַין לאָזערקען עפּעס אַ רעכטן שידוך ניט אויס, וואָלט איר דאָך ביַי מיר יאָ אַראָפּגעכאַפּט שיינע שדכנות־געלט.

— איר זאָגט דאָס, אַז איך זאָל אויספֿירן איַיער לאָזערקען אַ רעכטן שידוך? גלייבט מיר, יענטוניאָ, אַז וויפֿל איר ווילט, וויל איך נאָך מער, וואָרעם איר באַדאַרפֿט נאָך נאָר געבן, איַיער זון זאָל לעבן מיט אַ וויַיב. און איך באַדאַרף געבן מיַין וויַיב, זאָל מיר די כּפּרה ווערן, אויף הוצאות. נו, וועמען איז ערגער, מיר צי איַיך?

— איַי, זאָל איַיך קיין גוטער ייִד ניט קענען. שלעכט, שלעכט, און פֿון דעסט וועגן ליגן איַיך פֿאָרט אין זינען זאָגן המצאהלעך מיט גליַיכווערטלעך.

— המצאהלעך מיט גליַיכווערטלעך רופֿט איר דאָס אָן? זעט איר, יענטעניו, דאָס, כ׳לעבן, פֿאַרדריסט מיר שוין אויף איַיך. איר זיַיט דאָך, ווי זאָגט מען דאָס, יאָ אַ קלוגע ייִדענע, און איר פֿאַרשטייט דאָך יאָ אַ געשעפֿט, ווי זשע קומט דאָס, איר זאָלט ניט פֿאַרשטיין, אַז איך מיין דאָס באמת?

— עס הייסט, ווילט איר טאַקע, איַיער וויַיב זאָל די כּפּרה ווערן?

— פֿאַר וואָס זאָל איך, איר זאָלט מיר געזונט זיַין, דאָס ניט וועלן? אַז יענע האַלט אין איין שריַיען: געלט און געלט! כאָטש גיי, גנבֿע איר אויס אַ קלויסטער און ברענג איר געלט. אמת טאַקע, איך האָב פֿיַינט צו זאָגן, זי שמאַכט טאַקע פֿאַר אַ שטיקל לחם. זי גייט שוין באַלד דאָס פֿינפֿטע יאָר אין אַ פּאָר שיך און האָט, איך בעט־איבער איַיער כּבֿוד, קיין העמד אויפֿן ליַיב ניט.

אָבער וואָס בין איך שולדיק? אַז אַלע מחותּנים האָבן ווי איין האַנט געמאַכט, מ׳זאָל קיין שידוך ניט ווערן, כאָטש טו־אָן אַ קיטל און גיי אַליין מיט אַלע כּלות צו דער חופּה. אָט ווײַז איך אײַך, למשל, אַ בײַשפּיל. שוין אפשר דרײַ חדשים, אַז איך זוך פֿאַר אײַער בן־יחידל, זאָל אײַך געזונט און שטאַרק זײַן, אַ שידוך. איך בין אָן פֿיס און אָן אַ צונג געבליבן, לויפֿנדיק און טענהנדיק, און האָב אַלץ נישט אויסגעפֿירט, וואָס איך וויל. דער מחותּן לאָזט זיך גאָר ניט ריידן. וואָס איז, זאָגט ער? יאַקבי[8] אײַער לאָזערקע, האָט מיר קיין פֿאַראיבל ניט, האָט ליב צו כאַפּן אַ קערטל. דער צווייטער געפֿינט אַ חסרון, וואָס אײַער זון קאָמפּאַנירט זיך מיט הערשעלע דעם פֿאַקטאָר[9]. דער דריטער זאָגט, אַז... נאָר וואָס קומט־אַרויס פֿון דעם ריידן — פֿון אַלע שידוכים איז גאָר נישט געוואָרן.

— אַ פֿינצטערער חלום צו מײַנע שונאימס קעפּ! — האָט יענטע פֿאַרדריסלעך געזאָגט — אַזוי לאַנג קרענקען זיי, ווי לאַנג זיי וועלן אַזאַ חתן ניט געפֿינען, ווי מײַן לאָזערקע איז! מײַן קאָפּ זאָל ער איבערלעבן! ער איז דאָך אַ קינד אַ בורליאַנט[10], אַ דימאַנט!

— הערסטו, דאָס האָב איך דאָך אויך געטענהט! נאָר טענה הײַנט, טענה מאָרגן, רייד צו דער וואַנט! קיינער האָט ניט געוואָלט מיט אײַער לאָזערקען זיך משדך זײַן. נאָר הײַנט בין איך מימאָכאָדאָס[11] אַרײַנגעגאַנגען צו ר׳ גרשון נעכעס, ריידן זײַן טאָכטער אַ שידוך מיט דעם פֿאַנאַטישאָקער רבֿ — איך קאָנט דאָך מסתּמא ר׳ גרשונס מיידל, הלוואי אַלע מאַמעס זאָלן געבענטשט ווערן מיט אַזעלכע טעכטער! — וואָס פֿאַר אַ מעלה האָט זי אין זיך ניט? — מיט ליכט באַדאַרף מען זוכן אַזאַ מיידל. פֿאַלט מיר פּלוצלינג אײַן, איך זאָל מיך אַ פּרווו טאָן ריידן זײַן מיידל בעסער מיט אײַך. נו, ווי מיינט איר? האָב איך דאָס געכאַפּט אַ שוואַרצן סוף, אַז איך האָב געמיינט, ער וועט מיך אײַנשלינגען!

---

[8] אַזוי ווי. — [9] אַגענט, קאָמיסיאָניסט. [10] בריליאַנט. — [11] פֿאַרבײַגייענדיק.

— וואָס איז מיט אים אַזוי דער יחוס? — האָט יענטע צאַר־ניק געזאָגט — ער האָט גאָר פֿאַרגעסן, אַז זײַן פֿעטער, לייזערקע דײַטש, האָט מען געכאַפּט אין דער ווײַבערשער שול מיט אַן אשת־איש? און דאָס האָט ער פֿאַרגעסן, אַז זײַן מומע זלאַטקע איז אַמאָל געשטאַנען אין דער קונע[12]? און דאָס וויל ער זיך ניט דערמאַנען, אַז זײַן ווײַב דוואָשקע האָט אַמאָל געגנבֿעט אַ לונג־און־לעבער פֿון דער יאַטקע? און דאָס געדענקט ער ניט, אַז זײַן באָבע...

— שאַ, שאַ, שאַ! — האָט יעקל איר אין מיטן איבערגעשלאָגן — איך האָב אײַך נאָך ניט געענדיקט... פֿריִער האָט ער זיך טאַקע געבייזערט, נאָר נאָך דעם האָט ער מספּים געווען צו דעם שידוך. איר האָט דאָך אַ סימן, אַז איך בין נאָר וועגן דעם צו אײַך אַצינד געקומען.

— אַזוי? ער האָט מספּים געווען? — האָט יענטע דערפֿרייט געפֿרעגט — פֿאַר וואָס זשע האָט איר מיר באַלד ניט געזאָגט?

— אַז איר האָט מיר ניט געלאָזט ענדיקן. פֿאַרשטייט איר מיך, אַז ער האָט געזאָגט, אַז ער וויל ניט, האָב איך געעפֿנט מײַן פּיס־קאַטש[13] און האָב אים געוויזן גאָר אַן אַנדער חשבון, ווערלכן איך ווייס, און האָב אַזוי לאַנג גערעדט און גערעדט, געדברט און ויאמרט, ביז ער האָט געזאָגט, אַז ער וויל טאָן מיט אײַער זון. אַצינד ווענדט זיך דאָס נאָר אין אײַך. אויב איר ווילט, קענען מיר נאָך הײַנט שרײַבן תּנאים מיט מזל. וואָס זשע זאָגט איר, יענטעניו?

— וואָס זאָל איך זאָגן? — האָט יענטע געענטפֿערט פֿרײַנדלעך — איך האָב מײַנס צו זאָגן... דאָס איז ניט קיין שלעכטער שידוך. ר׳ גרשון איז אַ ייִד אַ למדן און אַ גרויסער מיוחס. זײַן זיידע איז געווען אַ רבֿ. און זײַן פֿעטער איז פֿון שטענדיק אַן אַ גבֿיר מיט אַ נאָמען. זײַן שוואָגער זלאַטיק איז אויך אַ פֿײַנער מענטש. דאָס

[12] שטראָפֿוווינקל אין פֿאָליש פֿון בית־מדרש. — [13] גרויס מויל.

מיידל געפֿעלט מיר אויך. זי איז אַ פֿײַן קינד. נו, מסתּמא איז דאָס מן השמים.

— נו, אין אַ גוטער שעה, אין אַ מזלדיקער! — האָט דער שדכן העכסט דערפֿרייט אַ געשריי געטאָן — אַצינד מעג שוין מײַן פּלוניתטע לעבן. איך האָב... ניין, איך מיין, איך וועל שוין האָבן, וואָס איר צו ברענגען אַהיים. נו, איך וועל לויפֿן אָנזאָגן ר׳ גרשונען, אַז דער שידוך איז געמאַכט און ער זאָל זיך ריכטן אויף תּנאָים.

מיט די ווערטער איז יעקל געשווינד אַרויסגעלאָפֿן.

1892

אליקום צונזער

# ייִדישע שידוכים

ייִדישע שידוכים ווער עס ווייס,
ווי אַזוי אַ ייִד אַ שידוך טוט —
דאָס טרעפֿט גאָר זעלטן ווען,
אַז די שידוכים זאָלן זיך אויסלאָזן גוט.

עס קומען די שדכנים
מיט דעם פֿאַלשן פּנים
און שטעלן־פֿאָר פֿאַר זיי אַ גרויסן גליק:
זיי טוען זיך ניט באַדענקען,
אַז עס וועט זיי שפּעטער קרענקען,
אַז זיי נעמען זיך אויפֿן האַלדז אַ שטריק...

קוקט נאָר, מענטשן, ווי די עלטערן ביידע
פֿירן דאָרט אַ טאָכטער, אַ כּלה, צו דער עקידה,
די אויגן איז פֿאַרבונדן

און דאָס האַרץ איז פֿול מיט ווונדן,
און דער טאַטע גייט נאָך בײַ דער זײַט.

נאָך אַ פּאָר מינוט,
צי שלעכט, צי גוט,
די חרטה קומט נאָך דער צײַט...

(? 1851)

## זכר ליציאת מצרים

קיין מצרים קומט יעקבֿ מיט אַ קאַפּווייטיק,
ווײַל ער פֿלעגט שטענדיק אויף יוספֿן קלאָגן;
פֿון מצרים גייען ייִדן אַרויס מיט אַ בויכווייטיק,
ווײַל זיי האָבן די ציגל אויפֿן בויך געטראָגן.

דערום דינט אונדז דער פּסח פֿון דעמאָלט אָן
אַן אייביקע אָנדענקונג צו אָט דעם צוועק —
מיט קאָפּווייטיק קומט ער אונדז אייביק אָן
און מיט בויכווייטיק גייט ער אַוועק.

1877

י. ל. פרץ

# פאַדליעץ [1]!

— 1 —

אַ רײַכער מאַן פאָרט־דורך און באַמערקט אַ בעטלער, וואָס שטייט אָנגעשפאַרט בײַ דער וואַנט. עס איז קאַלט און פײַכט. גאָט ווייס, ווי לאַנג דער בעטלער שטייט שוין און וואַרט אויף אַ נדבֿה.

דער רײַכער מאַן קריגט רחמנות, כאַפּט־אַרויס און וואַרפֿט דעם בעטלער אַ זילבערן צען־קאָפּיקע־שטיק.

דער בעטלער קוקט אויפֿן אָרט, ווו די מטבע איז געפֿאַלן, און רירט זיך נישט פֿון אָרט. דער רײַכער מאַן באַמערקט עס. עס איז אים ווייניק... — טראַכט ער.

— פאָדליעץ...

— 2 —

די דראָזשקע איז פֿאַרבײַ. דער בעטלער זעצט זיך קרעכצנדיק אויפֿן טראָטואַר.

עס איז פײַכט און קאַלט, און עס ברעכן אים די ביינער; די פֿיס זײַנען ווי פֿאַרשטאַרט... גאָט ווייס, ווי אַזוי ער וועט הײַנט אַהיים־קומען; זיי פֿאָלגן נישט, די הילצערנע פֿיס. זיצנדיק, קאָן ער אויך צו דער מטבע נישט דערלאַנגען. ער ציט זיך אײַן גאַנצן אויס און שטרעקט־אויס די האַנט... קוים, קוים: ער האָט זי!

ער נעמט זי צו די אויגן צו: זי איז פֿאַלש! — שרײַט ער אויך אויס:

— פאָדליעץ!

---

[1] פּאַסקודניאַק.

לייב קוויטקאָ

## שאַרזשן [1]

### שולי וואַנץ

שולי וואַנץ, איצטער סאַשע אָקטיאַבריאַנסקי,
דער לאַנגערווערגעלעץ.
אין טכוירענעם פּעלץ,
מיט דונערדיקן טראָט.
ווי חברים זאָגן,
פֿעלט אים נאָך אַ קליינינק שטיקל שׂכל,
כּדי צו זײַן אַ גאַנצער אידיאָט.
נאָר וואָס ס'איז אמת שווער צו לייקענען
און וואָס ס'איז עפּעס ווערט אין זײַן טאַלאַנט:
ער האָט אַ צונג אַ גרינגע ווי אויף העקעלעך,
אַ שאַרפֿן עלנבויגן
און אַ פֿלינקע האַנט.

### ווער איז ער ?

אוי, ווער איז ער, אוי, ווער איז ער,
פֿון אַ דאָרטן ביז אַ ביז הער,
אַזאַ גרויסער, גרויסער איז ער —
ווער ?

איז אַ שרײַער, איז אַ טינטלער,
איז מיט פּינטעלער אַ פּינטלער.

[1] לייב קוויטקאָ איז פֿאַר די דאָזיקע אַטאַקעס אויף סאָוועטישע ייִדישע שרײַבערס געמשפּט און אַרויסגעשטויסן געוואָרן אויף אַ צײַט פֿון די קאָמוניסטישע ליטעראַרישע קרײַזן. — רעד׳.

איז פֿון יעדער מיט — דער עק.
ווו ס׳אַ טיר, אַהינצו קריכט ער,
און ער שרײַט, ער איז אַ דיכטער,
און ער לעקט.

ווער־זשע איז ער,
פֿון אַ דאָרטן ביז אַ ביז הער,
—אָט, שטרעק־אויס דעם פֿינגער, ס׳איז ער,
דער!

כאַרקאָוו 1929

ב. קאָוונער

## מײַן זיידנס צוואה

אַז מײַן זיידע, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל ער האָבן, איז געשטאָרבן, האָט מען גערעכנט, אַז ער איז געשטאָרבן אַן אָרעמאַן, אַן אבֿיון. אָבער אַז מען האָט נאָך שלושים געעפֿנט זײַן תּפֿילין־זאַק, האָט מען דאָרט געטראָפֿן אַן אײַנגעוויקלט שטיק פּאַפּיר. האָט מען גע־עפֿנט דאָס שטיק פּאַפּיר, האָט מען דערזען, אַז דאָס איז אַ צוואה.

די צוואה איז געווען געשריבן מיט זײַן אייגענער האַנט אין פּשוטן מאַמע־לשון. און געלייענט האָט זיך די צוואה אָט אַזוי:

„איך, דוד פּנחס, בר׳ ר׳ צבֿי־הערש, לאָז־איבער אַ פֿאַרמעגן פֿון דרײַ און פֿערציק גולדן. פֿון די דרײַ און פֿערציק גולדן לאָז איך איבער דרײַ גולדן אויף דעם אַלטן בית־המדרש (עס זאָל זײַן צו שטײַער אויף אַ נײַעם אָרון־קודש); 2 גולדן לאָז איך איבער פֿאַר דער חסידישער קלויז; איין גולדן — פֿאַר דעם שנײַדערשן שולכל; איין גולדן פֿאַר דעם קצבֿישן שולכל: איין גולדן פֿאַרן הקדש; איין גולדן פֿאַר דער חבֿרה תּהילים; איין גולדן פֿאַר דער „חבֿרה מש־

ניות״; צוויי גולדן פֿאַר אַ נײַער מקווה; זעקס גולדן פֿאַר דער „חבֿרה הכנסת כּלה״ (עס איז אַ ביטערע רחמנות אויף די אַלטע מיידלעך, מען דאַרף זיי וואָס גיכער חתונה מאַכן); דרײַ גולדן לאָז איך איבער דעם רבֿ (זאָל ער זיך אַ ביסל באַקליידן; עס איז אַ חרפּה און אַ בושה ווי ער גייט, נעבעך, אַרום); דרײַ גולדן זאָג איך אָפּ דעם שמש פֿון דער קאַלטער שול (זאָל ער אויך וויסן פֿון אַ לעבן צו זאָגן); איין גולדן לאָז איך איבער פֿאַר דער חבֿרה „מלבוש ערומים״ (זאָל מען מיט דעם געלט אויסקליידן די אָרעמע יתו־מים...); איין גולדן זאָג איך אָפּ אויף צו פֿאַרריכטן דעם בית־עולם; איין גולדן זאָג איך אָפּ אויף „איבערצוזען״ אַלע מזוזות פֿון שטעטל; איין גולדן לאָז איך איבער אויף בו־אַנפֿן צו מײַן יאָרצײַט; איין גולדן לאָז איך איבער פֿאַר דער „חבֿרה הלוית המת״ (טאָמער קומט־אויס צו באַגראָבן אַ ייִדן, זאָל מען אים קענען באַגראָבן...); איין גולדן לאָז איך איבער פֿאַר שמעון דעם קירזשנער (אַזוי ווי ער הוסט, נעבעך, זאָל ער זיך קויפֿן אַ וואַרעם שאַליקל); איין גולדן זאָג איך אָפּ פֿאַר דער חבֿרה „סומך נופֿלים״ (ווו נאָר אַ קראַנקער אין שטעטל, זאָל מען אים קענען ראַטעווען...); נײַן גולדן לאָז איך איבער פֿאַר מײַנע נײַן קינדער (פֿאַר יעדן קינד אַ גולדן); איין גולדן זאָג איך אָפּ מײַן ברודער דן (זאָל ער האָבן מיט וואָס אויס־צוצאָלן זײַנע חובֿות... ; איין גולדן לאָז איך איבער פֿאַר מײַן שוועסטער עלקע. פֿאַר מײַן ווײַב לאָז איך ניט איבער אַפֿילו קיין איין גראַצער. איך טו דאָס דערפֿאַר, ווײַל זי האָט מיך דאָס גאַנצע לעבן געיאַדעט, ניט געגעבן קיין עסן צו זאַט, קיין מאָל ניט צוגע־נייט קיין קנעפּל צו די בגדים און קיין מאָל ניט פֿאַרצירעוועט אַ שקאַרפּעטקע; תּמיד געהאַט טענות צו מיר, למאַי איך בין ניט קיין געזונטער... אָט דערפֿאַר לאָז איך איר ניט איבער קיין איין גראַ־צער. איך וואָלט נאָך געקענט לעבן לאַנגע יאָרן, ווען ניט זי מיט איר פּיסקל. זאָל גאָט אויסהיטן דאָס ייִדישע פֿאָלק פֿון אַזעלכע אומגליקן און צרות. אָמן.

עיקר שכחתי: — איך וועל גיין אין קבֿר מיט אַ שמייכל

אויף די ליפּן. עס איז אַלץ ווערט אַבי ניט אָנצוקוקן מײַן אַרורה. די פּאָר יאָר, וואָס איך וועל זײַן אין קבֿר אָן איר, וועל איך וויסן פֿון אַ לעבן צו זאָגן.

איך בעט אויך אַ טובֿה בײַ דער קהילה: אויב מײַן ווײַב וועט שטאַרבן, זאָל מען איר, למען השם, ניט מקבֿר זײַן אויפֿן זעלביקן בית־עולם, נאָר אָוועקפֿירן ערגעץ אין אַן אַנדער שטעטל, וואָס ווײַטער איז בעסער".

אונטערגעשריבן:

דוד פּנחס, בר׳ ר׳ בבֿי־הערש

ב. יאושזאָן

## פֿון בוך „אַפּיקורסים"

### שקר מיט שלימזל

ס'איז געוואַקסן דער פּראָגרעס, ס'האָט געבליט די קונסט און ס'זײַנען געשטיגן אונדזערע העלדן פֿון „קלוב", וועלכע האָבן שוין, ס'רובֿ אי פּעלערינעס סײַ זומער און סײַ ווינטער געטראָגן, אי גע־דיכט־צעשויבערטע, נישט־פֿאַרקאַמטע האָר און ווייכע פֿאַרשמירטע קאַפּעליושלעך; און דאָך, נישט קוקנדיק דערויף, האָבן זייערע בלאַס־פֿאַרגרינטע, האַלב־פֿאַרהונגערטע און האַלב־פֿאַרשלאָפֿענע פּנימער, און די באַוועגונגען פֿון זייערע הענט און פֿיס — נישט געוואָלט זיך אונטערגעבן דעם פּראָגרעס. אויפֿן ערשטן קוק האָבן זיי גלײַך יעדן דערציילט, פֿון וואַנען די דאָזיקע בחורימלעך שטאַמען, אין וועלכע בתי־מדרשים און „שטיבלעך"־אַנשטאַלטן האָבן זיי די דערציִונג באַ־קומען, וואָס האָבן זיי פֿון דאָרט מיטגעבראַכט, און, זיך משדך זײַענ־

דיק מיט „אייראָפּאַ“, וואָס האָבן זיי איר אײַנגעשאַצט אין נדן און וואָסערע כּלה־מתּנות האָבן זיי פֿון איר באַקומען...

און אַז ס׳וועט קומען, נאָך אונדז, דער היסטאָריקער און וועט דערציילן און שילדערן די עפּאָכע, ווען ס׳האָט די קונסט געבליט און די ראָמאַנטיק האָט אין די הערצער פֿון די בלאַס־פֿאַרגרינטע בחורימלעך דערוואַכט — זאָל ער זשע דעמאָלט, דער היסטאָריקער, למן־השם נישט פֿאַרגעסן אין איינעם פֿון אירע געטרײַסטע און אי־בערגעגעבנסטע דינערס, הבחור זעליג, וועלכער האָט איר זײַן פֿעטס־און־בלוט געבראַכט פֿאַר אַ בראַנדאָפּפֿער... וואָרעם דער בחור זעליג האָט געהאַט אַלע טאַטע־מאַמע. פֿלעגט דער טאַטע זיצן אויף דער שטול און דרימלען און די מאַמע האָט געוויינט און פֿאַרבראָכן די הענט:

— זעליג, וואָס וועט זײַן דער תּכלית? איך האָב דאָך אַליין נישט צו עסן און דו, זעליג, אַ יונג, וואָס מען דאַרף שויןריידן שידוכים, זיצט מיר נאָך אויף מײַן קאָפּ...

האָט זעליג געברומט און געוואָרטשעט, און פֿון גרויס אויפֿרע־גונג האָט ער, אָנגיסנדיק זיך אַ גלאָז טיי, געכאַפּט די גאַנצע צוקער פֿון פּושקע און אַרײַנגעשאָטן אין גלאָז, און אויפֿגעגעסן דאָס האַלבע ברויט, וואָס איז געלעגן אויפֿן טיש און די גרויסע שטיקער חלה, וואָס זײַנען איבערגעבליבן פֿון שבת. און די מוטער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און געקרעכצט:

— יונג, דו שטעלסט דאָך מיך בדיל־הדל! כ׳האָב דאָך אַליין נישט פֿון וואַנען צו לעבן, פֿאַר וואָס קלערסטו נאָך נישט וועגן אַ תּכלית? מען דאַרף דאָך דיר שוין שידוכים ריידן...

און אַז דער יונג האָט ווידער נישט געענטפֿערט, און האָט זיך ווײַטער געקײַט די שטיקער חלה און געברומט, האָט די פֿאַרוויינטע מאַמע געכאַפּט אויף זיך די פֿאַטשיילע, און ווו ערגעץ אַ פֿעטער און אַ מומע פֿון איר משפּחה, און פֿונעם מאַנס משפּחה, האָט זי זיי אַלעמען געבראַכט צו טראָגן: „נאַט, זעט מײַן אומגליק, גוואַלד“... און די ייִדענע האָט אַרויסגעלאָזן אַזאַ אומנאַטירלעכן „גוואַלד“, אַז

פֿון דרויסן האָבן זיך אַלע טירן פֿון די שכנים געעפֿנט און בײַם יונג, דעם בחור זעליג, וואָס האָט זיך באַנוצט מיט דער געלעגנהייט, ווען די מאַמע איז געלאָפֿן צונויפֿרופֿן די משפחה, און האָט דערווײַל געמאַכט אַ תּכלית פֿונעם לעצטן שטיק חלה אין דער קאָמאָד — איז איצט, בעת די אומגעריכטע געסט זײַנען אַרײַנגעקומען, געווען אַ פֿול אָנגעשטאָפּט מויל און צוויי אָנגעבלאָזענע באַקן; ס׳האָט אויסגעזען, אַז נישט דער בחור זעליג אַליין, נאָר אויך דאָס שטיק חלה אין זײַן מויל איז איצט געבליבן אין אַ פֿאַרצווייפֿלטער לאַגע און האָט נישט געוווסט, אויף וועלכן וועג זי דאַרף זיך לאָזן: אַרײַן אָדער אַרויס...

דאָס האַלבע טוץ פֿעטערס האָבן זיך מיט אַ באַזונדער מין גדלות, מעשׂה־אַפּוטרופּסים, אַרומגעדרייט איבער דער שטוב, געקנייטשט די שטערנס, געצויגן די בערד, און די אויגן האָבן עפּעס קאַלטע און בייזע בליקן געוואָרפֿן. די ייִדענע האָט אַלץ נישט אויפֿגעהערט צו כליפּען און די מומעס האָבן זיך צעזעצט אויף די בעטן, און מיט זייערע צושאָקלענדיקע קעפּ האָבן זיי ווי מסכּים געווען, אַז זיי באַגרײַפֿן טאַקע דאָס אומגליק, און אַז נאָר איין גאָט קאָן זיך מרחם זײַן... דער יונג ווידער, דער בחור זעליג, איז געבליבן זיצן אויף זײַן אָרט אין אַ מאָדנער נאַרישער פּאָזע און אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ, און זיצנדיק אַזוי אַ היפּשע צײַט, ווען אַרום־און־אַרום האָט געהערשט אַ שטילשווײַגעניש, האָט ער זיך פֿאַרטראַכט און פֿאַרגעסן, ווו ער איז און וואָס אַרום אים טוט זיך, און פֿאַרטראַכטנדיק זיך, האָבן אים ווײַט די רעיונות פֿאַרטראָגן. און אין זײַן מוח איז פּלוצעם אויפֿגעשוווּמען אַ לידל, וואָס ער, דער בחור זעליג, האָלט איצט די לעצטע טעג אין שאַפֿן און אין וועבן, און אין וועלכן ער האָט שוין אַ פֿונדאַמענט געלייגט און אַ פּאָר פֿערזן פֿאַרטיק געמאַכט, נישט מער וואָס אַ מיטלסטער פֿערז שטייט שוין פֿון נעכטן אָן און וואַרט אויפֿן שעפֿער, ער זאָל אים אַ פּאָרל צופּאָרן, און אַ גראַם צופֿלעכטן. און אין דער צײַט, ווען אין דער שטוב האָבן זיך אַרומגעדרייט די פֿעטערס, געקנייטשט די שטערנס און געצויגן די בערד, און די מומעס זײַנען

אויף די בעטן געזעסן, פֿאַרבראָכן די הענט, געקרעכצט אויף דעם אומגליק און געקוקט אויף דעם יונג, וועלכער איז פּלוצעם אויסגעוואַקסן אין אַזאַ בייזער לענג און האָט זיך אָנגעזעצט אויף דער מאַמעס קאָפּ און וויל וועגן אַ תּכלית נישט קלערן — אין דער זעלביקער צײַט האָט גאָר דער מוח פֿונעם יונג זעליג זיך געמאַטערט, אַריבערגעוואָרפֿן אין קאָפּ אַלע ווערטער, וואָס ער האָט געדענקט, פֿון „אלף" ביז „תּיו", און געזוכט אַ גראַם... נאָר דאָ האָט זיך, ווי ס'ווײַזט־אויס, אַ פּעטער דערמאָנט, וועגן וואָס מ'איז זיך צונויפֿגעקומען. ער איז מיט כּעס צוגעלאָפֿן צו זעליגן און אַ טרייסל געטאָן די שטול, אויף וועלכער ער איז געזעסן, מיט אַזאַ אימפּעט, אַז דער בחור האָט אַ שרעקלעכן צאַפּל געטאָן, איז אויפֿגעשפּרונגען פֿון אָרט און אויסגעגלאָצט די אויגן, נישט קאָנענדיק אין דער מינוט באַגרײַפֿן, וואָס דאָ קומט־פֿאָר, און בזו הרגע איז פֿון זײַן אָנגעשטרענגטן מוח אַנטרונען און אַרויסגעפֿלויגן דער גראַם, וועלכער איז שוין געווען אָט־אָט אַ פֿאַרטיקער און דווקא אַ געלונגענער...

דאָ האָבן זיך ערשט אַלע פֿעטערס אַרומגעזעצט בײַם טיש און מען האָט גענומען דעם יונג אין דער אַרבעט אַרײַן. יעדער פֿעטער אויף זײַן שטייגער. איינער האָט געוואָרפֿן מיט די הענט און אויסגעשיט פֿאַר זעליגן אַ גאַנץ פּעקל טענות; אַ צווייטער, וואָס האָט אַ שם אין דער משפּחה פֿאַר אַ מזג־טובֿ, האָט אַלץ אין איינעם געריבן דעם שטערן און געזאָגט מוסר מיט אַזעלכע האַרציקע ווערטער און אין אַזאַ האַרציקן טאָן, אַז איין מומע, זיצנדיק אויפֿן בעט, האָט זיך אַזש צעכליפּעט און דערמאָנט זיך אין איר זון, וועלכער געפֿינט זיך אין אַמעריקע... אַ דריטער פֿעטער האָט ווידער געהאַלטן אין איין קלאַפּן אין טיש, שרײַענדיק אין איין קול, אַז די וועלט זאָל זיך קערן, קאָן ווײַטער אַזוי נישט זײַן... נאָך אַ פֿעטער, דווקא אַ קליין, מאָגער ייִדל מיט אַ בלאַס פּנימל און דאַרע פֿיסעלעך, וואָס אויפֿן קול איז ער, דאַכט זיך, קיין דרײַ פּוילישע גראָשן נישט ווערט, איז אַרומגעלאָפֿן איבער דער שטוב און געהאַלטן רק אין איין ליאַרעמען, געשווירן זיך בײַ זײַנע קינדערס חופּה, אַז אויב

דער יונג וועט נישט ווערן קיין לײַט, מוז ער אים מאַכן פֿאַר אַ קאַ־ליקע, ווי אַ הערינג וועט ער אים צעטרייבערן!...

...זעליג האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און מיט גרויס אונטער־טעניקייט פֿאַמעלעך געלעקט מיט דער צונג אין די ווינקלען פֿון מויל די איבערגעבליבענע ברעקלעך פֿון דער געקײַטער חלה... און אין גאַנצן האָט ער איצט אויסגעזען, ווי ער וואָלט זאָגן: „איך בין אין אײַערע הענט — טוט מיט מיר, ווי אַזוי אײַך געפֿעלט״...

באַלד טאַקע האָט איין פֿעטער געכאַפּט אויף זיך דעם פּאַלטאָ און, מיט אַ מינע פֿון אַ גרויסן העלד, פֿעסט אַ נעם געטאָן זעליגן פֿאַרן עלנבויגן און אים אַ שלעפּ געטאָן צו דער טיר.

— וועסט שוין בײַ מיר ווערן אַ לײַט, קום!

אַלע אויגן האָבן זיך אויפֿגעשטעלט און געקוקט מיט אַ שאלה: „וווּהין, אַ שטייגער, פֿירט אים דער דאָס פֿעטער?״... נאָר דער פֿעטער מיט דער גדלותדיקער מינע האָט אַפֿילו נישט געפֿונען פֿאַר נייטיק זיך אומצוקוקן אויף זיי. פֿעסט־האַלטנדיק דעם בחור אונטערן אָרעם, האָט ער זיך געלאָזט מיט אים אין דרויסן אַרויס, געפֿירט אים גאַס־אײַן, גאַס־אויס. זעליג האָט זיך אַפֿילו נישט געפּרוּווט ווערן אָדער זיך אָפּשטעלן אויף אַ רגע און אַ טראַכט טאָן: „ווו־הין?״... מיט אַ סאָפּעענדיקן אָטעם, מאָדנע אָנגעבלאָזענע באַקן און שרעק־פֿאַרגליווערטע אויגן האָט ער זיך נאָכגעשלעפּט נאָכן פֿעטער. דער פֿעטער ווידער איז אַלץ כסדר געלאָפֿן, געמאַכט גרויסע שפּרײַזן און מיט דער פּלייצע האָט ער אָפּגעשטופּט די דורכגייערס פֿון טראָטואַר, וואָס האָבן זיך אים געשטעלט אין וועג. שלעפּנדיק נאָך זיך דעם בחור, נישט גערעדט צו אים איבערן גאַנצן וועג קיין וואָרט, אַפֿילו זיך נישט אומגעקוקט אויף אים. ער האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אויסגעשטרעקט פֿאָרויס און די פֿיס האָבן געשפּרײַזט, געלאָפֿן, אָן אָפּרו, אַזוי אַז ס׳האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט אונטערן אָרעם גע־האַלטן עפּעס אַ שטומע זאַך, אַ פֿיש, און יאָגט זיך מיט דעם ערגעץ אין דער וועלט אַרײַן, פֿאַרהאַנדלען דאָס...

אויף דער פּראַנצישקאַנער גאַס האָט זיך דער פֿעטער אַ רגע אָפּגעשטעלט, אַ קוק געטאָן אויף אַ נומער פֿון אַ מויער און אַרײַן אין הויף, אַרויף ערגעץ אויף אַ צווייטן שטאָק, געעפֿנט אַ טיר און ביידע, דער פֿעטער פֿאָרויס און דער בחור הינטער אים, זײַנען געבליבן שטיין אין אַ גרויסער טומלדיקער שטוב, ווו ס'האָבן גע־רוישט מאַשינען. עס זײַנען געשטאַנען טישן מיט קלעצלעך און אויף איין טיש, באַדעקט מיט אַ גרויסן הילצערנעם פּלאַט, איז געלעגן אַ גרויסער לעדער אויסגעשפּרייט און אַ יונגער־מאַן אין טלית־קטן איז געשטאַנען און געשניטן פֿון דער לעדער פּאַסן...

תּיכּף איז דער פֿעטער צוגעגאַנגען צום יונגן־מאַן אין טלית־קטן, אַרײַן מיט אים אין צווייטן צימער און געסודעט זיך דאָרטן. יעדעס מאָל האָט זיך די טיר פֿונעם צווייטן צימער געעפֿנט אויף אַ ווײַלע און ס'האָט זיך אַרויסגעשטעקט דער קאָפּ פֿון דעם יונגן־מאַן אינעם טלית־קטן, וואָס האָט אָפּגעמאָסטן זעליגן מיט אַ קוק פֿון קאָפּ ביז די פֿיס און באַלד איז דער קאָפּ פֿאַרשווונדן צוריק אין יענער זײַט טיר. דערנאָך זײַנען זיי ביידע אַרויס פֿון דאָרט, און דער יונגער־מאַן אינעם טלית־קטן האָט עפּעס געמאַכט מיט די הענט און גע־האַלטן אין איבערחזרן צום פֿעטער עטלעכע מאָל די ווערטער:

— מילא, אַזוי ווי איך האָב אײַך געזאָגט: אַ רובל אַ וואָך מיט אַ מיטאָג...

די ערשטע טעג איז דער בחור זעליג געווען ווי אַ שטילע לע־מעשקע. שטום איז ער געווען ווי די וואַנט. נישט גערעדט צו קיינעם אַ וואָרט. געפֿאָלגט אַלץ, וואָס מען האָט אים געהייסן. געפֿאַרבט די קאַנטן פֿון די צעשניטענע פּאַסקעס, געטראָגן די צעשניטענע פּעק־לעך פּאַסקעס צום פּרעסער און געהאַט אַפֿילו שׂכל צו פֿאַרדינען דרײַ קאָפּיקעס הינטן אַרום... געדרייט אַ שפּול באַנוול פֿאַר דער מאַשין, געפֿאָלגט אַ גאַנג; נישט געעקשנט זיך, ווען די יונגע באַלעבאָסטע האָט אים געהייסן אין אָוונט צורוימען די שטוב און אַראָפּטראָגן דאָס מיסט אויפֿן הויף; ער האָט אַפֿילו נאָכגעטראָגן דער באַלע־באָסטע דאָס קיישל אין יאַטקע אַרײַן, הגם זי, די באַלעבאָסטע אַליין,

פֿלעגט שמייכלען און מאַכן אַ רחמנות־פּנים, אַז איר איז דאָס זייער איבער דער טבֿע, צו שאַפֿן מיט אַזאַ גרויסן יונג אַזעלכע שטוב־זאַכן... מיטאָג האָט ער געגעסן בײַם קוימען און געוואַרט אויף דעם פֿרײַטיק, ווען מ׳וועט אים דעם ערשטן רובל „פּענסיע“ אויס־צאָלן...

אַלץ איז זיך שוין, דאַכט זיך, געגאַנגען מיט אַזאַ נאַטירלעכן וועג, אַז די פֿעטערס מיט די מומעס פֿלעגן שוין צווישן זיך ריידן מיט אַ שמייכעלע:

— זעסטו, מ׳קאָן טאַקע גאָר נישט וויסן. פֿון דעם יונג קאָן נאָך אַ מאָל ווערן אַ לײַט, און די מאַמע וועט נאָך מיט גאָטס הילף פֿון אים נחת האָבן...

נאָר דער אומגליקלעכער זעליג, וואָס האָט אַזוי ליב פֿרישע חלה און גראַמען צו לידער, איז, נעבעך, איצט אַרומגעגאַנגען אין גלות צווישן ווילדפֿרעמדע מענטשן און געקרעכצט:

— סטײַטש, געוואַלד געשריִען, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ וועלט? סטײַטש, איך, זעליג? איך, וואָס דער רעדאַקטאָר אַליין זעצט זיך אַוועק און שרײַבט־אָן אין בלאַט אַן ענטפֿער צו מיר: „ה׳ זעליג! אין אײַערע זאַכן פֿעלט פּעפּער מיט זאַלץ, פּרוווט שרײַבן ווײַטער“... איך, זעליג דער פּאָעט! געוואַלד געשריִען, צי ווייסט ער דען, דער יונגער־מאַן, דער באַלעבאָס אינעם טלית־קטן, ווען ער הייסט פֿאַרבן די קאַנטן פֿון די פּאַסקעס און ווען ער באַפֿעלט צו טראָגן די פּעקלעך צו די סוחרים? צי ווייסט זי דען, די רויט־אויסגעפּאַשעטע באַלעבאָסטע, פֿון ווען זי פֿאַרלאַנגט ער זאָל איר ס׳קיישל אין יאַטקע אַרײַן נאָכטראָגן און ווען זי הייסט די שטוב אויסקערן און דאָס מיסט אַראָפּטראָגן? געוואַלד געשריִען, זיי, די דאָזיקע גאָר־נישטן, די באַלעבאַטים, און איך, זעליג דער פּאָעט — זייער לערן־ייִנגל?...

...און איין מאָל, אין אַן אָוונט, ווען דאָס האַרץ פֿונעם בחור זעליג האָבן שווערע וואָלקנס געפּרעסט און זײַן פּנים איז שטאַרק צאָרנדיק און אָנגעברוגזט געווען, איז ער געקומען אַהיים צו לויפֿן,

מיט כעס די טיר געעפֿנט, איז צו דער מאַמע צוגעלאָפֿן און זײַנע אויגן האָבן זיך מיט פֿײַער אָנגעגאָסן:

— מאַמע! — האָט ער מיט אַ ווילדן קול אויסגעשריִען — איך האָב אַ נשמה אָדער ניין?...

די מאַמע האָט זיך דערשראָקן און פֿון שרעק איז דער זאָק מיט די שפּיזלעך, וואָס זי האָט געהאַלטן אין שטריקן, פֿון אירע הענט אַרויסגעפֿאַלן. זי איז פֿונעם אָרט אויפֿגעשפּרונגען, אויסגע־גלאָצט די אויגן אויף דער רויט־פֿײַערדיקער צורה פֿון איר זון און די הענט און פֿיס האָבן בײַ דער ייִדענע געציטערט.

— איך האָב, פֿרעג איך דיך, מאַמע, אַ נשמה אָדער ניין? — האָט דער יונג נישט אויפֿגעהערט צו שרײַען.

— ווײ איז מיר! — האָט די מאַמע געשטאַמלט פֿון שרעק — וואָס עפּעס אין מיטן דרינען?

— איך האָב, פֿרעג איך דיך, אַ נשמה אָדער ניין? — האָט דער יונג נישט געוואָלט אויפֿהערן.

— דו האָסט... אַוודאי האָסטו — האָט זיך די אָרעמע מאַמע מיט אַ מאָל צעכליפּעט — אַלע, אַלע מענטשן האָבן נשמות... גע־וואַלד, דער יונג איז דאָך משוגע געוואָרן!...

— איך האָב, האַ? אמת, כ׳האָב? — האָט דער יונג געקלאַפּט אין טיש — קליינע מענטשעלעך זײַט איר, קרעמערס, גראָשנדיקע נפֿשות!... איך האָב אַ נשמה! צו העכערע וועלטן שטרעב איך! איר ליגט אין דער ערד, איר וואַלגערט זיך אין בלאָטע... איך קאָן נישט, איך האָב אַ האַרץ, אַ ברייט האַרץ... איך האָב אײַך... האָב אײַך פֿײַנט, אײַך מיט אײַערע מײַסטערס און מיט אײַערע מײַסטע־ראָווּעס, מיט אײַערע פּאַסקעס און רײַזע־טאַשן: איך וויל נישט, מאַמע, פֿאַרפֿוילט ווערן דאָרט בײַ אײַערע שפּולן באַנוול! מער, מאַמע, גיי איך נישט צו דער אַרבעט!...

און ס׳האָבן נישט געהאָלפֿן מער די פֿעטערס מיט די מומעס מיט זייערע ווייכע רייד און מוסר. זעליג האָט זיך אײַנגעשפּאַרט — ניין און ניין!

איז געזעסן די מאַמע גאַנצע טעג און געוויינט און געהאַט טענות צו איר טויטן מאַן: ווײַ געשריִען, אויף וועמען האָסטו מיך איבער־געלאָזט?... און דער בחור זעליג האָט אָנגעטאָן אַ פּעלערינע מיט אַ ווייך קאַפּעליושל. אין שטוב האָט ער געמאַכט אַ תּכלית פֿון די זעמל מיטן ברויט, וואָס האָבן זיך געפֿונען אויפֿן טיש און אויף דער קאַמאָד. און אין גאַס האָט ער זיך אַרומגעשלעפּט מיט דער שוואַר־צער ליטוויטשקע, געזוכט גראַמען צו לידער, געזוכט באַקאַנטע, בײַ וועלכע צו כאַפּן אַ גלאָז טיי מיט אַ טשאַסטקע. און אין אַ שיינעם פֿרימאָרגן האָט מען געלייענט אַזאַ מין מעלדונג:

זעליג פּאָעט — סערקע ליטוויטשקע

פֿ אַ ר ל אָ ב ט

די פֿעטערס מיט די מומעס, דערהערנדיק די בשורה, האָבן געבראָכן די הענט, געזיפֿצט, געשאָקלט מיט די קעפּ און ביטער גע־שמייכלט:

— שקר מיט שלימזל...

תשר״ק

# אַ שטילער מענטש

אין ביורא, ווו ער האָט געאַרבעט ווי אַ בוכהאַלטער, איז ער געווען דער שטילסטער מענטש. אַ קליין מענטשל איז דאָס געווען, מיט אַ קליין קעפּעלע און אַ שפּיציק געל ציגן־בערדעלע. אַ פּנים האָט ער געהאַט אָן פֿאַרב, אָן אויסדרוק. מען האָט נישט געקענט

ווײסן, צי ער איז אַ שלעכטער מענטש אָדער אַ גוטער. דאָס קלײנע מויל איז געווען שטענדיק שטיל, גערעדט נאָר וואָס אָנבאַלאַנגט צו דעם געשעפֿט, פֿאַר וועלכן דער שטילער מענטש האָט געאַרבעט. וועגן זיך — קײן מאָל קײן וואָרט נישט.

אויגן האָט ער גראָדע געהאַט גרויסע, עס הײסט, אין פּראָפּאָרץ מיט זײַן קאָפּ און מיט זײַנע געזיכט־שטריכן, אָבער אויך די אויגן זײַנען געווען אָן אויסדרוק. גרוי און גלײַכגילטיק האָבן זײ געקוקט אויף דער וועלט און די מענטשן אַרום.

זײַטשיק האָט ער געהײסן. טאָגטעגלעך געזעסן בײַ זײַן שרײַבטיש, אײַנגעגראָבן אין די גרויסע ביכער, בריוו, באַשטעלונגען און רעכענונגען. עס האָט אויסגעזען, אַז קײן אַנדער זאַך אין דער וועלט האָט אים נישט אינטערעסירט. ווען די מענטשן, וואָס האָבן געאַרבעט אין דעם זעלביקן געשעפֿט און זײַנען געזעסן אַרום אים, פֿלעגן צווישן זיך עפּעס דערצײלן, פֿלעגט ער זיך כּמעט ווי גאָר נישט צוהערן. זײער לאַכן פֿלעגט פֿון אים קײן מאָל נישט אַרויסרופֿן דעם מינדסטן שמײכל. ער איז געווען ווי אָפּגעשניטן פֿון זײַן אײגענער וועלט.

„אַ שטילער מענטש!“ — פֿלעגן די אַנדערע אַרבעטערס פֿון דעם געשעפֿט זאָגן צווישן זיך — „אַ מאָדנער מענטש, אַ שטילער מענטש!“

קײנער האָט נישט געוווּסט, ווו זײַטשיק וווינט, ווי ער לעבט און מיט וואָס ער גיט זיך אָפּ אין זײַן פֿרײַער צײַט. מען האָט נאָר געוווּסט, אַז ער איז אַ בחור, אַן אַלטער בחור — ער איז געווען נאָענט צו פֿערציק. זײַנע מיטאַרבעטערס האָבן ליב געהאַט אים אין שפּאַס רײדן שידוכים, זיך אָנזעצן אויף אים, פֿאַר וואָס ער האָט נישט חתונה. דערבײַ פֿלעגן זײ מאַכן אויף אים אַלערלײ וויצן און זיך אָפּט מאָל האַלטן בײַ די זײַטן לאַכנדיק. אָבער ער, זײַטשיק, פֿלעגט אַפֿילו נישט אַרויסווײַזן, צי דער שפּאַס איז אים צום האַרצן אָדער עס פֿאַרדריסט אים. ווען־נישט־ווען פֿלעגט זיך אויף זײַנע ליפּן באַווײַזן אַ ספֿק־שמײכל, אַ ספֿק־פֿאַרקרימען זיך.

איין מאָל האָט פּאַסירט אַ זאַך, וואָס האָט די אַרבעטערס פון געשעפט געגעבן אַ געלעגנהייט צו האָבן אַ היפּש ביסל שפּאַס מיט זײַטשיקן. עס איז געשען אַזוי: אין מיטן טאָג, אין אַ מיטן מיטוואָך, איז אַרײַן אין געשעפט אַ ייִנגעלע, געפרעגט אויף מיסטער זײַטשיק און, ווען מען האָט אים אָנגעוויזן אויף דעם בוכהאַלטער, האָט דאָס ייִנגל געזאָגט: „אַ לײדי וויל אײַך זען; זי וואַרט אין גאַס". אַלע זײַנען געוואָרן איבערגעראַשט. מען האָט זיך אָנגעהויבן שושקען. דער בוכהאַלטער איז אַ ביסל פאַרשעמט געוואָרן. עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס די מענטשן, וועלכע האָבן געאַרבעט מיט אים צוזאַמען, האָבן געזען פאַרב אין זײַן פּנים. ער האָט אָנגעטאָן זײַן הוט און איז אַרויסגעגאַנגען נאָך דעם ייִנגעלע. די אַנדערע אַרבע־טערס האָבן גלײַך אַרויסגעשיקט איינעם פון זייערע, ער זאָל שפּיאָ־נירן און זען, וואָס דאָס איז פאַר „אַ לײדי" און וואָס פאַר אַ גע־שעפטן זי האָט מיט דעם שטילן מענטשן.

דער שליח איז אָבער באַלד צוריקגעקומען שטאַרק אַנטוישט. ער האָט דערוואַרט עפּעס אַ מיידל אָדער אַ יונג ווײַבל, צוגעפּוצט, אַזוי ווי איינע וואָס גייט זען אַ געליבטן, און מיט אַ קאָקעטישן שמייכל אויף די ליפּן, אָבער אַנשטאָט אַזאַ מיידל אָדער אַ ווײַבל האָט דער שליח דערזען אַ קורצע, ברייטע אָפּגעלאָזענע ייִדענע פון אַ יאָר עטלעכע און פערציק מיט אַ קליין קינד, אַן עופּהלע, אויפן אָרעם, און דרײַ קינדערלעך, וואָס האָבן זיך געהאַלטן בײַ איר אַלטן, פאַרלאַטעטן, ציצענעם קליידל. די דינע האָר אויף איר קאָפּ, זייער קאַרג אין צאָל, זײַנען געווען באַדעקט מיט עפּעס אַ שטיקל צודעק פון געפלאָכטענעם שוואַרצן שטרוי, וואָס האָט דערמאָנט אַ ווײַבערשע הוט. אירע אויגן זײַנען געווען פאַרוויינט און זי האָט עפּעס גערעדט מיט אַן אויסדרוק פון געבעט, בעת זײַטשיק האָט זי געזוכט צו באַרויִקן.

אַז דער שליח איז צוריקגעקומען פון זײַן שליחות, האָבן זיך אַלע אויף אים אַ וואָרף געטאָן מיט איין פראַגע:

— נו?

— ע, פֿאַראַן וואָס אָנצוקוקן! — האָט ער אויסגערופֿן — מיר האָבן זיך אַלע אָפּגענאַרט. עפּעס אַ פֿאַרשלומפּערטע ייִדענע מיט פֿיר פּיצעלעך. מסתּמא זײַנע אַ שוועסטער אָדער זײַן באַלעבאָסטע, בײַ וועלכער ער וווינט.

און באַלד איז דער בוכהאַלטער אַליין צוריק אַרײַנגעקומען, שטיל, רויִק, אָן אַ שום אויסדרוק אויף זײַן פּנים, אַזוי ווי עס איז גאָר ניט געשען.

נאָך דעם פֿלעגן אָפּט מאָל די אַרבעטערס פֿון דעם געשעפֿט מאַכן אַ וויצל וועגן דער פֿרוי און איר „ראַנדעוווּ" מיטן בוכהאַל־טער. זיי האָבן זי באַטיטלט ווי „זײַטשיקס מיסעס", און דער שליח, וואָס האָט זי געזען, האָט דערקלערט, אַז דאָס קליינינטשקע, וואָס זי האָט געהאַלטן אויף אירע הענט, איז געווען ענלעך צו זײַטשיקן. אַלע פֿלעגן דערבײַ לאַכן. אַפֿילו דאָס מיידל, וואָס האָט געאַרבעט אויף דער שרײַבמאַשין, פֿלעגט זיך פֿאַרשטעלן דאָס פּנים מיטן „דזשורנאַל" און אויך לאַכן.

אָבער זײַטשיק פֿלעגט אַפֿילו מיט די אויגן ניט קיין פּינטל טאָן. אַ שטילער מענטש, אַ מאָדנער מענטש, אַ לעבעדיק רעטעניש איז דאָס געווען.

*

איין מאָל האָט געטראָפֿן, אַז זײַטשיק איז ניט געקומען צו דער אַרבעט. דער באַלעבאָס און די אַרבעטערס פֿון דעם געשעפֿט האָבן זיך ניט געקענט אָפּוווּנדערן. אין די צען יאָר, וואָס זײַטשיק האָט געאַרבעט אין דעם געשעפֿט, איז ער שטענדיק געווען פֿון די ערשטע, וואָס פֿלעגן קומען צו דער אַרבעט און האָט קיין מאָל ניט פֿאַרפֿעלט קיין טאָג.

— זאָל דזשייקי גיין צו אים אַהיים און זען, אפֿשר איז ער קראַנק — האָט דער באַלעבאָס געזאָגט.

עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז קיינער האָט ניט געוווּסט, ווו זײַטשיק וווינט.

איז געבליבן, אַז מע זאָל וואַרטן.

אַ טאָג איז אַריבער. אויפֿן צווייטן טאָג איז אַרײַנגעקומען אַ יונג, שיין ווײַבל, הויך און פֿעסט געבויט, און האָט מיט אַ באַזאָרגטער שטימע געפֿרעגט אויף מיסטער זײַטשיק. ווען זי האָט געהערט, אַז ער איז שוין צוויי טעג ניט געווען אין געשעפֿט, האָט זי פֿאַרבראָכן מיט די הענט און אויסגערופֿן:

— איצט פֿאַרשטיי איך. ער איז טאַקע אַנטלאָפֿן. ער האָט מיך אומגליקלעך געמאַכט. מײַן גאַנץ געלט האָט ער צוגענומען און מיך האָט ער איבערגעלאָזן אַן עגונה.

דאָס האָט געטראָפֿן אַלעמען ווי אַ דונער אין אַ שיינעם וועטער. דאָס ווײַבל האָט דערציילט, אַז זי איז געווען פֿאַרהייראַט מיט זײַטשיקן באַלד אַ יאָר צײַט און די גאַנצע צײַט פֿון זייער פֿאַרהייראַטן לעבן האָט ער זיך אויפֿגעפֿירט זייער פֿאַרדעכטיק. ער פֿלעגט פֿאַרשווינדן פֿון דער היים אויף גאַנצע נעכט. מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָט זי אויסגעפֿונען, אַז ער האָט אַרויסגענומען זייער גאַנץ געלט פֿון באַנק. איז איר אײַנגעפֿאַלן, אַז ער איז אַנטלאָפֿן מיט אַן אַנדערער.

זי איז אַוועק וויינענדיק. טויזנט דאָלאַר האָט ער מיטגענומען און אויך אַ פּאָר שטיקלעך צירונג, וואָס זי האָט געהאַט.

נאָך צוויי טעג זײַנען אַריבער. אויפֿן דריטן טאָג איז אין דעם געשעפֿטהויז אַרײַנגעקומען אַ ייִדענע פֿון עטלעכע און פֿערציק, אַן אָפּגעלאָזענע און מיט אַ שלומפּער. אויף דער האַנט האָט זי געהאַלטן אַ פּיצעלע און דרײַ קינדער האָבן זיך נאָכגעשלעפּט נאָך איר צעריסענעם, פֿאַרלאַטעטן קלייד.

— ווּ איז מײַן מאַן? — האָט זי געפֿרעגט סאָפּענדיק אָן אַן אָטעם, קענטיק אַ לאַנגן וועג זיך געשלעפּט צו פֿוס. מײַן מאַן, מיסטער זײַטשיק, זוך איך! — האָט זי אויסגערופֿן, זעענדיק אַז אַלע זײַנען צעמישט און פֿאַרשטייען ניט, וואָס זי רעדט.

דאַן האָט זי איינער פֿון די אַרבעטערס דערקענט. „דאָס איז זי“, האָט ער געזאָגט שטיל, ווינקענדיק צו די אַנדערע אַרבעטערס,

„דאָס איז זי, וואָס האָט אים אַמאָל אַרויסגערופֿן און גערעדט מיט אים אין גאַס".

— אַנטשולדיקט מיר, אָרעמע פֿרוי, — האָט דער באַלעבאָס פֿון געשעפֿט געזאָגט — אײַער מאַן האָט געאַרבעט בײַ מיר צען יאָר און ער האָט זיך שטענדיק אָנגעגעבן פֿאַר אַ בחור.

— אַ שײנער בחור איז ער! — האָט די ייִדענע יאָמערלעך אויסגערופֿן — אַ מלאך־המות איז ער! צוועלף יאָר, אַז מיר זײַנען פֿאַרהייראַט און די גאַנצע צײַט האָט ער מיך אויסגעהונגערט מיט די קינדער צוזאַמען. פֿלעגט זיך אַרומשלעפּן גאַנצע נעכט מיט מיידלעך, מיט שיקסעס און מיט גויעס. אָ, דער שאַרלאַטאַן! אַ מיתה משונה אויף אים! האָט מיר אָנגעפּלאָדיעט פֿיר קינדער און איצט דאַרף איך זיך האַלטן מיט זיי.

די אַרבעטערס פֿון געשעפֿט האָבן געמאַכט אַ זאַמלונג. דער באַלעבאָס האָט די זאַמלונג געמאַכט דאָפּלט און צוגעזאָגט עפּעס צו טאָן פֿאַר דער אָרעמער עגונה. אָבער מיט דעם האָט זיך די געשיכטע נית געענדיקט.

גראָד אויף מאָרגן איז געקומען אין געשעפֿט אַ הויכער, דאַרער יונגער־מאַן און האָט געפֿרעגט, אויב עס אַרבעט דאָ אַ מיסטער זײַטשיק.

— עס איז שוין באַלד אַ וואָך, אַז ער איז צו דער אַרבעט ניט געקומען.

— איצט איז שוין בײַ מיר קיין צווייפֿל ניט! — האָט דער מאַן געזאָגט.

— וואָס איז ער מיט אײַך געווען? — האָט דער באַלעבאָס פֿון געשעפֿט געפֿרעגט.

— ער האָט מיט פֿיר מאָנאַטן צוריק זיך אַרײַנגעצויגן צו מיר ווי אַ באָרדער[1]. ער איז מיר באַלד פֿאַרגעקומען זייער פֿאַרדעכטיק. אַ מענטש דינגט אַ צימער און ווײַזט זיך בלויז איין מאָל אין דרײַ

[1] לאָקאַטאָר.

טעג. די לעצטע צײַט האָט ער אָנגעהויבן צו קומען אָפּטער און איז געוואָרן אַ גוטער ברודער מיט מײַן פֿרוי. ער פֿלעגט זי נעמען אין טעאַטער און אין אָפּערע. לעצטע וואָך זאָגט מיר מײַן פֿרוי, אַז זי וויל פֿאָרן קיין פֿילאַדעלפֿיע צו איר שוועסטער. האָב איך איר געגעבן אויף אַ בילעט און נאָך אַ פּאָר דאָלאַר דערצו. איצט האָב איך זיך אַרומגעזען, אַז זי איז גאָר קיין פֿילאַדעלפֿיע ניט געפֿאָרן, נאָר זי איז אַנטלאָפֿן מיטן באָרדער. אַזאַ שטילינקער איז דאָס געווען — ווער זאָל זיך דאָס ריכטן אויף אים!

— יאָ, אַזאַ שטילינקער... — האָבן די אַרבעטערס פֿון געשעפֿט נאָכגעזאָגט.

אַברהם רייזען

# דער באַנבילעט

## אַ שמועס אין וואַגאָן

...איר פֿאָרט מיט אַ בילעט? אַ נאַרישקייט, אַ גרויסע נאַרישקייט: הלמאַי זאָל מען פֿאָניען אָנשטאָפּן מיט געלט? מען זאָגט אַפֿילו, אַז פּאָליאַקאָוו האָט אויך אַ חלק אין באַן. נאָר וואָס מיינט איר איז פּאָליאַקאָוו? ער האָט שוין אַפֿילו לאַנג פֿאַרגעסן, אַז ער איז אַ ייִד... נאָר מיר דאַכט, אַז מיט דער ליניע איז ער נישט קיין שותּף... און אפֿשר אַ... נאָר אַזוי צי אַזוי, אַ בילעט נעמען איז אַ נאַרישקייט... ס׳איז אַרויסגעוואָרפֿן געלט! איר וועט זאָגן יושר? וועל איך אײַך פֿרעגן צוריק: ווו איז בײַ זיי יושר? אָט פֿאָרן מיר שוין די דריטע סטאַנציע און מיר האָבן נאָך אַלץ נישט ווו צו זיצן! צונויפֿגעשטיקט ווי גענדז... קראַנק זײַנען זיי געווען צוטשעפּען נאָך אַ וואַגאָן צי טאָקע נאָך צוויי... און גלאַט — ווּעמענס כּוחות איז צו באַצאָלן פֿאַר אַ גאַנצן בילעט? מילא, איר פֿאָרט איין מאָל אין אַ שמיטה, קענט איר

זיך פֿאַרגינען צו קויפֿן אַ בילעט. אָבער איך, פֿאַרשטייט איר מיך, בין אַ ייִד אַ קרעמער, פֿאַר אַכט מאָל אַ יאָר נאָך סחורה, און מיר וואָלט מײַן גאַנצע קראָם נישט אויסגעטראָגן, ווען איך זאָל קויפֿן יעדעס מאָל אַ בילעט. אַז איך פֿאָר מיטן „קאָנדוקטאָר", מאַך איך אויך נישט קיין גרויסע גליקן. אַ מאָל טרעפֿט זיך, פֿאָר איך נאָך אַ פֿעסל הע־רינג, למשל. ווען איך זאָל נעמען אַ בילעט, וועל איך שוין מוזן אַרויפֿצי׳ען אויף יעדן הערינג אַ גראָשן, און אַז איר וואָלט געקענט אונדזערע קונדן, וואָלט איר פֿאַרשטאַנען, ווי אַזוי דאָס איז גוט: אונ־דזערע קונדן וועלן אײַך אַ יאָר נישט פֿאַרזוכן קיין שטיקל הערינג און וועלן אָפּקומען מיט אַ ציבעלע, אַבי דער קרעמער זאָל נישט אויספֿירן. אַזוינע מינים קונדן זײַנען דאָ אין שטעטל!

פֿאָר איך מיר שטענדיק אָן אַ בילעט. און הלוואי ווײַטער! אמת, די ערשטע צײַט פֿלעגט מיר דאָס האַרץ קלאַפּן ווי בײַ אַ גזלן, ווען איך פֿלעג אַרײַנגיין אין וואַגאָן אָן אַ בילעט. אַ קלייניקייט, מען שפּילט זיך דאָ מיט פֿאָניען! צוריקגערעדט, קומט על פּי זאַקאָן[1] דערפֿאַר נישט קיין גרויסער פּסק. על פּי זאַקאָן דאַרפֿן „זיי" נאָר אַראָפּוואַרפֿן בײַ אַ סטאַנציע און דאָרטן פֿרעגט דער נאַטשאַלניק־סטאַנציע אַ פּאַס, דעם נאָמען און מאַכט אַ פּראָטאָקאָל. אַ מאָל, אַז דו פֿאַרגעסט דעם פּאַס אין דער היים, צי דו האָסט גאָר קיין פּאַס נישט, שיקט מען דיך אָפּ מיטן עטאַפּ[2], ס׳איז אויך נישט קיין גרויס אומגליק... כאָטש ס׳ווענדט זיך פֿאַר וועמען.... פֿאַר מיר, למשל, וואָלט דאָס געווען אַ הריגה — מײַן קראָם וואָלט אין גאַנצן חרובֿ געוואָרן. נאָר הלוואַי ווײַטער. מיך האָט מען נאָך קיין מאָל נישט אַראָפּגעפֿירט, ווײַל נאָך אַלע זאַכן בין איך פֿאָרזיכטיק. אַמאָל, למשל, האָט זיך געטראָפֿן, אַז איך האָב נישט געהאַט קיין בילעט און ס׳איז גראָד געגאַנגען אַ קאָנטראָליאָר, בין איך געפֿאַלן אויף אַ שׂכל און בין אַרונטערגעקראָכן אונטער אַ באַנק. און גלייבט מיר, אַז דאָרטן איז גאָר נישט אַזוי שלעכט — געררוימער ווי אין וואַגאָן. די גאַנצע זאַך איז, וואָס אויך

[1] נאָכן געזעץ. — [2] באַגלייט פֿון זעלנער אָדער פּאָליצײ.

אונטערן באַנק ביסטו נישט זיכער. וואָרעם אַן אַנדער קאָנטראָליאָר, אַ שׂונא־ישׂראל, למשל, הייסט זוכן אונטער די בענק. דעמאָלט האָט מען גראָד נישט געזוכט, איך האָב געהאַט מזל. מען דאַרף צו אַלץ האָבן מזל... נאָר דאָס האָט מיר נאָר איין מאָל געטראָפֿן און יענע נסיעה האַלט איך פֿאַר די בעסטע: עס האָט טאַקע נישט געקאָסט קיין גראָשן. דעם קאָנדוקטאָר גאָר נישט געגעבן... אַזוי אָבער קאָסט דער קאָנדוקטאָר. קיין סך גיב איך אים נישט — אַ צוויי גילדן! ס׳איז גענוג פֿאַר אים. מאָלט אײַך, אַז ער האָט אַזוינע ווי איך אין די צענדליקער... דאָס רובֿ זײַנען די קאָנדוקטאָרן נישט קיין שלעכטע: גיסט־אַוועק אים די צוויי גילדן — זעסטו, אַז ער איז דײַנען אַ פֿרײַנד, כאָטש אַ ייִד — זיי האָבן יושר... מײַנע קאָנדוקטאָרן — אַלץ באַקאַנטע — זײַנען שוין גאָר פֿײַנע גויִים; אין גרונט גענומען, קומט דאָך דעם קאָנדוקטאָר די צוויי גילדן! פֿון דעסט וועגן באַדאַנקט ער. זאָגט אײַך, וואָס איר ווילט, דאָס איז אַן איידלקייט פֿון אַ גוי... מיט מיר איז איינער פֿון זיי אַ גוטער ברודער און גראָד קומט מיר דאָס רובֿ אויס מיט אים צו פֿאָרן — ער ווייסט, ווי מען רופֿט מיך, קלאַפּט מיר שטענדיק איבער דער פּלייצע און רופֿט מיך: „מאָלאָדיעץ, לייבל״! ער האָט טאַקע פֿון מיר איבערגענומען אַ היפּשע מטבע — שוין פֿופֿצן יאָר, אַז מען פֿאָרט אין שטאָט אַרײַן נאָך סחורה אַכט מאָל אַ יאָר! אַ מאָל גיב איך אים אויסער די צוויי גילדן אַ מתּנה: אַ הערינגל, אַ פּאָר זויערע אוגערקעס — מען קען נישט זײַן קיין חזיר... און ער איז טאַקע ווערט... נאָך אַלע זאַכן טוט ער ייִדן טובֿות. עס קאָסט פֿאָרט ביליקער, ס׳איז דאָך גאַריש!... איין מאָל נאָר איז ער אויף מיר שיִער נישט אין כּעס געוואָרן... און ער איז געווען גערעכט. איך האָב מיך אָבער פֿאַרכאַפּט: ס׳האָט מיך אַפֿילו געקאָסט יענע נסיעה אַ שיינע פּאָר גראָשן. און ווער איז אַלץ שולדיק? עפּעס אַ נאַרישער ייִד איינער! אויפֿן וואָקזאַל האָט ער צווישן אונדז געמאַכט אַ מהומה: באשר עס פֿאָרט זייער אַ בייזער קאָנטראָליאָר און מען מוז נעמען בילעטן! איך האָב אַפֿילו לכתחילה געלאַכט: וואָס הייסט אַ קאָנטראָליאָר? דער קאָנדוקטאָר וואָלט אַוודאי גלײַך צו

וויסן געגעבן, האָב איך אים אָבער בשום אופן נישט געפונען...
מילא, פאַרפאַלן — מען מוז נעמען אַ בילעט — אַכט בלוטיקע גילדן!
הײַנטיקע פרנסות! פאַרפאַלן! גענומען אַ בילעט! איך גיי־אַרײַן אין
וואַגאָן — ס'איז אַ מהומה. עס פאָרט, זאָגט מען, זיכער אַ קאָנטראָ־
ליאָר און יעדער וואָרנט דעם אַנדערן: אַ בילעט, למען השם, ייִדן,
האָט בילעטן! נו, טראַכט איך מיר, אַבי איך האָב! און מײַן קאָנדוק־
טאָר זע איך נישט! דער צוג נעמט זיך רירן. איך שטיי מיר אָנגע־
שפּאַרט בײַם פענצטער און טראַכט פון די איבעריקע עטלעכע גילדן
און עס רײַסט מיר אויס אַ שטיק האַרץ; הײַנטיקע פרנסות! און
גלאַט מוז איך אײַך זאָגן, בין איך נישט געווינט געוועזן צו פאָרן
מיט אַ בילעט — גיי, היט זיך מיט אים! אַלע ווײַלע טאַפּ איך אים
אין קעשענע, צי ליגט ער. דער קאָפּ איז פאַרדרייט, און צו אַ בילעט
בין איך נישט געווינט — איך קען אים נאָך פאַרלירן.

אין אַ פערטל שעה אַרום, מיר זײַנען שוין אָפּגעפאָרן אַ האַלבע
סטאַנציע, קומט־צו דער קאָנדוקטאָר מײַנער! ווו קאָנטראָליאָר, ווער
קאָנטראָליאָר — אַן אויסגעטראַכטע מעשׂה! איך בין אַזוי צעטומלט
געוואָרן, אַז איך האָב נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. דאָ הער איך,
ווי דער קאָנדוקטאָר רופט זיך אָן: נו, לייבל, וואָס שווײַגסטו? הײַנט,
וואָס טוט מען דאָ? — זאָל איך אים געבן דעם בילעט, הײַנט וואָס
וועט ער האָבן? ער קען נאָך פאַראיבל האָבן... מילא, איר וועט פון
מיר לאַכן — איך האָב אַרויסגענומען צוויי גילדן און האָב אים גע־
געבן. איך האָב מיך, גלייבט מיר, געשעמט צו געבן אים דעם בי־
לעט... עס האָט פשוט נישט געפּאַסט!... שטענדיק פאָרסטו אָן
אַ בילעט, מיט אַ מאָל וועסטו פריש און געזונט און משוגע, און גיסט
אים אַ בילעט .. עס פאַרשטייט זיך, עס האָט מיך געקאָסט די מעשׂה
גענוג געזונט. איך בין פון דער דאָזיקער נסיעה בדלות געוואָרן.
אַרום־און־אַרום האָט זי מיך געקאָסט צוועלף גילדן. נאָר טו, מאַך,
איך האָב נישט געקענט מיטן קאָנדוקטאָר אײַנרײַסן... עס האָט
נישט געפּאַסט... און דער עיקר — איר וועט מיר גלייבן — איך
האָב מיך פשוט געשעמט צו געבן אים דעם בילעט...

ז. װענדראָף

## ייִדישיסטן

### אַ מאָנאָלאָג פֿון אַ קיִעװער ייִד

— װי גייט עס מיט מײַן סעמייסטװאָ[1]? נישט צו פֿאַרזינדיקן, עס דרודלט זיך... הײַנט גייט בײַ אונדז אַ נײַע סדרה — ייִדישיזם, װאָס איז דאָס פֿאַר אַ נײַע נאמנה אַזאַ? — װייס איך נישט. זאָגן זאָגט מען, אַז דאָס איז כמעט דאָס זעלביקע װאָס ייִדישקייט, נאָך מער פֿון ייִדישקייט, ייִדישקייט מיט אַ סמיטשיק... און מע פֿאַר־טײַטשט עס מיר מיט כּלערליי משונה־מאָדנע װערטער, הלװאי זאָל עס זײַן צו גוטן.

עס איז געקומען אַזוי װײַט מיט דער דאָזיקער ייִדישקייט, אַז איך בין שוין געװאָרן דער גוי. אַמאָל פֿלעג איך טענהן צו מײַנע קינדער: זײַט ייִדן! הײַנט טענהן זיי צו מיר: טאַטע, זײַ אַ ייִד!... אַמאָל איז מײַן עלטערער זון געװען זינאָװיע װלאַדימיראָװיטש, מײַן ייִנגערער זון — גערשאָסים װלאַדימיראָװיטש און מײַן טאָכטער, די קורסיסטקע — קלאַװדיאַ װלאַדימיראָװנאַ. איך בין, הייסט עס, געװען דער װלאַדימיר. געפֿעלט אײַך עפּעס אַ װלאַדימיר? װאָרעם איך, אַז איך נעם־אַראָפּ דאָס היטל און בלײַב אין יאַרמלקע — זע איך דאָך אויס װי אַן עכטער קריסט... הײַנט פּרוּװט אָנרופֿן מײַן זון „זינאָ־װיע”, װעט ער אײַך די אויגן אויסדראַפּען. זלמן זאָל מען אים רופֿן. און נישט נאָר זלמן, נאָר זלמן־טודרס — ער האָט זיך דערמאָנט, אַז די באָבע ע״ה, האָט אַמאָל געזאָגט, אַז ער האָט נאָך אַ נאָמען, נאָך אַן עלטער־זיידן, טודרס... און מײַן גערשאָסים הייסט זיך רופֿן גרונם. עס געפֿעלט אים דער נאָמען גרונם. אַמאָל איז אַזאַ נאָמען געװען חוכא וטלולא. הײַנט איז עס אַ געהויבענע זאַך. עס האָט אין זיך,

---

[1] משפּחה.

זאָגן זיי, אַ קלונג אַזוינעם. סע קלינגט מיט עפּעס אַזוינס, ווי רופֿן זיי עס, פֿאַלקטימלעכקייט... דער גוטער יאָר ווייסט זיי...

אַמאָל, אַ שטייגער, פֿלעגן קומען צו מײַנע קינדער געסט, חבֿרים. פֿלעג איך שוין אָן מײַן אַלטע מוזן ברעכן די ציין און ריידן רוסיש. נישט איין מאָל פֿלעגט מײַן אַלטע זיך וועלן אַרויסדרייען און שיקן מיך:

— גיי שוין, גיי, וועלוול, די געסט זײַנען געקומען און מען דאַרף מיט זיי ריידן רוסיש.

און איך האָב אַזוי קיין צײַט נישט און קיין כּוח נישט... פֿלעג איך שוין גיין. פֿאָרט אַ מאַנסביל, מער קוראַזש. „זדראַסטי[2], זדראַסטי“!... הײַנט פּרוּווט זיך אויסריידן „זדראַסטי“, וועט מען אײַך דורס זײַן. און בײַ מיר — אַ רגילות, אַ לעבן, אַז מען מושטירט מיך. כאַפּט זיך אַ מאָל אַרויס מיט יונגוואַרג אַ „זדראַסטי!“ — איז הימל עפֿן זיך, פּונקט ווי איך וואָלט באַגיין ווער ווייס וואָס פֿאַר אַ קרימינאַל.

„ייִדיש, ייִדיש, זאָל מען ריידן!“ — גוטע יאָרן, אַז מען הייסט טאַטע־מאַמע ריידן ייִדיש. מילא, ייִדיש איז ייִדיש. נאָר וואָס איז דאָס אָבער פּלוצלינג געוואָרן אַזאַ בהלה מיטן ייִדיש, פֿאַרשטיי איך נישט. מיט דער שטובשיקסע רעדט מען שוין ייִדיש; מיט דער קאַץ, מיט דעם הונט, מיט דער בהמה... כ'מיין, אפֿשר זײַנען זיי גערעכט... פֿון וואַנען איז טאַקע געדרונגען, אַז מיט אַ בהמה און מיט אַ קאַץ דאַרף מען ריידן רוסיש? אָבער וואָס פֿאַרלאַנגען זיי? אַז עס קומט לפּידות דער רופֿא אָדער קלמנזאָן דער פּאָדריאַדטשיק, זאָל איך מיט זיי אויך ריידן ייִדיש? אַ שיין פּנים וואָלט עס האָבן! ווי מיינט איר?

וואָלט עס געווען כאָטש אַ ייִדיש־ריידן! פֿאַרשטיי איך זייער ייִדיש נישט מער פֿון דער גאַנצער ייִדישקייט זייערער. אַז „געטראָפֿן

---

[2] זײַט באַגריסט.

אַ סלוטשײַ" איז בײַ זיי „געשען אַ געשעעניש". אַז אַזאַ פּשוט וואָרט ווי „ניעפּריאַטנאָסט" איז בײַ זיי אומאָנגענעמלעכקייטישקייטן... איר קענט עס אַרויסריידן? אַנו, זײַט אַ בריה און טרעפֿט, וואָס איז דער טײַטש: „אָנגעווענדט די אויפֿמערקזאַמקייט", „געמאַכט אַ באַמערקונג" און „געענדיקט"? טענה איך צו זיי: אַמער רעדט ייִדיש: „אָבראַש־טשאַיעט ווניעמאַניע" און „געמאַכט אַ זאַמיעטשאַניע" — וועט מען פֿאַרשטיין וואָס איר רעדט!

אַ פּנים האָט עס געהאַט, ווען מײַן טאָכטער פֿלעגט, נישט הײַנט געדאַכט, ריידן מיט מײַן אַלטער רוסיש. און אַ פּנים האָט עס בײַ מיר הײַנט, ווען זי רעדט מיט איר ייִדיש. מײַן טאָכטערס ייִדיש: שטימונג, און לאַנגווײַליקייט. און סאַנטימענטאַליטעטלוזיקייט... פֿון וואַנען קען איך דאָס אָט די ווערטער? אָט, מען הערט זיך אָן, אײַנגעשטודירט. פֿאָרט בין איך דאָך עפּעס אַ מאַנסביל. נאָר מײַן אַלטע, נעבעך, מוטשעט זיך נאָך הײַנט מיט דעם ייִדיש ווי אַמאָל, נישט הײַנט געדאַכט, מיט דעם רוסיש. אַ ייִדענע — פֿאַרבײַט זי די יוצרות. וואָרעם, באמת, גיי זײַ אַ בריה און טרעף, ווען מען דאַרף זאָגן „אויסוואָרף", ווען פֿאַרוואָרף" און ווען „אויפֿרוף"!?

אין וואָס נאָך באַשטייט זייער ייִדישקייט? — מען שטודירט די צאינה־וראינה און נאָך אַזעלכע תחינות... מײַן זינאָוויע, מײַן זלמן־טודרס, זעצט זיך אַוועק איבער דער צאינה־וראינה, ווי אַ פּראָפֿעסאָר אין פּענסנע, אָן אַ היטל, און לערנט מיט גרויס התמדה. קנייטשט דעם שטערן, דרייט מיטן גראָבן פֿינגער און פֿאַרגייט זיך פֿון גרויס טיפֿקייט און מתיקות... מײַן געראָסים, גרונם מיין איך, שרײַבט פֿון ד'אָרטן אויס גאַנצע שטיקער צו זיך אין ביכעלע אַרײַן, מיט הערות, מיט הגהות און פּירושים, און מײַן טאָכטער קלאַודיאַ, קיילע מיין איך, דרוקט עס אָפּ אויף אַ שרײַבמאַשין. איר פֿאַרשטייט? 38 יאָר איז מײַן זלמן־טודרס אַלט. אויסגעשטודירט און אויסגעלערנט אַלע נאַאוקעס[3] שבעולם; אויסגעווען ווו די וועלט האָט אַן עק:

---

[3] וויסנשאַפֿטן.

אין לײַפּציג, אין פּאַריזש און אין פראַנציע, אויסגעלייענט אַלע ביכער מיט אַלע פילאָסאָפיעס, מיט אַלע באַבליאָטעקס, מיט אַלע פּראָקלאַמאַציעס, מיט טאָלסטאָיען און דאַרווינען און גאָרקין און איידיסאָן. נישטאָ קיין זאַך, וואָס ער זאָל נישט וויסן. ווילט איר, וועט ער אײַך דערקלערן דעם שכל פון אַ גראַמאָפאָן; ווילט איר, וועט ער דערקלערן, פאַר וואָס איז אין קיטײַ[4] אַ רעוואָלוציע. און טאָמער איז אין קיטײַ נישטאָ קיין רעוואָלוציע, וועט ער אײַך דערקלערן, פאַר וואָס איז דאָרטן נישט קיין רעוואָלוציע. ווילט איר, וועט ער אײַך מאַכן אַ רעגנבויגן אין מיטן העלן טאָג, נישט אויפן הימל, חלילה, נאָר אויף דער ערד ממש, מיט אַ קוואָרט וואַסער און אַ שפּריצער... ווילט איר, וועט ער אײַך דערקלערן דעם שכל פון געלט. נישט ווי אַזוי מען פאַרדינט געלט. אויף דעם, ברוך השם, דאַרט מיר נאָך דער מוח. נאָר דעם עצם ענין פון געלט. פאַר וואָס, אַז מען האָט געלט, איז מען אַ נגיד, און אַז מען האָט נישט קיין געלט, איז מען אַן אביון און אַ קבצן אין זיבן פאָלעס. פאַר וואָס אַ שנײַדער נייט קליידער און אַ שוסטער שיך. הכלל, וואָס איר ווילט נאָר אַליין; און איצט איז ער געקומען צום שכל, אַז די גרעסטע נאַאוקע איז ריידן ייִדיש, און אַז מען דאַרף ריידן ייִדיש דווקא מיט דיקדוק, און די גרעסטע חכמה שטעקט אין צאינה וראינה... און איך האָב גאָר נישט געוווּסט, אַז דאָרט געפינט זיך אַזאַ גאונות.

איר האָט געמעגט אַ מאָל זיך צוהערן, ווי אַזוי מײַן זלמן־טודרס לייענט דעם צאינה־וראינה הויך אויפן קול פאַר אַן עולם פון זײַנע געסט. ווי אַזוי אַלע האַלטן דאָס אָנגעשטעלט מויל און אויערן און זײַנען מבֿין יעדער וואָרט. „און האָט גאָט געזאָגט צו נח, דאָש איך וועל טהון פערטיליגען אַלע בעשעפּענישן און ווידמענונגען, וואָס טהוען טהון ווידמענען אויף דער ערד, נײַערט דו דאָש דער געפינען האָט חן זעליגקייט". ווערט אַ שמחה אויף אַלעמען: „פערטיליגען", אָוואַ! „טהוען טהון פערטיליגען" — ס'אַ טײַער וואָרט! ס'אַ גאָלדן

---

[4] כינע.

וואָרט „ווידמענונגען!״ און „נײַערט״... הײַנט „זעליקייט״... הכּלל, מען צעגייט פֿאַר התפּעלות.

און וואָס נאָך? די צאַצקעס פֿון צאינה־וראינה פֿאַרנעמט בײַ זיי אַן אויג. קלײַבן זיך אַרום נעבן יעדער צאַצקע פֿון טײַטש־חומש באַ־יאָרטע מענטשן, סטודענטן, מאָלערס פֿון אַקאַדעמיע, און מען לעקט די פֿינגער. וואונדער איבער וואונדער! איך כאַפּ אויך אַ קוק. אַ צאַצקע: „דאָס איז די מעשׂה, ווי אָדם און חוה זײַנען אַרויסגעטריבן פֿון גן־עדן״. „דאָ בויט נח די תּיבֿה פֿון פּימסנהאָלץ״. „דאָס איז, ווי רבֿקה גיט צו טרינקען די קעמלען פֿון אליעזר, דער קנעכט פֿון אַבֿרהם״... וואָס זאָל זײַן? אָפּגעמאָלעוועטע קאַרטינעס! וואָלט עס כאָטש זײַן געמאָלט מיט דער האַנט, איז עס געדרוקט מיט אַ מאַשין, זיי אָבער געפֿינען דאָרט מאָדנע חידושים: „שטיל״ און „קונץ״ און „שטריך״ און „כאַראַקטערס״ און „היסטאָריע״ און — ווי זיי רופֿן עס אָן — פֿאָלקסטימלעכקייט. זאָגט מיר, איך בעט אײַך, ווייסט איר נישט, וואָס דאָס איז אַזוינס?

צי טוען זיי עפּעס, מײַנע קינדער, געשעפֿט? איך ווייס? עפּעס האַוועט מען, עפּעס גייט בײַ אונדז אין שטוב אַ מסחר, נאָר איך ווייס נישט מיט וואָס. האָלץ, נישט האָלץ; וואַלד, נישט וואַלד; תּבֿואה נישט תּבֿואה, נאָר עפּעס אַ משונה־מאָדנע סחורה. וועדליק איך הער חזרנדיק דעם נאָמען, הייסט עס פֿאָלקלאָר. האָט איר געהערט אַמאָל פֿון אַזאַ סחורה?

דערווײַל איז בײַ מיר אין שטוב אַ פֿאָלנע קאָנטאָר, אַ קאָנטאָר פֿון פֿאָלקלאָר. מײַן זון איז דער גלאַוונער דירעקטאָר, „טאָרגאָווי דאָם, דאָם זלמן טודרס עט קאָמפּאַניע״... ביכער מיט שרײַבגעצײַג, מיט קאָרעספּאָנדענציעס, מיט קאַנצעלאַריעס. משולחים פֿאָרן־אַרום בכל תּפֿוצות ישׂראל מיט טשעמאָדאַנען, מיט פּאָרטפֿעלן. ווער עס אַרבעט אויף געהאַלט, ווער אויף פּראָצענטער. און טעלעגראַמעס גייען, קאָ־רעספּאָנדענציע, געדרוקטע קאָנווערטן, פֿירמעס... און עס ווערט אײַנגעהאַנדלט סחורה: אַלטפֿרענקישע מטלטלים, חפֿצים פֿון מלך סאָביעסקיס יאָרן, שבֿרי־כּלים, לידלעך. אַ מעשׂה מיט אַ רבֿ און אַ

רביצין, ווערטלעך, משלים, רעטענישן... איך קאַוויר[5] אײַך, אַז ווען עס מאַכט זיך אײַך אַ קאַזיאָנער פּאָדריאַד פֿון אינטענדאַנטסטוואָ, ווו איר קענט כאַפּן אַ ריש אַלפים רובל (און איר זײַט דאָך אַ ייִד אַ נצ־רך, וואָרעם וועלכער ייִד איז נישט קיין נצרך?), וועט איר זיך אַזוי נישט דערפֿרייען, ווי מײַנע קינדער, ווען זיי דערטאַפּן ערגעץ אַ קנעפּל פֿון אַן אַלטער יאַרמלקע אָדער אַ לידל פֿון אַ ניקאָלאַיעווסקן סאָל־דאַט.

מײַן עלטערער זון, גרונם, אַרבעט דאָ־הי אויפֿן פּלאַץ. יעדעס מאָל פֿאַלט ער אַרײַן מיט אַן אַנדער גדולה. און יעדעס מאָל איז ער אויסגעשמירט ווי אַ שד. דאָ איז ער געקראָכן אויף אַ בוידעם און געפֿונען אַן אַלט דעקל פֿון אַ שמעק־טאַבאַק־פּושקע און דאָ איז ער געלעגן אונטער אַ בימה פֿון ערגעץ אַ שול, געפֿונען אַ שמה פֿון אַן אַלטער תחינה. איך, אַז איך וועל דערזען אַ שמה, וועל איך עס אויך נישט לאָזן וואַלגערן זיך אויף דער ערד. איך וועל עס אויפֿ־הייבן און פֿאַרשטעקן ערגעץ. בײַ זיי איז דאָס אָבער גאָר אַ געהוי־בענע מצווה געוואָרן. בײַ זיי גלעט מען עס אויס און מען פּרעסט עס אויס און מען קלעפּט עס אַרײַן אין אַ בוך, און מען שטעלט עס אַרײַן אין אַ שאַפֿע הינטער אַ גלאָז נאַ פּאָקאַז[6].

איר האָט, אויף אַ טשיקאַוועס, געמעגט אָנקוקן די דאָזיקע שאַ־פֿע, וואָס דאָרט טוט זיך! אַ מין רומל מיט סחורה: אַ צעבראָכענער שופֿר, אַ פֿאַרזשאַווערטע רער פֿון אַ הענגלײַכטער, אַ טאָוול פֿון אַ מעבֿיר־יבוק, אַ טײַטל, אַ שׂמחת־תּורה־פֿאָן, אַ פּסולע ציצה, אַן אָפּ־געשלאָגענע הושענה, וכדומה... און אין יעדער זאַך ליגט „פּאָ נאָ־מעראַציע", פֿאַרשריבן אין רייסטער מיט אַ סדר, מיט אַן אָרדענונג און מיט אַן אָרדעניק[7]...

פֿרעג איך אַ מאָל מײַן זלמן טודרסן:

[5] גאַראַנטיר, פֿאַרזיכער. — [6] אויף אַרויסשטעלן זיך, פֿאַר עקסהיביציע. — [7] באַשרײַבונג פֿון וואַנען עס קומט.

— זאָג מיר — זאָג איך — צו וואָס קלײַבסטו דאָס דעם גאַנצן האַרמידער מיט קלאַפּערגעצײַג און שבֿרי־כּלים?

זאָגט ער, דאָס איז אים טײַער, מחמת דאָס איז ייִדישקייט.

זאָג איך אים:

— אַ מאָדנע ייִדישקייט איז בײַ דיר. דײַן שופֿר בלאָזט נישט, דײַן הדס־פּושקע שמעקט נישט, דײַן גרעגער גראַגערט נישט. אַ צע־קאַליעטשעטע ייִדישקייט בײַ דיר.

זאָגט ער, אַז זײַן ייִדישקייט איז די אמתע ייִדישקייט און פֿאַר־קערט: מײַן ייִדישקייט איז אַ צעקאַליעטשעטע.

זאָג איך אים: שיינע ייִדישקייט איז עס, אַז איבערשרײַבן פֿון צאינה־וראינה איז רעכט אָן אַ היטל, און לויפֿן הערן דעם רבינס ניגון אין שטיבל פֿאָרט מען אויפֿן טראַמווײַ, און ווען? דווקא אום שבת.

זאָגט ער: דאָס איז אַלץ גאָר נישט. דער עיקר איז דער תּמצית פֿון ייִדישקייט. און דאָס האָט ער. און בײַ מיר איז עס בלויז דער טפֿל.

איר פֿאַרשטייט? ער מיט די שבֿרי־כּלים איז דער גאַנצער ייִד און איך בין דער טפֿל־ייִד! ווער איך שוין ברוגז און זאָג:

— אַז בײַ מיר איז טאַקע דער טפֿל, פֿון דעסט וועגן וועלן מיר זען, ווער וועט אַ קיום האָבן. ייִדן זײַנען איבערגעקומען גרעסערע משולחתן, וועלן זיי איבערלעבן דאָס ייִדישקייט אויך!

קריגן מיר זיך. דאַכט זיך, אין פֿלוג, זײַנען קינדער געוואָרן ייִדן, הייסע ייִדן, און ריידן עפּעס פֿון ייִדן און ייִדישקייט און די מחלוקת זײַנען געבליבן די זעלביקע, ווי נישט הײַנט געדאַכט אַמאָל, ווען איך בין געווען דער ייִד און זיי די פּאָליטישעסקע דעמאָקראַטן. נאָר אויף דעמאָקראַטסווע און ראַבאָטשי וואַפּראָס [8] פֿאַרשטײ איך זיך נישט. אָבער אויף ייִדישקייט פֿאַרשטיי איך זיך שוין אויך נישט? איך פֿרעג אײַך?

נאָר איר ווייסט, וואָס איך וועל אײַך זאָגן? עס איז דאָך בעסער

[8] אַרבעטער־פּראַגע.

ווי, נישט היינט געדאַכט, אַמאָל, ווען אין דער דאָזיקער שאַפּע איז געלעגן די טריף־פּסולע סחורה מיט די זאַפּרעשטשאָנגע[9] ביכלעך, און איך האָב באַדאַרפּט ציטערן ווי אַ פּיש אין וואַסער. היינט איז, דאַכט זיך, קיין געפאַר נישטאָ, ווי מיינט איר? און אפשר? ווער ווייס? יידישיזם, פאָלקלאָר, פאָלקטיילימלעכקייט — עפּעס זיינען מיר די נעמען נישט גלאַטיק. מען קען זיך נישט טשעפּען, ווי מיינט איר?

זאָג איך צו מיינע קינדער:

— איך וואָלט וועלן זען אַ מאָל אַ קונה אויף דער דאָזיקער סחורה, עפּעס האַנדלט איר און האַנדלט און קיין קונים זעט מען נישט.

ענטפערט מען מיר, אַז אַזאַ סחורה פאַרקויפט מען נישט. מחמת אַזאַ סחורה איז אַ נאַציאָנאַל רייכטום, אַן עשירות פון אַ פאָלק. געפעלט אייך עפּעס אַזאַ מין עשירות? זאָג איך: איך וואָלט וועלן זיין אַ בעלן, זען צי קען מען פאַר די דאָזיקע עשירות קויפן אַ פאָר שיך. פאַלט מען אויף מיר אָן, ווי אויף המנען, אַז עס איז אַ חילול השם, אַז איך בין קיין ייד ניט און איך ווייס ניט, ווי צו האַלטן הייליק די יידישע טראַדיציע. שאַ! עפּעס אַ ניי וואָרט!... איר ווייסט נישט, וואָס דאָס איז?

נאָר, מילא — טראַדיציע־שפּאַדיציע... דער עיקר: טאַטע, גיב געלט! גיב אויף פאַרטיעס, שקלים, באַוועגעכצער און היינט אויף „טראַדיציע". וואָס איז דאָס אַזוינס, איך בעט אייך?

אין אַ שיינעם פרימאָרגן, למשל, פאַלט צו מיר צו מיין זלמן־טודרס:

— אַ פינף־און־צוואַנציקער!

— צו וואָס דאַרפסטו אַ פינף־און־צוואַנציקער?

ער דאַרף, באַשר ס'איז דאָ זייער אַ וויכטיקע טעלעגראַמע פון ראָזשישץ. וואָס שטייט אין דער טעלעגראַמע?

— נאַ, לייען!

---

[9] פאַרבאָטענע.

לייען איך: „קופּיל רעזנאַי וואָסטאָק, קוסאָק זשיוואָוואַ דערעוואַ, כסידאַצקי קרוזשאָטשעק. פּערעוואָדיטע. 25״ [10]... איר ווייסט נישט, וואָס דאָס איז? און איר וועט עס טאַקע נישט וויסן. מחמת דאָס איז נישט אײַער בראַנזשע. מײַן זון האָט עס מיר אָבער גלײַך איבערגע־זעצט. דאָס איז פּשוט דער משולח פֿון ראָזשישץ, וואָס פֿאָרט־אַרום פֿון אונדזער קאַנטאָר, קאַנטאָר פֿון פֿאָלקלאָר, אויפֿצוקויפֿן די אַלטע אַנטיקן. איז מודיע, אַז ער האָט געקויפֿט „רעזנאַי וואָסטאָק״, ד״ה, אַ געשניצטן מזרח, אַ שטיקל עץ־חיים און אַ חסידיש רעדעלע, און די גאַנצע פּאַרטיע סחורה באַטרעפֿט סך־הכּל 25 רובל. און מײַן זון זאָגט, אַז דאָס איז אַ גוואַלדיקע מציאה, אַ ווילדע מציאה, ממש בזיל־הזול...

אין אַ פּאָר טעג אַרום — אַ פֿרישע טעלעגראַמע. אַ סראָטשנע: „וויסילײַטע נעמעדלענאָ פֿאָנאָגראַף מעכאַניקאָם. גוזשנאָ זאַפּיסאַט באָ־זעצעניש [11], ד״ה, מען זאָל תיכּף ומיד אַרויסשיקן אַ פֿאָנאָגראַף מיט אַ מעכאַניק, מען דאַרף פֿאַרשרײַבן אַ באַזעצעניש. און ווידער אַמאָל אַ טעלעגראַמע: „וויסילײַטע נעמעדלענאָ פֿאָטאָגראַפֿטשעסקאָי אַפּאַ־ראַט. גוזשנאָ סניאַט רוטשנויו קאַדקי לעכעוויצקאָ כאָלאָדנאָי סי־נאַגאָג [12]... אַ ביסל צײַט האָבן מיר זיך דעם מוח געבראָכן. וואָס איז דאָס אַזוינס? גאָר באַלד האָט ער, מײַן זון, זיך אָנגעשטויסן. פֿאָרט אַ פֿאַכמאַן! דאָס איז פּשוט: מען זאָל גלײַך אַרויסשיקן למע״ה אַ פֿאָטאָגראַף מיט דער מאַשין אָפּצופֿאָטאָגראַפֿירן דעם האַנטפֿאַס פֿון לעכעוויטשער קאַלטער שול.

אַז אַ משולח קומט פֿון דער נסיעה, איז ער אונדזער גאַסט. אַזוי לאַנג, ביז ער ברענגט אין אָרדענונג זײַנע געשעפֿטן. גיט־אָפּ דיך־

[10] געקויפט אַ געשניצטן מזרח. אַ שטיקל פון אַ לעבעדיקן בוים. חסידישער קרײַז טײַטשט־איבער. 25. — [11] רעגיסטרירט: שיקט־אַרויס אומפאַרזאַמט אַ פאָ־נאָגראַף מיט אַ מעכאַניקער. מען דאַרף פאַרשרײַבן, ווי מען באַזעצט א כלה. — [12] (רוסיש) שיקט־אַרויס אומפאַרזאַמט אַ פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט, מ׳דאַרף אַראָפּ־נעמען פּעסעלעך פון דער לעכעוויטשער קאַלטער שול.

וחשבון פֿון זײַן נסיעה, וועגן די אוצרות, וואָס ער האָט געהאַנדלט, און די עשירות, וואָס ער האָט געמאַכט.

דאָ נישט לאַנג קום איך אַהיים און טרעף צוויי פֿאַרשוינען, ווילד־פֿרעמדע. דער ערשטער — אַ ייִד אַ מגושמדיקער מיט אַ צעקודלטער שוואַרצער באָרד, מיט האָריקע הענט, מיט גרויסע ברעמען, אָדער ריכטיקער געזאָגט, איין גרויסע שוואַרצע ברעם פֿאַרוואָרפֿן איבערביידע אויגן, ווי אַ שוואַרצע דוהע, דער אַנדערער — אַ יונגער־מאַן, אַ לאַנגער און אַ דאַרער, מיט אַ פּנים ווי אַ האַק, אַזוי אַז ווען מען קוקט פֿון דער זײַט זעט מען בלויז באַק און ווײַטער גאָר נישט, אַ גרויסע פּלאַטשיקע באַק, און אַז מען קוקט פֿון פֿאָרנט זעט מען בלויז דעם שאַרף פֿון אַ גרויסער לאַנגער נאָז מיט אַ פּאָר גרויסע ברילן, וואָס שטייען אויף אים דיבאָם. גיב איך אַ פֿרעג די שטוביקע: ווער זײַנען דאָס די אורחים? ענטפֿערט מען מיר, אַז דער ערשטער איז אַ ייִד אַ שוסטער פֿון אַ קליין שטעטל פֿון פּאָלטאַווער גובערניע, און דער אַנדערער איז אַ משולח, וואָס פֿאָרט־אַרום פֿון אונדזער קאַנטאָר — קאַנטאָר פֿון פֿאָלקלאָר. אונטערוועגנס האָט דער משולח דערטאַפּט דעם דאָזיקן ייִדן פֿון פּאָלטאַווער גובערניע און געבראַכט אים צו פֿירן מיט זיך. דער ייִד איז אַ גרויסע זעלטנקייט. ער איז איינער פֿון די עלטסטע פּורים־שפּילערס און קען די גאַנצע „מסירה", וואָס המן זאָגט פֿאַרן קעניג אַחשוורוש, אויף אויסנווייניק, מיטן ניגון, מיטן טראָפּ, פֿאַרפֿעלט נישט קיין וואָרט. נו, איז וואָס? — פֿרעג איך — איז דען הײַנט פּורים? צו וואָס דאַרפֿט איר דעם פּורים־שפּילער, אַז ס״ה האָבן מיר הײַנט אָרום שבֿעה־עשׂר בתּמוז? ענטפֿערט מיר שוין דער משולח אַליין: פּורים — זאָגט ער — איז טאַקע הײַנט נישט, נאָר די „מסירה" איז זייער וויכטיק פֿאַר דעם ענין פֿון פֿאָלקלאָר. איז, מילאָ, דעם נוסח וואָלט ער געקענט איבערשרײַבן אויפֿן אָרט גופֿא. אָבער דעם ניגון? וואָס טוט מען מיט דעם ניגון? און קיין נאָטן קען ער, דער משולח, נישט. האָט ער זיך מיישבֿ געווען און אַראָפּגעבראַכט דעם ייִדן אויף אונדזערע הוצאות גלײַך צו אונדז אין שטוב אַרײַן. דאָ האָבן מיר די אמתע מוזיקאַנטן. מיט די אמתע זינ־

גערס; דאָ וועט מען דעם ייִדן שוין טאָן זײַן רעכט. ובכלל — זאָגט דער משולח— איז פֿון דעם ייִדן דאָ געננג צו נאַשן, מחמת דער ייִד איז אַ זעלטענער טיפּ. פֿרעג איך: וואָס איז דאָס אַזוינס פֿאַר אַ מלאָכה „טיפּ״? ענטפֿערט ער, אַז טיפּ איז נישט קיין מלאָכה, נאָר ער שטעלט מיט זיך פֿאָר אַזאַ מין טיפּ.

— אַהאַ!! פֿאַרשטיי איך שוין! — זאָג איך — דאָס איז, משמעות, אַזאַ פֿאָרשטעלונג, אַזאַ „פּרעדסטאַווליעניע״ אַ פּורים־שפּיל...

ענטפֿערט ער. אַז דאָס איז נישט קיין פֿאָרשטעלונג און נישט קיין „פּרעדסטאַווליעניע״, נאָר אַ מין כאַראַקטער, אַזאַ טיפּישקייט. ער איז דורך־און־דורך טיפּיש: ער רעדט טיפּיש, דענקט טיפּיש און פֿילט טיפּיש.

— המם... — זאָג איך — און כאַפּ אַ קוק אויף דעם ייִד און אויף דעם משולח — ס׳איז נאָך אַ שאלה, זאָג איך, ווער פֿון אײַך עס איז דער טיפּש און ווער דער חכם...

זאָגט מען מיר: רײַך איז דער ייִד — אַן עושר, מיט אַ גוואַלדיקן באַגאַזש, נישט ח״ו אין קאַפּיטאַל, און דער באַגאַזש, מען זאָל עס אָנקוקן, איז אויך נישט גוואַלדיק. אַ קלומעק מיט אַ טלית־קטן. אלא, וואָס דען? ער האָט אַ פֿאַרמעגן פֿון ווערטלעך. פֿאָלקסווערטלעך, אַן עשירות פֿון שפּריכווערטער. קען דעם גאַנצן שמחה־תורהדיקן פֿאַרדרייטן קידוש. אַ צוויי־דרײַ דרשות פֿון אַ פּורים־רבֿ, און ווייס כּמעט אַלע צונעמענישן פֿון אַלע שטעט: מינסקער חזירים, בעלזער גענדז, סלוצקער פֿלאָדן, טישעוויצער טענצער, באָבריקער לבֿנה, יאַמפּעלער ענדיקעס, באַברויסקער אַרעסטאַנטן וכדומה... ער וועט אײַך קיין מאָל נישט פֿאַרבײַטן, חלילה. און דאָס איז נישט קיין קלייניקייט! מחמת נישט איין מאָל קאָכן זיך בײַ אונדז גוואַלדיקע וויכּוחים. חבֿרה ווערט אײַנגעטיילט אין צוויי כּיתּות: איין כּיתּה האַלט, אַז מען דאַרף זאָגן: „בעלזער גענדז״ און „יאַמפּעלער ענדיקעס״, און אַ צווייטע כּיתּה האַלט, אַז מען דאַרף זאָגן פּונקט פֿאַרקערט: „יאַמפּעלער גענדז״ און „בעלזער ענדיקעס״...

אַפֿילו מײַן טאָכטער געפֿינט אויך, אַז דער ייִד האָט אין זיך

עפּעס, עפּעס שפּיגלט זיך אין אים אָפּ, עפּעס דערמאָנט ער. מיט איין וואָרט, דער ייִד זאָל זײַן אַ מערקווערדיקע בריאה, אַ זעלטענער אַנטיק. און איך קוק, און זוך, און זע גאָר נישט. אַ ייִד, אַ שוסטער פֿון אַ גאַנץ יאָר. און בײַם טיש פּאַקט ער, אָן עין־הרע, די סעודה ווי אַ געוויינלעכער בשׂר־ודם...

אויסגעריכט דעם ייִדן אין אַ גוטער שעה, געקומען אַהיים, דער־וויס איך זיך פֿון אַ נײַעם גאַסט — אַ ייִדענע, אין שטיוול, מיט אַ קויש. שוין אַ היגע. ווער איז די ייִדענע? — אַ ייִדענע, אַ מאַרק־זיצערין. גרונם מײַנער האָט זיי געבראַכט צו פֿירן פֿון מאַרק. וואָס איז מיט איר די שׂמחה? זי קען זיך שעלטן. שעלט מיט טויט־ביטערע קללות, האָט אַ זעלטענעם טאַלאַנט, זאָגט ער, צו שעלטן זיך. איז וואָס — זאָג איך — ביסטו עס בלק און זי אַ בלעם? און ווען ווילסטו זאָל זי שעלטן? קיינעם נישט! — זאָגט ער, נאָר ער דאַרף עס האָבן צוליב דעם פֿאָלקלאָר. ער קלײַבט אַ קאָלעקציע ייִדישע קללות. און אירע קללות זײַנען אמתע קללות, ייִדישע קללות. פֿול מיט פֿאָלקסטי־לימלעכקייט! גוואַלד — רבונו של עולם! וואָס איז דאָס אַזוינס פֿאַר אַ זאַך אָט די פֿאָלקטילימלעכקייט?... אַז צו וואָס מען זאָל זיך נישט צושטעקן, איז עס דאָרט פֿאַראַן?..

שטייט זי, די ייִדענע, און שעלט, און שעלט מיט טויטע, ביטערע קללות, „שבֿעה זאָלסטו זיצן אין אַ זומערטאָג און ציינווייטיק זאָלסטו האָבן אין אַ ווינטערנאַכט", „זאָל מען פֿון דיר די קישקעס מאָטעווען און דעם בית־עולם מעסטן". „אַ גרויסע מזל־ברכה אין דײַן היפּשן פּעקל צרות" און נאָך אַזעלכע קללות, אַז באַהיט זאָל מען ווערן. אויף וויסטע פֿעלדער און פּוסטע וועלדער זאָל עס פֿאַלן. אַן אמתע תּוכחה ר"ל. און מײַן גרונם שטייט און פרעגלט זיך פֿאַר נחת, און ער פֿאַרשרײַבט, פֿאַרשרײַבט אין זײַן ביכעלע אַרײַן מיט פּירושים. יעדער קללה מיט אַ באַזונדער פּירוש. און גיט עס איבער מײַן טאָכטער צום אָפּדרוקן אויף דער שרײַבמאַשין — אַזוי פֿיל ברכות זאָל איך האָבן, רבונו של עולם, וויפֿל די דאָזיקע קאָלעקציע קללות האָט מיך אָפּגעקאָסט...

ווי לאַנג פּלעגן מײַנע קינדער לאַכן פֿון מײַן שלש־סעודות, געפּראַוועט אין חסידים־שטיבל? זיי פּלעגן חוזק מאַכן פֿון די ניגונים מיט דעם באַמקען. האָבן געשריִען: ווילדקייט! פֿאַנאַטיזם! הײַנט לויפֿן זיי אַליין אין אַ שול אַרײַן מיט מערער אימפּעט פֿון מיר. דערוואַרט זיך: קינדער לויפֿן אין שול אַרײַן גלײַך מיטן טאַטן. דאַכט זיך גאָר גוט, און דאָך... איז עס עפּעס נישט דאָס...

מײַן שבתדיקע זמירות איז בײַ זיי לעילא ולעילא געוואָרן. מײַן שלש סעודות־פּראַוועמ מיטן רבינס ניגון איז בײַ זיי אין לשער. פֿון מײַן הבֿדלה־מאַכן מאַכט מען אַ גאַנצן פּאַראַד. מײַן זלמן־טודרס וויל, איך זאָל נישט אַנדערש הבֿדלה מאַכן נאָר מיט זײַנעם אַ פֿאַרזשאַווערטן בעכער, פֿון זײַנע שבֿרי־כּלים... מײַן טאָכטער, די קורסיסטקע, קריכט־אַרויף אויף דער שטול, זי וויל האַלטן די הבֿדלה־ליכט; און מײַן געראַסים, גרונם מיין איך, שטעלט־אָן זײַנע מכשירים: פֿון איין זײַט הודזשעט דער פֿאָנאָגראַף, פֿון דער צווייטער זײַט דרימבלט דער קינעמאַטאָגראַף; פֿון פֿאָרנט שטייט אַ מאָלער פֿון דער קאַדעמיע און מאָלט מיך אויף אַ פּאָרטרעט, און פֿון הינטן שטייט דער קאַפּעלמײַסטער פֿון קאָנסערוואַטאָריע און פֿאַרשרײַבט אויף נאָטן מײַן הבֿדלה־ניגון... און איך שטיי אַ מבֿולבלער. וואָס האָבן זיי פּלוצלינג דערזען אויף מיר?! פֿופֿציק יאָר, אַז איך מאַך הבֿדלה און קיינער האָט זיך אויף מיר נישט אומגעקוקט, און איצטער איז עס געוואָרן אַ גאַנצער חידוש. עס געפֿעלט זיי די צערעמאָניע, אַ קאַרטינע [13], אַ פּאַנאָראַמע, אַ טעאַטער... דער זון שרײַט: זעט נאָר אַ שטערן! די טאָכטער שרײַט: זעט נאָר אַ נאָז! אַ דאַנק גאָט, געפֿונען בײַם טאַטן אַ נאָז! דער מאָלער זאָגט, אַז איך דערמאָן אים אַ ליליען [34]־קאָפּ. איר קענט מיר נישט זאָגן, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ פּיש אַזאַ? בכלל געפֿינען זיי אין מײַן פּנים פּתום ורעמסס. און אין

---

[13] בילד. — [14] אפרים ליליען איז דער צייכענער אין דײַטשלאַנד, באַרימט מיטן אילוסטרירן מאָריס ראָזנפעלדס לידער, צייכענען טעאָדאָר הערצל און ציון־פאַנטאַזיעס.

מײַן באָרד? אָ, ווײ, וואָס איז מײַן באָרד געפּײנט זיך! כאַראַקטער־ריטשנײקײט! געשיכטע! היסטאָריע! סטיל! פּאָעזיע! ביבליע! און ווידער אַ מאָל, ווי רופט מען עס? פֿאָלקסטימלעכקײט...

איך וועל אײַך זאָגן דעם אמת: איך בין אַ בעלן געווען נאָך הבֿ־דלה בגנבֿה, אַ קוק געבן אין שפּיגל — געמײנט, אַז עס איז בײַ מיר אויסגעוואָקסן אַ לונג־און־לעבער אויף דער נאָז...

דאָ נישט לאַנג גיב איך אַ זאָג צו מײַנע קינדער: אפֿשר וואָלט געווען גאָר אַ מאָל אַ יושר, איר זאָלט חתונה האָבן? מען רעדט אײַך, זאָג איך, פֿײַנע שידוכים מיט די שײנע נדנען; איר האַלט דאָך פֿון ייִדישקײט; און חתונה האָבן איז אַ ייִדישע זאַך. ענטפֿערט מען מיר כּסדר. מײַן זלמן־טודרס זאָגט: ער קען נישט חתונה האָבן. ער האָט אַן אידעאַל. זאָג איך אים, אַז מען דאַרף בײַ זיך פֿון דעסט וועגן נישט אַראָפּפֿאַלן. עס טרעפֿט, גאָט וועט געבן, מען וועט דעם חסרון נישט באַמערקן... זאָגט ער: אַן אידעאַל איז נישט קײן חסרון. וואָס דען איז עס? דאָס איז אַזאַ מין פֿאַנטאַזיע. און ער זאָגט מיר אָפּ עפּעס אַ גאַנץ לידל: „איך וויל, אַז מײַן ליבע זאָל ווערן געשלאָסן אויף אײנעם פֿון יענע פֿאַרוואָרפֿענע געסלעך״... מען וועט זיך, זאָג איך, בײַ דיר אפֿשר אײַנבעטן, דו זאָלסט חתונה האָבן פֿון אַ פּאַראַד־נער גאַס? חס־וחלילה! דווקא פֿון פֿאַרוואָרפֿן געסל! מחמת אַ פֿאַר־וואָרפֿן געסל האָט אין זיך מער פֿאָלקסטימלעכקײט. זאָגט ער מיר ווידער אָפּ אַ גאַנצן פּזמון: ער וויל, אַז די כּלה זאָל זײַן אַ ייִדישע טאָכטער און אַ באָבען זאָל זי האָבן, וואָס זאָל לײענען די צאינה־וראינה, און אַ קאַץ זאָל זיך דערבײַ וואַרעמען, און אַ זײדע זאָל אים מיט ציטערדיקע הענט בענטשן אונטער דער חופּה און אַזוי כּסדר. אַ ייִדישע טאָכטער, אַ באַלעבאַטיש קינד, הײסט עס, מהיכא תּיתי, נאָר זאָגן, אַז אַ באָבע מיט אַ צאינה־וראינה זאָל זײַן אַ גרויסער נדן, און אַ קאַץ, וואָס וואַרעמט זיך, זאָל זײַן אַ שײנע דרשה־געשאַנק — קען מען ניט זאָגן. נאָר וואָס טוט מען נישט צוליב פֿאָלקסטימ־לעכקײט?...

מײַן גרונם הערט זיך אַפֿילו יאָ צו צו שידוכים. וויל ער אָבער נאָר אַ ייִדישיסטקע. און די שדכנים ווייסן נישט, וואָס דאָס איז אַזוינס. בײַ זיי אין די ביכלעך איז נאָך דער מין סחורה נישט פֿאַרשריבן. זיי פֿרעגן אַלץ, צו וואָסער פֿאַראָדנע [53] עס געהערט און וואָס דאָס איז אַזוינס: אַ ברונעטקע, צי אַ בלאָנדינקע? און מײַן טאָכטער, די קורסיסטקע — זי האָט שוין אַ חתן, עפּעס פֿירט זי זיך אַרום מיט אַ בחור, אַ נידעריקער, אַ דיקער, אָן וואָנצעס, לאַנגע האָר און אַ גרויסער גדלן. וואָס איז זײַן פּראָפֿעסיע? ער זינגט לידלעך. פֿאָלקס־לידלעך, רופֿט מען עס. דאָס איז זײַן ספּעציאַלנאָסט. דער עולם לעקט פֿון אים די פֿינגער. אַ גוואַלדיקער מנגן, זאָגט מען אויף אים, לייענט גלאַט, קען גוט נאָטן, קאָן זײַן אַ רעוויזאָר אין אַן אָרקעסטער און אָנפֿירן מיט אַ גאַנצער קאַפּעליע... און איך, איך זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד, ווייס ניט וואָס דאָס איז פֿאַר אַ פּרי. אַ חזן, ניט אַ חזן, אַן אַקטיאָרשטשיק, ניט קיין אַקטיאָרשטשיק. וואָלט ער כאָטש זינגען אָפּערעס אָדער אַזוי עפּעס סעריאָזנע שטיקער מוזיק, צי סטראָיען זיך אויף אַ קאָר־חזן. זינגט ער אַלץ אַזעלכע לידלעך, וואָס עס שלאָגט פֿון זיי חלשות! ווו נאָר אַ שוסטער־לידל, צי אַ שנײַדער־לידל, איז דאָס זײַן געשעפֿט. נאָר אַז אַ שוסטער, צי אַ שנײַדעריונג צי אַ דינסט־מיידל זינגט אַזאַ לידל, איז נאָך צו דערלײַדן. אָבער אַז עס שטעלט זיך אַוועק אָט דער בחור פֿון קאָנסערוואַטאָריע אין אַ שוואַרצן פֿראַק מיט די ווײַסע הענטשקעס און שטעלט זיך אַוועק מיט גדלות, פֿאַר־וואַרפֿט אַ פֿוס פֿון הינטן און אַ פֿוס אויף פֿאָרנט, און פֿאַרלייגט אַ האַנט אויפֿן האַרצן, פֿאַרגלאָצט די אויגן און זינגט־אַרויס ווי פֿון אַ טרומייטער „יעקל מיטן פֿידל, בערל מיטן באַס" אָדער „האָב איך אַ פּאָר אָקסן, ווי זיי בראָקן לאָקשן", שטיי איך און טראַכט: אָדער איך בין משוגע, אָדער די וועלט איז משוגע.

און מײַן טאָכטער העלפֿט אים מיטזינגען. הערסטו, דערפֿון נעמט זיך דאָך די גאַנצע ליבע. ער האָט אויסגעפֿונען, אַז זי האָט אַ גוואַל־

[15] מין געבורט.

דיקע שטים, אַ מצה־סאָפּראַן מיט אַ קלאַוואַטור... זינגט זי. אַ גאַנצן טאָג הילכט די שטוב מיט איר געזאַנג. זאָל דאָס זײַן איין רעכט לידל! „פּייגעלע, פּי פּי פּי“, „שטייען אַ פּאָר טײַטשן מיט די לאַנגע בײַטשן“. ער בעט זיך רחמים: „זע, נחמהלע, עפּן מיר!“... ענט־פערט זי מיט טרערן ממש: „איך האָב מורא פֿאַר דער מאַמען“. אַ חכ־מה! און נאָך אַזעלכע לידער פֿון אײַנליבעניש און פֿאַרפֿירעניש, פֿון אַ בייזער שוויגער און אַ בייזער וועטשערע... איצט דאַרף זי שוין נישט קיין קורסן, איצט איז שוין קאָנסערוואַטאָריע! נישט צוליב פּראַ־וואָזשיטעלסטוואָ[16], חלילה, נאָר פּשוט, כּדי צו קענען זינגען די ליד־לעך.

און אין דער אמתן, ווי קען מען זינגען „פּייגעלע, פּייגעלע, פּי, פּי, פּי“ אָדער „ציגעלע, פּיגעלע, קאָטינקע“, ווען מען האָט נישט קיין דיפּלאָם אויף לכל־הפּחות אַכט קלאַסן קאָנסערוואַטאָריע?

אָט אַזוי איז עס, מײַן פֿרײַנד. און איך האָב געמיינט, אַז איך וועל פֿון מײַנע קינדער דערלעבן אַ ביסל מער נחת. אַן איידעם וועט שטיין נעבן אַ זעגמיל און וועט פֿאַרשרײַבן אין ביכעלע אַרײַן ברעטער און געהילץ און נישט פּירושים אויף צאינה־וראינה, און אַ שנור וועט זאָגן „שווער“, און אייניקלעך אין גימנאַזיסטישע היטעלעך וועלן שרײַען „זיידע“. ערשט נאָ דיר אַ נײַע אָנשיקעניש. ייִדישיזם... אַ סך משולחתן פֿאַראַן בײַם רבונו של עולם...

ווארשע 1911

מ. ברכהן

## אַ שוועסטער

אַלט איז זי דרײַסיק
און זאָגט אַז נאָר צוואַנציק,

---

[16] וווינרעכט (אין צאַרישן רוסלאַנד).

און חלומט, און רעדט אַלץ
פֿון עפּעס אַ פּראַנטיק,

וואָס קומט צו דעם ברודער
פֿאַרברענגען, אַ שטייגער,
פֿאַרדרייט זיך, פֿאַרזיצט זיך
ביז שפּעט אויפֿן זייגער...

און רעדט ער, איז פּשוט
מחיה צו הערן;
„און מער ווי צום ברודער
צו איר״... וואָלט זי שווערן.

און נאָך דעם אַלץ ווילט זיך
נאָר שווײַגנדיק קלערן,
און וויינען ביז לאַכן,
און לאַכן ביז טרערן...

נאָר אומרויִק איז זי,
וואָס טייל מאָל פֿאַרגעסט ער
און ריידנדיק וואַרפֿט ער
אַן אויג אויף איר שוועסטער...

מ. נודלמאַן

## איך און מײַן ווײַב...

פֿאַר אַלעם וויל איך אײַך אַרויספֿירן פֿון אַ טעות: אויב איך שרײַב „איך און מײַן ווײַב״, מיין איך נישט מיך און מײַן ווײַב, נאָר איך מיין די פּיעסע „איך און מײַן ווײַב״, וואָס כ׳האָב געזען אין פּאַריזער ייִדישן „פֿאָלקס־טעאַטער״.

לעולם האָב איך נישט ריכטיק געהאַנדלט. צו ערשט האָב איך געדאַרפֿט גיין צו „די גרינע כּלה״, דערנאָך ערשט גיין צום ווײַב און שפּעטער גיין צום „קינד״ און נאָך שפּעטער צו די אייניקלעך, צו די אור־אייניקלעך און אַזוי ווײַטער. אָבער פֿאַרפֿאַלן. ס׳איז שוין איצט שפּעט צוריקצוכאַפּן דעם פֿעלער. געגאַנגען איז געגאַנגען!

בין איך געווען, אַלזאָ, אין טעאַטער, באַקומען אַ פֿײַנעם פֿאָטעל, געווען אַן אָנגעלייגטער גאַסט און עטלעכע שעה נאָך אַנאַנד, מיט אַ קליינם איבערײַס פֿון צען מינוט, האָט מען מיר געהאַלטן אין איין דערלאַנגען... און עס וואָלט געווען זייער נישט־אָנשטענדיק פֿון מײַן זײַט, ווי אַ גאַסט, אַז נאָכן אַוועקגיין פֿון דער אויפֿנאַמע זאָל איך באַריידן דעם באַלעבאָס מיט דער באַלעבאָסטע. ווייל איך דעריבער זאָגן אָפֿן און קלאָר, אַז צום באַלעבאָס מיט דער באַלעבאָסטע האָב איך גאָר נישט. צוויי ווילע מענטשן. אַ באַגאַבטער אַקטיאָר. אַ באַגאַבטע אַקטריסע. אָבער די שפּײַזן, וואָס מען דערלאַנגט „צום טיש״, זײַנען נישט־איבעריק־געשמאַק און נישט גאָר פֿריש... דערצו נאָך אַנאָנסירט זיך דער באַלעבאָס, אַז דער כּיבוד, וואָס ער דערלאַנגט, איז פֿון „אייגענער אויסאַרבעטונג״. י. בירנבוים זאָל זײַן דער מחבר פֿון דער פּיעסע „איך און מײַן ווײַב״. ווען איך בין אויפֿן אָרט פֿון מחבר, וואָלט איך זיך נישט אַנאָנסירט. וואָרעם, ערשטנס, איז נישטאָ מיט וואָס צו שטאָלצירן... צווייטנס, אויב שוין יאָ אַנאָנסירן, וואָלט איך אַנאָנסירט אַ צענדליק מחברים, ווײַל די פּיעסע איז דאָך צוזאַמענגעשטוקעוועט פֿון מינדסטנס אַ צענדליק פֿאַרשיידענע פּיעסן און, אויב די רעצענזענטן וואָלטן געהאַט טענות צום אויטאָר, וואָלט בירנבוים געליטן אַ צענטל עוולה, ווײַל ער איז מינדסטנס אַ צענטער שותּף צו דער פּיעסע... און, נאָך אַלעמען: ווו שטייט עס געשריבן, אַז אַן אַקטיאָר דאַרף שרײַבן פּיעסן? די גאַנצע וועלט ווייס, אַז אַן אַקטיאָר דאַרף רעפּעטירן אַ פּיעסע, דאַרף שפּילן אַ פּיעסע, דאַרף אָפּהרגענען אַ פּיעסע — אָבער שרײַבן?... דערצו נאָך איז פֿראַנקרײַך אַ ליבעראַל לאַנד.

איך האָב געגווי אויסגעפּאָרשט און פעסטגעשטעלט: נישטאָ קיין געזעץ, אַז אַקטיאָרן מוזן שרײַבן פּיעסן!

לאָמיר שוין אַפילו זאָגן, אַז אַן אַקטיאָר ווערט אַ מאָל געשטרויכלט (ער איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש!) און, ווען ס׳איז אים קאַלעמוטנע אויפן האַרצן, אין דרויסן גייט אַ רעגן, ס׳גלוסט זיך נישט אַרויסצוגיין אין גאַס, זעצט מען זיך אַוועק און מען שרײַבט־אָן אַ פּיעסע. לאָמיר זאָגן, אַ פּיעסע וואָס הייסט „איך און מײַן ווײַב״. אָבער אַז מען שרײַבט, דאַרף מען זיך אַוועקלייגן אַ צענטימעטער אויפן טיש און שרײַבן מיט מאָס. אום גאָטס ווילן, מען קאָן דאָך נישט אַרײַנקוועטשן אין צוויי שעה מיט פופצן מינוט אַ לעבן, וואָס האָט געדויערט 70 אָדער 80 יאָר! שטעלט זיך פאָר, וואָס די צוויי לעבן: קינדער־יאָרן, די ערשטע יוגנט, ליבע, אָפּגענאַרטע און אמתע, געלאָזט זיך ריידן שידוכים, געמאַכט געזאַנגען, אַ חתונה, אַ קימפּעט, נאָך אַ קימפּעט, קינדער־דערציִונג, נחת פון קינדער, צרות פון קינדער, אַ זילבערנע האָכצײַט, אַ גאָלדענע האָכצײַט און נאָך און נאָך, אַז די האָר שטעלן זיך קאַפּויער: און דאָס אַלץ דאַרף מען מיטמאַכן אויף דער בינע אין פאַרלויף פון צוויי שעה מיט פופצן מינוט? דער עולם קען דאָך משוגע ווערן! און אויב די אַקטיאָרן האַלטן עס אויס, זײַנען זיי אויך שטאַרקער פון אײַזן!

און טאָמער איז אײַך דאָס ווייניק, איז פאַראַן נאָך אַ מאָמענט, וואָס קאָמפּליצירט שטאַרק די פּיעסע. שטעלט אײַך פאָר, אַז בלויז צוויי אַקטיאָרן טראָגן, נעבעך, אויס די גאַנצע פּיעסע אויף זייערע פּלייצעס. צוויי אַקטיאָרן שפּילן 17 ראָלן. זיי אַרבעטן מער הינטער די קוליסן בײַם פּסדרדיקן איבערטאָן זיך ווי — אויף דער בינע, בײַם שפּילן. בירנבוים איז דער טאַטע און דער זון און דער שווער און דער אַמאָליקער געליבטער און דער שוואָגער — און וואָס נישט?

אַז מען וויל רעכענען, איז עס זייער אָריגינעל און זייער פּראַקטיש, ווען צוויי מענטשן שפּילן־אָפּ אַ ראָלע פון אַ פּיעסע און — פּטור אַן עסק! ס׳איז פּראַקטיש סײַ פאַרן עולם און סײַ — פאַר די אַקטיאָרן. פאַרן עולם: — מ׳דאַרף נישט קויפן קיין פּראָגראַמקעס

און זוכן, ווער עס שפּילט די ראָלן. פֿאַר די אַקטיאָרן — האָט עס גאָר אַ סך מעלות: ערשטנס, עס פּלאָנטערן זיך ווייניקער מענטשן אויף דער בינע. צווייטנס, די בראַוואָס פֿאַלן־אַרײַן נאָר צו צוויי מענטשן און נישט דעם גאַנצן אַנסאַמבל. דריטנס, די קאַסע ווערט געטיילט פֿאַר צוויי מענטשן. און דאָס איז, אײגנטלעך, „ערשטנס"... און, פֿערטנס, ס'איז טאַקע גרינגער צו געפֿינען אַ נאָמען פֿאַר דער פּיעסע. „איך און מײַן ווײַב" — און שוין! אַנדערש וואָלט מען געמוזט אַ נאָמען געבן די פּיעסע: „איך, מײַן ווײַב, מײַן שווער, מײַן שוויגער, מײַן קוזין, מײַן קוזינקע, מײַנע שוועגערינס, מײַן גוטער באַקאַנטער און מײַנע צוויי קאָלעגן". און ווער, כ'בעט אײַך, וואָלט געגאַנגען אויף אַזאַ לאַנגער פּיעסע?...

נאָך בעסער וואָלט געווען, ווען דער אַקטיאָר־מחבר וואָלט אײנער אַליין געשפּילט די גאַנצע פּיעסע, די דאַמען־ראָלן — אויך, און די פּיעסע וואָלט דעמאָלט געווען נאָך אָריגינעלער און וואָלט געטראָגן דעם קורצן נאָמען: „איך".

## הערשעלע

# משה זינגער

— 1 —

ביידע שטייען פֿאַרן טויער,
ביידע זײַנען יונג און נעט,
נאָר איז איינע — אַ שאַטענקע
און די צווייטע — איז ברונעט.

ביידע האָבן זיך פֿאַרדונגען,
ביידע דינען איין מאַדאַם;

נאָר די ערשטע איז אַ קעכין
און די צווייטע איז אַן אַם...

ביידע קומען פֿון איין שטעטל —
אוי, עס איז פֿון גאָט אַ שטראָף
נאָר די איינע שטאַמט פֿון שוסטערס,
און די צווייטע פֿון אַ רבֿ.

ביידע ווייסן זייער יוגנט,
ביידע קענען זיך שוין לאַנג,
נאָר די איינע איז צופֿרידן
און דער צווייטער טוט עס באַנג...

ביידע שטייען פֿאַרן טויער,
ביידע זײַנען יונג און נעט,
נאָר די איינע — צו דער חופּה
און די צווייטע ווי צום גט...

— 2 —

די שאַטענקע איז געקומען
פֿונעם שטעטל ערשט די וואָך,
זיך פֿאַרדונגען פֿאַר אַ קעכין
און זי גייט פֿאַר ליב דעם יאָך.

קעגן איבער, בײַ דעם חזן,
ווינט אַ שיינער יונגער־מאַן —
אוי, ווי וואָלט זי אים גענומען,
נאָר זי קען ניט אַן נדן...

יעדן מאָרגן, ווען זי עפֿנט
אין דער קיך דאָס פֿענצטער אויף,
שענקט ער איר אַ זיסן שמייכל,
נאָר זי ענטפֿערט נישט דערויף...

עפּעס קענטיק איז זײַן פּנים,
ערגעץ האָט זי אים געזען:
— זאָל עס זײַן דער משה זינגער?
אויסגעפּראַנט זיך אַזוי שיין?...

װאָלט זי אים פֿון נאָנט באַגעגנט,
אפֿשר װאָלט זי אים דערקענט...
אינעם שטעטל האָט ער שטענדיק
איר די אויגן צוגעװענדט...

— 3 —

די ברונעטע איז אַנטלאָפֿן
פֿונעם שטעטל שוין אַ יאָר,
מיט אַ װײַטיק אינעם האַרצן —
ז'האָט'ס נאָך נישט געװוּסט אויף קלאָר.

עפּעס זײַנען איר געװאָרן
אירע קליידער אַזוי ענג —
משה זינגער איז אַנטקומען,
זי געלאָזן מיט דער קרענק...

אוי, װי האָט זי זיך געמאַטערט,
ביז זי איז געװאָרן לויז...
קוים אַ יאָר אַ האַלב אַריבער,
װי זי דינט דאָ אין דעם הויז.

נאָר צו צײַטן הערט זי עפּעס
פֿון אַנטקעגן דאָ אַ קול,
אַ באַקאַנטער איז דער ניגון,
אים געהערן מוז דאָס מויל.

װאָלט זי אים פֿון נאָנט געטראָפֿן,
װײַזן װאָלט זי אים אַצינד,

זאָל ער זי צו נאַר ניט מאַכן,
ז'איז שוין מערער נישט קיין קינד!...

— 4 —

ביידע וואַרטן פאַרן טויער,
ביידע זײַנען יונג און נעט,
נאָר די איינע פֿילט איר צניעות
און די צווייטע פֿילט איר חנא...

קעגן איבער, בײַ זײַן פֿענצטער,
שטייט דער יונגער־מאַן און קוקט,
ווי זיי וואַרטן אויף אים ביידע,
און ער פֿילט זיך טיף געדריקט.

זיי באַגעג'נען זײַנע בליקן
און דערקאָנען זײַן געשטאַלט:
— משה זינגער! משה זינגער! —
האָט עס אין דער גאַס געשאַלט.

ביידע אײַלן אינעם טויער,
ביידע זײַנען יונג און נעט,
נאָר די איינע ווי אַ מלאך
און די צווייטע ווי אַ שד.

וואַרשע 1910

ז. וועגדראָף

## אויף איין מינוט

זעצן זיך גלאַט שפּילן אין קאָרטן — דאָס וועט נתן דער תּבֿואה־
סוחר קיין מאָל ניט טאָן. וואָרעם געהייסן האָט עס, אַז ער איז גאָר

קאַלט צום ענין הקאָרטן. נאָר אַז צו אָקע שפּילן דאַרף מען האָבן קאָפּ, דאָס האָט ער יאָ געהאַלטן.

קומט נאָך מעריבֿ, גייט ער אַרײַן צו אַריה־לייב פֿלאַקסהענד־לער טרינקען אַ גלעזל טיי און שמועסן אַ ביסל. טרעפֿט ער דאָרט גראָד אָן עטלעכע באַקאַנטע ייִדן, באַלעבאַטישע ייִדן, וואַלד־סוחרים, תּבֿואה־סוחרים, מעקלערס, שפּילנדיק אין אַן אָקע. שטעלט זיך נתן אַוועק בײַם טיש, נעמט־אַרײַן די ליולקע מיטן לאַנגן ציבעק אין מויל אַרײַן, פּיפּקעט, קוקט־אַרײַן קלוימערשט קאַלטבלוטיק בײַ דעם, בײַ יענעם אין די קאָרטן, און ניט אַרויסלאָזנדיק די ליולקע פֿון מויל וואַרפֿט ער אַרײַן:

— שייגעץ, ניט קריך, ער האָט טײַז!

אָדער:

— נאָך אַ מאָל אומגעזען, עם־האָרץ! עס ציט זיך בײַ דיר אַ קאָרט, שוטה!...

וואָס לענגער ער שטייט, אַלץ מערער פֿאַרדריסט אים די עם־הארצות פֿון די שפּילערס, אַלץ אָפֿטער ווערן זײַנע עצות, אַלץ גע־דיכטערע זײַלן רויך לאָזט ער פֿון זײַן ליולקע, אַלץ שטאַרקער צופּט ער דאָס שוואַרץ־גרוילעכע בערדל זײַנס, אַלץ היציקער בייזערט ער זיך.

— אין אָקע דאַרפֿט איר שפּילן? די באָד דאַרפֿט איר הייצן!

פֿאַרשטייט דער עולם, אַז ס'ווילט זיך אים אַליין אויך צוזעצן. נאָר זאָג עס אים, וועט ער שוין צוויי שעה קיין האַנט ניט נעמען. וואָרעמט מען אים אונטער פֿון דער אַנדערער זײַט:

— ווי מען קען, אַזוי שפּילט מען.

— מען קען! דאָס איז דאָך דאָס אומגליק, וואָס איר קענט ניט.

שמייכלט דער עולם און שפּילט ווײַטער:

— אײַ, האָט מען אײַך געדאַרפֿט אָנלערנען! — גיט נתן אָנ־צוהערן.

פֿאַרשטייט דער עולם, אַז די שעת־הכּושר איז אָנגעקומען. אָבער

מיט נתנען דאַרף מען וויסן ווי צו פֿירן, און איינער פֿון די „הענט״ וואַרפֿט־אַרײַן, ניט קוקנדיק אויף אים:

— טאָמער וואָלט איר זיך אויך צוגעזעצט צום טיש, ר׳ נתן?

— ווייס איך! — גיט ער אַ מאַך מיט דער האַנט, ווי ניט אים מיינט מען, און קוקט בעת־מעשׂה אויף דער סטעליע...

— האַלט־אונטער קאָמערציע, ר׳ נתן! — שטיצן־אונטער נאָך אַ פּאָר.

— אָט מיט אַזעלכע שנעקעס שפּילן אין קאָרטן, עט!

— איר טוט דאָך מיט אונדז קיין שידוך ניט... — בעט מען זיך בײַ אים.

— איר וועט דאָך בײַ מיר אָן תּחתּונים אַוועק, בהמות וואָס איר זײַט! — סטראַשעט ער זיי קלוימערשט און ציטערט בעת־מעשׂה, חבֿרה זאָל ניט אויפֿהערן בעטן אים.

— אַדרבה, אַדרבה, ווײַזט וואָס איר קענט! לאָמיר טאַקע אויך זען! — גיט מען אים אונטער חשק.

— געדענקט זשע, מלאָקאָסעס [1], איך וועל מיט אײַך לערנען בלק! — סטראַשעט ער צום לעצטן מאָל און זעצט זיך ווי ניט ווילנ־דיק צום טיש.

און האָט זיך נתן צוגעזעצט, איז דער עולם לעבעדיק געוואָרן, וואָרעם געוווּסט האָט מען, אַז נתן איז בײַם טיש, וועט די שפּיל זײַן אַ הייסע שפּיל, ווײַל ער איז אַ ייִד, קאָטאָרי, בײַ וועמען אַ קערבל שפּילט בײַ אים אין קאָרטן קיין ראָלע ניט.

*

זיצן זיך אַזוי איין מאָל אין אַ ווינטער־אָוונט בײַ אַריה־לייבן אַ קאָמפּאַניע אייגענע מענטשן, שפּילן „אַן אָקע גדולה״ און חידושן זיך, צווישן איין מאָל און צווייטן מאָל טאַשן, וואָס איז די מעשׂה וואָס נתן איז ניטאָ.

---

[1] נישט־דערוואַקסענע.

— אַן נתנען איז די שפּיל גאָר קיין שפּיל ניט — רופֿט זיך אָן אַבֿנר דער סרסור[2], אַ נערוועזער באַלעבעסל מיט אַ פֿלאַקסענעם בערדל.

— ער קען נאָך קומען — טרייסט אים זעליג מיכל מלכּהס, אַ שאַפֿער אין אַ וואַלד.

— עט, אַזוי שפּעט!...

— שאַ, מען קלאַפּט! — האָט דער באַלעבאָס אָנגעשטעלט די אויערן — כ׳וועל מיך וועטן, אַז דאָס איז ער!

— אָט איז ער, בנאמנות! — האָט זיך דער עולם דערפֿרייט, ווען די טיר האָט זיך געעפֿנט, און נתן, אין גאַנצן פֿאַרשאָטן מיט שניי, איז אַרײַן אין צימער — וואָס עפּעס אַזוי שפּעט?

נתן האָט שווער אָפּגעזיפֿצט.

— אַ קינד איז בײַ מיר פּלוצלינג קראַנק געוואָרן, בין איך גע־לאָפֿן אין אַפּטייק... אײַנצושפּריצן דאַרף מען עס און אַ מאַשטש אײַנצורײַבן... זאָגט ער, פּיענטשקאָווסקי, „אין אַ שעה אַרום“... האָב איך קיין געדולד ניט געהאַט צו זיצן אַ גאַנצע שעה און צוקוקן ווי ער פּאָרקעט זיך דאָרטן ווי אַ בלײַענער פֿויגל... בין איך אַרויס...

— ווי צו מיר! — האָט קריינע, אַריה־לייבס ווײַב, אָפּגעזיפֿצט — צו ציטעריקע קלעפּט זיך... מוטשעט זיך, נעבעך, אײַער פּעסיע מיט די קינדער.

— וועט, אם ירצה השם, געזונט זײַן! — טרייסט אים דער באַ־לעבאָס.

— אַז ס׳איז באַשערט אַן אומגליק, ווייס מען גאָר ניט פֿון וואַנען דאָס קומט. אויפֿגעשטאַנען אַ פֿרישע, אַ געזונטע, און מיט אַ מאָל — ברענט ווי אַ פֿײַער . . . נאַ, מען מוז גיין . . .

— וווּהין ט׳איר לויפֿן, וווּהין? איר האָט דאָך נאָך כּמעט אַ שעה צו וואַרטן.

— וועל איך צוּוואַרטן דרויסן...

---

[2] מעקלער, פֿאַרמיטלער.

— אין אַזאַ זאַווערוכע? ! אַט זעצט זיך צו אַ ווײַלע און טרינקט אַ גלעזל וואַרעמס. קריינע, גיס־אָן ר׳ נתנען אַ גלאָז טיי.

אָבֿנר דער סרסור, וואָס איז די גאַנצע צײַט געזעסן ווי אויף הייסע קוילן, האָט ניט אויסגעהאַלטן:

— נו, גענוג צו ריידן... טאַשט די קאָרטן... און איר, ר׳ נתן, זעצט זיך אויך צו אַ ווײַלע און צעשלאָגט זיך די רעיונות...

— וואָס רעדט איר עפּעס? ! אַ שיינע צײַט געפֿונען פֿאַר מיר צו שפּילן אין קאָרטן... דער קאָפּ איז מיר, ניט פֿאַר אײַך געדאַכט, צעדרייט, איך וויים אַליין ניט ווו ע־ע־ע...

— ע, זײַט אַ מאַנסביל! — האָט פּישקע דער וואַלדמעקלער אונטערגעשטיצט — איר דאַרפֿט דאָך סײַ־ווי־סײַ וואַרטן אויף דעם רעצעפּט, נעמט זשע, אַדרבה, אַ קאָרט, וועט אײַך גיכער פֿאַרבײַ־לויפֿן די צײַט...

— וואָס זײַט איר עפּעס משוגע צי חסר דעה, מײַנע שונאים! עס מישט זיך מיר, ניט פֿאַר אײַך געדאַכט, אין מוח, אַז איך מיין כ׳ווער משוגע, וועל איך זיך גאָר אַוועקזעצן שפּילן אין קאָרטן... ט׳איר גע־הערט? — מ׳נאַ!...

אָבער נאָך דעם בליק, וואָס ער האָט געוואָרפֿן אויף די קאָרטן, האָט דער עולם געזען, אַז נאָך אַ ביסל און —- ער וועט זיך לאָזן איבעררײדן...

און אָבנר סרסור האָט ניט אָפּגעלאָזן:

— אויב אַזוי, ר׳ נתן, מוזט איר טאַקע נעמען אויף אַ ווײַלע אַ האַנט... אַז ניט, קען מען דאָך באמת, חלילה, פֿון זינען אַראָפּ!...

— נעמט אַ האַנט, ר׳ נתן, עס פֿעלט אַ זעקסטע האַנט... ס׳איז דאָך נאָר אויף איין האַלבע שעה... צעשלאָגט זיך אַ ביסל די רעיונות...

— כ׳וועל זיך צוזעצן אויף איין מינוט... שפּילן מיט אײַך אַ צוויי־דרײַ קאָנען... — האָט נתן שוואַך אויסגערעדט.

און ניט אַראָפּנעמענדיק דעם פֿוטער מיט די קאַלאַשן, האָט ער זיך צוגעזעצט צום טיש.

*

צוויי בײַ נאַכט, דעם פֿוטער אונטער זיך, דאָס היטל פֿאַררוקט אויפֿן שטערן, אין די אויגן אַ לויפֿנדיק פֿײַערל, דאָס פּנים פֿאַר־פֿלאַמט, זיצט נתן, ציט דאָס שוואַרץ־גרוילעך בערדל און זינגט־אויס מיט אַ גמרא־ניגון:

— משלמען צי ניט משלמען? וואַרט זשע... זאָל איך זאָגן, ער האָט נײַנער, האָב איך אים דאָך נײַן קלאַפּטער אין דער ערד... אלא, וואָס דען? וואָס — וואָס דען? טאָמער האָט ער צענטע־לעך? איז, ראשית, איז דאָך צענטל רייץ אַרויס... אײַ, טאָמער וואָס? — טאָמער האָט ער געכאַפּט דאָס לע־עצטע צענ־טע־לע? — איז ניט שפּיל אין קאָרטן און ניט ווער אָן קיין גע־עלט!... — האָט נתן אויסגעלאָזן מיט אַ ניגון פֿון „תּיקו” און האָט באַצאָלט.

— ר׳ נתן, גייט אַהיים! — האָט אים די באַלעבאָסטע דער־מאָנט צום צענטן מאָל.

— אָט באַלד, אָט באַלד... אָט נאָר דעם איין קאָן.

— גיי שלאָפֿן! וואָס אַרט דיך — האָט זיך אַריה־לייב אָנגעביי־זערט אויף זײַן ווײַב — און וואָס האָט מען? — האָט ער רוק אַ פֿרעג געטאָן נתנען.

— מען האָט „שוסטער”... — מאַכט נתן מיט אַ ווונק.

— „שוסטער” טויג ניט. קריכט העכער...

— ר׳ נתן, מען וועט דאָך ניט וויסן, וואָס איבערצוקלערן אין דער היים... — האָט די באַלעבאָסטע ניט אָפּגעלאָזן...

— אָט שוין, אָט שוין... איין מינוט...

— „שוסטער”, זאָג איך אײַך, איז ווייניק! — דערמאָנט אים אַריה־לייב.

— וואָס איז, וואָס האָט איר אַזוינס, „בתולות”?

— און דרײַסיק, ווילט איר ניט?...

— וועלכע דרײַסיק?

— ס׳פֿאַרשטייט זיך... „קאַזיאָנע”.

— דרײַ צענטעלעך?!

— אָר־הו...

— אײַ, אַ פײַער זאָל אין די קאָרטן אַרײַן! — איז נתן צעקאָכט געוואָרן און אַ זעץ געטאָן די קאָרטן אויפֿן טיש — ט׳איר געזען אַן אַקציע אַ ביסל?! טאָמער קריג איך איין מאָל אין אַ שמיטה אַ קאָרט, דאַרף ער קריגן אַ בעסערע!...

— ר׳ נתן, אײַער קינד איז דאָך חרובֿ... גייט נעמט־אָפּ דעם רעצעפּט און לויפֿט אַהיים...

— אָט נאָך אַ קאָן... כ׳מוז זיך דאָך אָפּשפּילן... אַן אייגנס מיט געלט פֿאַרשפּילט... טאַשט, טאַשט!...

— גיי, קריינע, שלאָפֿן און דריי קיין קאָפּ ניט!

*

זייגער פֿינף פֿאַר טאָג, ווען נתן איז געזעסן איבער אַ „שווערן לייענען״, צי זאָל ער באַצאָלן אַ רובל מיט אַ פֿערטעלע אויף „איין־און־דרײַסיק״ צי ניט — האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּערײַ אין לאָדן און אַ ייִנגליש וויינענדיק קול האָט געפֿרעגט:

— אפֿשר איז דאָ מײַן טאַטע?.. אפֿשר ט׳איר געזען מײַן טאַטן?...

— מײַן ייִנגל! — האָט זיך נתן אַ כאַפּ געטאָן — לאָזט אים אַרײַן... גיכער!... אוי?...

אַריה־לייב איז געלאָפֿן צו דער טיר.

דאָס ייִנגל איז גלײַך צוגעלאָפֿן צו נתנען, גענומען צופּן אים פֿאַרן אַרבל און וויינען:

— טאַטע, קום גיכער אַהיים... ציפּקע... ציפּקען איז שלעכט... די מאַמע חלשט...

— האַ, וואָס?! ציפּקע... אַ פֿערטעלע... ערגער... אוי, וואָסער גזלן איך בין!... קום, קום... וואָס האָט איר? נײַנער צי מלכות?... קום, זימל, גיכער!...

און אַ כאַפּ געבנדיק דאָס ייִנגל פֿאַר דער האַנט, איז ער האַסטיק אַרויסגעלאָפֿן פֿון שטוב.

שלום עליכם

# ס׳א ליגן

## דיאַלאָג אין גאַליציע

— איר פֿאָרט, דאַכט זיך, קיין קאָלאָמייע?

— פֿון וואַנען ווייסט איר, אַז קיין קאָלאָמייע?

— איך האָב געהערט, איר האָט גערעדט מיטן קאָנדוקטאָר. איר זײַט טאַקע אַ קאָלאָמייער, צי איר פֿאָרט נאָר קיין קאָלאָמייע?

— טאַקע אַ קאָלאָמייער. וואָס איז דען?

— גאָר ניט. גלאַט אַזוי. איך פֿרעג. עֿפּעס אַ היפּשע שטאָט קאָ־לאָמייע?

— וואָס איז שײַך אַ היפּשע שטאָט? אַ שטאָט ווי אַלע שטעט אין גאַליציע. אַ פֿײַן שטעטל. זייער אַ פֿײַן שטעטל!...

— כ׳מיין, צי ס׳איז פֿאַראַן בײַ אײַך עפּעס פֿײַנע מענטשן, נגי־דים?

— פֿאַראַן אַלערליי: פֿאַראַן נגידים, פֿאַראַן קבצנים. געוויינטלעך, מער קבצנים ווי נגידים.

— דאָס אייגענע ווי בײַ אונדז. אויף איין נגיד, קיין עין־הרע, טויזנט קבצנים. בײַ אײַך אין קאָלאָמייע דאַרף זײַן אַ נגיד פֿינקעל־שטיין...

— פֿאַראַן אַ נגיד פֿינקעלשטיין. וואָס איז? איר קענט אים.

— קענען קען איך אים ניט, נאָר איך האָב געהערט. הייסט ער ניט ר׳ שעיה?

— ר׳ שעיה. וואָס איז דען?

— גאָר נישט. גלאַט אַזוי, איך פֿרעג. ער איז טאַקע אַזאַ גבֿיר, ווי מע זאָגט, אָט דער ר׳ שעיה?

— איך ווייס? זײַן געלט האָב איך נישט געציילט. וואָס פֿרעגט איר זיך אַזוי נאָך? איר דאַרפֿט דאָס וויסן אַקעגן קרעדיט?

— ניין, גלאַט אַזוי. ער האָט, זאָגט מען, אַ טאָכטער.

— ער האָט דרײַ טעכטער. אפֿשר מכּוח אַ שידוך? וויפֿל, האָט מען אײַך געזאָגט, גיט ער נדן דער טאָכטער?

— דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן נדן, פֿאַרשטייט איר מיך. מע שמועסט, פֿון דער שטוב, שמועסט מען: וואָס פֿאַר אַ שטוב איז בײַ דעם ר׳ שעיה פֿינקעלשטיין? וואָס פֿאַר אַ הויז הייסט דאָס?

— וואָס זאָל זײַן פֿאַר אַ הויז? אַ הויז ווי אַלע הײַזער. אַ ייִדישע שטוב. אַ פֿײַנע שטוב. אַ חסידישע, זייער אַ פֿײַנע שטוב! מע זאָגט אַפֿילו, אַז מכּוח ייִדישקייט איז בײַ אים די לעצטע צײַט... נאָר ס׳אַ ליגן!

— וואָס איז אַ ליגן?

— וואָס מען זאָל נישט זאָגן, איז אַ ליגן. קאָלאָמייע איז, דאַרפֿט איר וויסן, אַ שטאָט פֿון סאַמע ליגנערס.

— איז טאָקע מהאַי טעמא כּדאַי צו וויסן, וואָס זאָגט מען, למשל, אויף זײַן שטוב?

— מע זאָגט, אַז ס׳איז שוין נישט דאָס, וואָס אַמאָל. למשל, אַמאָל פֿלעגט מען דאָרטן פּסח האַלטן שמורה... ער אַליין פֿלעגט גאָר פֿאָרן צוויי מאָל אין יאָר צום רבין. און הײַנט... הײַנט איז שוין נישט דאָס...

— אָט דאָס איז גאָר?

— וואָס דען האָט איר געוואָלט? מע זאָל שוין אַראָפּוואַרפֿן באָרד און פּיאות און עסן חזיר בפּרהסיא!

— איר זאָגט „מע זאָגט״, האָב איך געמיינט, מי יודע וואָס מע זאָגט! דער עיקר איז דאָך, אויב דער מענטש אַליין איז אַ מענטש. דאָס הייסט, איך מיין, צי איז ער, אָט דער ר׳ שעיה פֿינקעלשטיין, מיין איך, עפּעס אַ פֿײַנער, אַ לײַטישער מענטש? אָט דאָס מיין איך.

— וואָס איז שײַך אַ לײַטישער מענטש? אַ מענטש ווי אַלע מענטשן. אַ פֿײַנער מענטש. למאַי זאָל איך זאָגן? אַ גאַנץ פֿײַנער מענטש! מע שמועסט אַפֿילו בײַ אונדז, אַז ער איז אַ ביסל... נאָר ס׳אַ ליגן?

— וואָס איז אַ ליגן?

— אַלצדינג, וואָס מע זאָגט אויף אים, איז אַ ליגן. קאָלאָמייע איז אַזאַ שטאָט, וואָס מע האָט ליב רײדן איינס אויף דאָס אַנדערע; וויל איך נישט נאָכזאָגן, וואָרעם דאָס הייסט שוין לשון־הרע.

— ווי באַלד איר ווייסט, אַז ס'אַ ליגן, איז דאָך שוין אויס לשון־הרע.

— מע זאָגט, אַז ער איז... אַ ביסל... אַ דרייער.

— אַ דרייער? יעדער ייִד איז אַ דרייער. אַ ייִד דרייט. איר זײַט דען נישט קיין דרייער?

— אַ דרייער צו אַ דרייער איז נישט גלײַך. אויף אים זאָגט מען, פֿאַרשטייט איר מיך... נאָר ס'אַ ליגן!

— וואָס זשע, אייגנטלעך, זאָגט מען אויף אים?

— איך זאָג דאָך אײַך, אַז ס'אַ ליגן!

— וויל איך וויסן דעם ליגן, וואָס מע זאָגט.

— מע זאָגט, אַז ער האָט שוין דרײַ מאָל געשטעלט זיך. נאָר ס'אַ ליגן! איך ווייס נאָר פֿון איין מאָל.

— אָט דאָס איז גאָר? ווו האָט איר געזען, אַ סוחר זאָל זיך ניט שטעלן? אַ סוחר האַנדלט אַזוי לאַנג, ביז ער פֿאַרהאַנדלט זיך. אַ סוחר, אַז ער שטאַרבט־אַוועק נישט געשטעלטערהייט, איז אַ סימן, אַז ער איז געשטאָרבן פֿאַר דער צײַט. וואָס? נישט אַזוי?

— אַלץ הייסט בײַ אײַך געשטעלט? אויף אים זאָגט מען, אַז ער האָט זיך מיאוס אַוועקגעשטעלט, אַראָפּגעלאָזט די ממתקים און אַרויסגעשטעלט דער וועלט אַ פֿײַג. איר פֿאַרשטייט?

— נישט קיין נאַרישער מענטש, אַ פּנים. נו, און אויסער דעם גאָר נישט?

— וואָס נאָך האָט איר געוואָלט? ער זאָל קוילען מענטשן? באַגיין קרימינאַל? מע דערציילט אַפֿילו בײַ אונדז אויף אים יאָ עפּעס זייער נישט קיין שיינע מעשׂה... נאָר ס'אַ ליגן!

— אַז איר ווייסט, אַז ס'אַ ליגן, וועט דאָך עס אים נישט שאַטן.

— ער האָט, זאָגט מען, געהאַנדלט מיט אַ פּריץ, זייער אַ רײַכן פּריץ. געווען בײַם פּריץ אַ חשובֿ, אַ גרויסער חשובֿ. דערווײַל איז

דער פּריץ געשטאָרבן. האָט ער צוגעשטעלט אויף אים אַ פּאָר קוויט־לעך; איז געוואָרן אַ גוואַלד אין שטאָט: פֿון וואַנען האָבן זיך גענומען צו אים קוויטלעך, אַז דער פּריץ האָט זינט ער לעבט נישט אונטער־געשריבן קיין פּאַפּיר?... קאַלאַמייע, דאַרפֿט איר וויסן, איז אַ שטאָט, וואָס גיט אַכטונג...

— נו?

— נו־נו? האָט ער געהאַט אויף זיך אַ פּעקל...

— אָט דאָס איז גאָר? יעדער ייִד האָט אַ פּעקל. איר האָט אַ מאָל געזען אַ ייִדן אָן אַ פּעקל?

— דער האָט אָבער אויף זיך געהאַט, זאָגט מען, דרײַ פּעקלעך.

— דרײַ פּעקלעך? דהײַנו, וואָס נאָך פֿאַר פּעקלעך האָט ער, זאָגט מען, געהאַט אויף זיך?

— מיט אַ מיל האָט ער, זאָגט מען, געהאַט צו טאָן... נאָר דאָס איז שוין געוויס אַ ליגן!

— איז זי אָפּגעברענט געוואָרן מן הסתם. האָט מען געזאָגט אויף אים, אַז דאָס האָט ער אַליין געמאַכט „בורא מאורי האש״. מחמת די מיל איז שוין געווען אַן אַלטע, האָט ער זי גוט סעקורירט, בכדי ער זאָל קענען שטעלן נאָך דעם אַ נײַע?

— פֿון וואַנען ווייסט איר, אַז ס׳איז אַזוי געווען די מעשׂה?

— וויסן וויס איך נישט, נאָר איך בין מיר משער, אַז אַזוי האָט געמוזט זײַן די מעשׂה.

— אַזוי, הייסט דאָס, שמועסט מען בײַ אונדז אין קאַלאַמייע, נאָר ס׳אַ ליגן. איך קאָן אײַך גיין שווערן, אַז ס׳אַ ליגן!

— עס אַרט מיך נישט, ס׳זאָל זײַן אַן אמת. וואָס נאָך האָט ער געהאַט, זאָגט איר, פֿאַר אַ פּעקל אויף זיך?

— איך זאָג? די שטאָט זאָגט. נאָר דאָס איז שוין גלאַט אַ פּרי־טשעפּע [1], אַ בילבול, אַ ריינער בילבול.

---

[1] אַ צוטשעפּעניש.

— אַ בילבול? פֿאַלשע מינץ?

— נאָך ערגער.

— וואָס קאָן שוין זײַן ערגער?

— אַ בזיון צו דערציילן, וואָס קאַלאַמייע קאָן אויסטראַכטן? פּוסטע מענטשן... ליידיקגייערס... און אפֿשר איז דאָס געווען אַן אָנגעשטעלטע זאַך, מע זאָל קאָנען צאַפּן געלט? איר ווייסט נישט? אַ קליין שטעטל, און אַ נגיד האָט שׂונאים...

— פֿון וואַנען ווייסט איר? מע האָט אײַך שוין דערציילט?

— ער האָט געהאַט צו טאָן אַוודאי מיט אַ דינסט?...

— דערציילט האָט מען מיר נישט, נאָר איך שטויס מיך שוין אָן. עס האָט אים געקאָסט מסתּמא אַ שיינע פּאָר קרײַצערס, אָט דער דאָזיקער בילבול?

— לאָמיר זיך ווינטשן דאָס בײדע פֿאַרדינען אַלע וואָך, איך בין אײַך נישט קיין שׂונא, וואָס אים האָט דאָס געקאָסט, כאָטש ער איז דרינען גאָט די נשמה שולדיק. אַ קליין שטעטל... אַ ייִד אַ נגיד... עס גייט אים גוט... פֿאַרגינסט אים נישט... פּשוט, פּשוט, מע פֿאַרגינט אים נישט!...

— מעגלעך, האָט ער עפּעס פֿײַנע קינדער, לײַטישע? דרײַ טעכטער, האָט איר, דאַכט זיך, געזאָגט?

— דרײַ. צוויי אויסגעגעבענע און איינע אַ מיידל. פֿײַנע קינדער, זייער פֿײַנע קינדער... אויף דער עלטערער זאָגט מען אַפֿילו, אַז... נאָר ס'אַ ליגן!

— דהײַנו, וואָס זאָגט מען אויף זיי?

— איך זאָג דאָך אײַך, אַז ס'אַ ליגן.

— איך ווייס, אַז ס'איז אַ ליגן. איך וויל אָבער וויסן דעם ליגן.

— אַז איר וועט וועלן אויסהערן אַלע ליגנס, וואָס גייען בײַ אונדז אין קאַלאַמייע, וועט אײַך נישט קלעקן קיין דרײַ טעג מיט דרײַ נעכט... אויף דער עלטערער זאָגט מען, אַז זי גייט מיט די אייגענע האָר. קאָן איך אײַך עדות זאָגן, אַז ס'איז ליגן, וואָרעם זי איז גאָר נישט אַזוי געבילדעט, אַז זי זאָל טראָגן אייגענע האָר. און אויף דער

צווייטער טאָכטער האָט מען גלאַט אויסגעטראַכט, אַז נאָך מיידלווײַז... נאָר וואָס קאָלאָמייע קאָן אויסטראַכטן! ס׳אַ ליגן!

— כּדאַי צו הערן, וואָס מע קאָן בײַ אײַך אין קאָלאָמייע אויס־טראַכטן?

— איך זאָג דאָך אײַך, אַז קאָלאָמייע איז אַ שטאָט פֿון סאַמע ליגנערס און פֿון באַריידערס און פֿון לאַנגע צינגער. איר ווייסט נישט? אין אַ קליין שטעטל, אַז אַ מיידל שפּאַצירט איינע אַליין בײַ נאַכט איבער דער גאַס אין דער פֿינצטער מיט אַ יונגען־מאַן, ווערט שוין אַ טאַראַראַם: וואָס האָט אַ מיידל אַרומצוגיין אין קאָלאָמייע בײַ נאַכט איינע אַליין מיט אַ פּראָוויזער?

— אָט דאָס איז גאָר?

— וואָס נאָך האָט איר געוואָלט? זי זאָל מיט אים אַנטלויפֿן אין מיטן יום־כּיפּור קיין טשערנאָוויץ, אַזוי ווי, מע זאָגט, די קלע־נערע האָט אָפּגעטאָן אַ שפּיצל?

— וואָס פֿאַר אַ שפּיצל האָט דען אָפּגעטאָן די קלענערע?

— נישט כּדאַי, כ׳לעבן, גאָר נאָכדערציילן אַלע שטותערײַען, וואָס גייען־אַרום בײַ אונדז אין קאָלאָמייע. איך האָב פֿײַנט נאָכדער־ציילן אַ ליגן!...

— איר האָט שוין דערציילט אַזוי פֿיל ליגנס, דערציילט שוין דעם ליגן אויך.

— איך דערצייל נישט מײַנע ליגנס, ר׳ ייִד, איך דערצייל יע־נעמס!... און איך פֿאַרשטיי גלאַט נישט, וואָס פֿרעגט איר זיך אַזוי שטאַרק נאָך אויף איטלעכן באַזונדער, ווי אַ פּראָקוראָר? איר זײַט, דאַכט מיר, אַ ייִד, וואָס האָט ליב נאָר אויסטאַפּן, אויספֿאָרשן, אַרויס־ציִען בײַ יענעם דאָס דם־התּמצית פֿון די ביינער און אַליין האָט איר מורא אַרויסצולאָזן אַ וואָרט... האָט קיין פֿאַראיבל נישט, וואָס איך זאָג אײַך דעם ריינעם אמת. איר זײַט, שײַנט מיר, אַ רוסישער ייִד און די רוסישע האָבן אין זיך אַ מיאוסע טבֿע: זיי האָבן ליב אַרײַנ־צוקריכן יענעם מיט די שטיוול אין האַרצן אַרײַן... די רוסישע זײַ־

נען, ווײַזט־אויס, נישט קיין קלײנע באַריידערס... איבעריקנס, איז שוין באַלד קאָלאָמייע... צײַט זיך צו נעמען צו די זאַכן... זײַט־זשע מוחל!

ש. פרייליאַך

## דער פּרעזידענט האָט זיך אָפּגעזאָגט

אַ פּרעזידענט פֿון אַ יידישער אינסטיטוציע איז געשען אַ גרויס אומגליק: זײַן ווײַב איז קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן.

דערוויסט זיך דער סעקרעטאַר. רופֿט ער צונויף באַלד די גאַנצע פֿאַרוואַלטונג און עס ווערט באַשלאָסן אַרײַנגעבן אַ נעקראָלאָג אין די בלעטער און רופֿן אַלע מיטגלידער צו באַטייליקן זיך אין דער לוויה.
צי עס זײַנען געקומען אַלע מיטגלידער אָדער נישט, אָבער אַ לוויה איז געווען אַ גרויסע און בײַם אָפֿענעם קבֿר האָט זיך אַוועקגעשטעלט דער סעקרעטאַר פֿון פֿאַראיין און מיט אַ וויינענדיק קול געזאָגט:

— פֿרײַנדע! אונדזער פּרעזידענט איז געשען אַן אומגליק. אַן אומגליק איז געשען אונדזער פּרעזידענט. עס איז געשטאָרבן זײַן נאָבעלע פֿרוי, זײַן נאָבעלע פֿרוי איז געשטאָרבן. געשטאָרבן אויף אייביק. אויף אייביק געשטאָרבן. אַזוי ווי אין פּסוק שטייט, ווי עס שטייט אין פּסוק. איך קען נישט מער ריידן... מער ריידן קען איך נישט...

צוריקגייענדיק פֿון בית־עולם האָט דער וויצע־פּרעזידענט געפּאַטשט דעם פּרעזידענט אין פּלייצע און מיט אַ וויינענדיק פּנים געזאָגט:

— וואָס קען מען טאָן?... וואָס קען מען מאַכן?...

אויף אים קוקנדיק, איז באַלד צוגעגאַנגען דער סעקרעטאַר, דער קאַסיר און אַלע איבעריקע מיטגלידער און זיי האָבן אויך לויט דער

ריי דעם פּרעזידענט געפּאַטשט אין פּלייצע מיט די זעלביקע ווערטער:
— וואָס קען מען טאָן?... וואָס קען מען מאַכן?...
דעם פּרעזידענט האָבן אָט די נאַרישע ווערטער קנאַפּ געטרייסט און ער האָט געכאַפּט אַן אויטאָמאָביל און אַנטלאָפֿן שנעל אַהיים, וווּ ער האָט זיך באַהאַלטן מיט זײַן צער און ווייטיק.
איז אַוועק אַ טאָג, צוויי, באַשליסט דער סעקרעטאַר, אַז מען דאַרף גיין דעם פּרעזידענט מנחם־אָבֿל־זײַן. רופֿט ער צונויף די פֿאַרוואַל־טונג און אַלע לאָזן זיי זיך אַוועק צום פּרעזידענט און הייבן אים אָן טרייסטן:
— וואָס קען מען טאָן?... וואָס קען מען מאַכן?...
דער פּרעזידענט זיצט אַ שווײַגנדיקער און ענטפֿערט נישט: פֿאַר זײַנע אויגן שטייט דאָס בילד פֿון דער יונג־פֿאַרשטאָרבענער פֿרוי, וואָס קוקט, דוכט זיך, מיט שפּאָט אויף די מענטשן און אירע ליפּן שעפּטשען מיט חוזק נאָך די נאַרישע ווערטער:
— וואָס קען מען טאָן?... וואָס קען מען מאַכן?...
דער פּרעזידענט לאָזט־אַרויס אַ טיפֿן זיפֿץ:
— אַזאַ אומגליק!...
זיפֿצן באַלד אַלע נאָך:
— אַזאַ אומגליק!... אַזאַ אומגליק!...
אין שטוב איז ווידער שטיל. זוכט דער סעקרעטאַר אַ קלוג וואָרט צו זאָגן און געפֿינט נישט און מוז ווידער איבערחזרן די זעלביקע פֿראַזע:
— וואָס קען מען טאָן?... וואָס קען מען מאַכן?...
— יאָ, וואָס קען מען טאָן!... וואָס קען מען מאַכן?... — העלפֿן אים די איבעריקע מיטגלידער צו.
די שטילקייט אין הויז הייבט־אָן ווערן שווער און דריקנדיק: די מענטשן פֿאַרקוקן זיך יעדער אויף עפּעס אַנדערש און זיצן אַזוי שטיל, אַרויסבלאָזנדיק פֿון די לונגען שטילע און לײַטישע זיפֿצלעך, וואָס מאַכן די שטילקייט נאָך שווערער און פּײַנלעכער.
דער סעקרעטאַר קוקט אויפֿן בילד פֿון דער פֿאַרשטאָרבענער און

טראַכט, אַז ער האָט גאָר נישט געוווּסט, אַז דער פּרעזידענט האָט געהאַט אַזאַ יונגע, שיינע פֿרוי... פֿאַלט אים עפּעס איין אַ געדאַנק, טוט ער זיך אַ הייב־אויף און זאָגט:

— פֿריינדע! איך וואָלט פֿאָרגעשלאָגן, אַז מיר זאָלן דאָס בילד פֿון דער פֿאַרשטאָרבענער אויפֿהענגען ביי אונדז אין פֿאַראיין, ניש־קשה, דער פּרעזידענט האָט עס ביי אונדז פֿאַרדינט...

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז שוין דאָס בילד פֿון דער דאָזיקער פֿרוי געהאָנגען אין אַ גרויסער באַגילדטער ראָם אין זיצונגזאַל פֿון פֿאַראיין און אַלע מיטגלידער האָבן געקוקט אויף דעם בילד און געזאָגט:

— אַזאַ שיינע פֿרוי. ס'איז באמת אַ שאָד...

— נישט אומזיסט וויינט ער אַזוי פֿיל נאָך איר!...

פֿיר וואָכן איז דער פּרעזידענט אויף די זיצונגען נישט געקומען. אָבער אויף דער פֿינפֿטער וואָך האָט ער זיך אומגעריכט באַוויזן און גלייך פֿאַרנומען זיין פּלאַץ, וואָס איז אויסגעקומען פּונקט אַנטקעגן דער וואַנט, אויף וועלכער עס איז געהאָנגען דאָס בילד פֿון זיין פֿרוי.

די אָנוועזנהייט פֿון פּרעזידענט האָט אַרויסגערופֿן אַ פּיינלעכע שטימונג. אַלע זיינען געזעסן שטיל און אָנגעצויגן און זיך באַמיט נישט אַרויסצוברענגען קיין שמייכל אויף די ליפּן.

דער פּרעזידענט האָט געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויפֿן טיש און, ווען ער האָט פֿון צייט צו צייט אויפֿגעהויבן די אויגן און דערזען פֿאַר זיך דאָס בילד פֿון זיין פֿרוי, האָט ער באַלד צוריק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויפֿן טיש און אַ צעמישטער געזאָגט:

— יאָ, ביי וואָס האַלטן מיר?...

די איבעריקע מיטגלידער האָבן דאָס באַמערקט און זיי האָבן זיך אויך באַמיט נישט צו קוקן אויפֿן בילד און אויסגעדרייט זיך אַזוי, אַז זיי זאָלן זיצן אין גאַנצן מיטן רוקן צום בילד...

פֿון דעסט וועגן, ווען די זיצונג איז אויפֿגעהויבן געוואָרן, האָט דעם פּרעזידענטס פּנים פֿאַרלוירן זיין ערנסט, באַצערט אויסזען, און ער האָט זיך ווי פֿאַרגעסן און אַ שמייכל געטאָן אויפֿן חשבון פֿון דעפֿיציט.

— איר ווייסט? — האָט ער זיך אַ וויצל געטאָן — מען וואָלט באַדאַרפֿט אויף אײַך אַכטונג געבן.

— דהײַנו? — האָט געפֿרעגט דער קאַסיר.

— איר קענט נאָך אַ מאָל מאַכן פּליטה מיטן דעפּיציט.

דער וויץ האָט אַרויסגערופֿן גרויס געלעכטער און ער האָט באַזונדערס געפֿרייט מיט דעם, וואָס ער האָט מיט אַ מאָל געגעבן אַ געלעגנהייט די מענטשן אַראָפּצוּוואַרפֿן פֿון זיך די געצוווּנגענע ערנסטע שטימונג און זיי באַווײַזן, אַז זיי מעגן זיך פֿאַרגינען אַ שמייכל טאָן.

פֿון דעסט וועגן, אַז דער פּרעזידענט האָט אין מיטן דערזען פֿאַר זיך זײַן פֿרויס בילד, האָט ער אַ זיפֿץ געטאָן און באַלד אַרויס פֿון לאָקאַל.

אָבער לאַנג האָט דאָס נישט געדויערט. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט שוין דער פּרעזידענט זיך געפֿילט אויף די זיצונגען ווי אַמאָל, פֿאַר זײַן ווײַבס טויט, און ער האָט ווידער געלאַכט און זיך געוויצלט. אַזוי אַז די איבעריקע חבֿרים זײַנע האָבן זיך אין גאַנצן אויפֿגעהערט קווענקלען אין זײַן אָנוועזנהייט און זיך ווידער דערפֿילט אויף די זיצונגען אַזוי היימישלעך גוט ווי אַמאָל.

סוף־כּל־סוף איז געשען דאָס, אויף וואָס די מיטגלידער האָבן זיך שוין פֿון לאַנג געריכט: דער פּרעזידענט האָט חתונה געהאַט און ווידער גענומען אַ יונג, שיין ווײַבל און געפּראַוועט אַ שׂמחה אויפֿן גרויסאַרטיקן שטייגער.

אַוודאי האָט די פֿאַרוואַלטונג אים גראַטולירט, אים אַפֿילו געשאָנקען אַ גאָלדענע פֿעדער און שוין גאָר פֿאַרגעסן, אַז אין פֿאַראיין, אויף דער וואַנט, הענגט דאָס בילד פֿון זײַן טויטער פֿרוי, וואָס קוקט נאָך אַלץ אַזוי שפּאַטיש ווי אַמאָל און זאָגט דורכט זיך:

— וואָס קען מען טאָן?... וואָס קען מען מאַכן?...

ווידער איז דער פּרעזידענט נישט געקומען אַ פּיר וואָכן אויף די זיצונגען און, ווען ער האָט זיך אויף דער פֿינפֿטער וואָך באַוויזן, האָט ער אַן אויפֿגערוימטער, אַ פֿריילעכער, פֿאַרנומען זײַן פּלאַץ.

— נו, חבֿרים, וואָס שטייט אויף דער טאָג־אָרדענונג ? — האָט ער געפֿרעגט אויפֿהייבנדיק דעם קאָפּ.

באַלד איז אָבער זײַן בליק געפֿאַלן אויף דעם בילד פֿון זײַן פֿאַר־שטאָרבענער פֿרוי און ער האָט שנעל אַראָפּגעלאָזט די אויגן און אַ צעמישטער געזאָגט :

— יאָ, וווּ האַלטן מיר ? . . .

אין צוויי וואָכן אַרום האָט דער פּרעזידענט רעזיגנירט [1], און אין די מאָטיוון פֿון זײַן רעזיגנאַציע האָט ער געזאָגט, אַז ער איז זייער פֿאַרנומען. אָבער די מיטגלידער פֿון דער פֿאַרוואַלטונג האָבן זיך קלי־געריש איבערגעקוקט און ווינקענדיק אויף דער וואַנט האָט דער סעקרעטאַר געזאָגט :

— ווי מיינט איר, ווען מיר זאָלן אַראָפּנעמען דאָס בילד פֿון יענער ייִדענע און אויפֿהענגען דאָס בילד פֿון דער צווייטער, וואָלט דער פּרעזידענט צוריקגעצויגן זײַן רעזיגנאַציע ?

אַלע האָבן טרויעריק געשאָקלט מיט די קעפּ, אָבער דאָס בילד האָט קיינער ניט געוואָגט אַראָפּצונעמען. עס הענגט נאָך אַזוי דאָרטן אויפֿן זעלביקן אָרט און דער שפּאָטישער שמייכל פֿון דער פֿרוי זאָגט נאָך אַלץ, דוכט זיך, אייגע און די זעלביקע פֿראַזע :

— וואָס קען מען טאָן ? . . . וואָס קען מען מאַכן ? . . .

1942

ב. קאָוונער

## נח דער קריטיקער

אין אַ שיינעם, העלן, ליכטיקן זומערטאָג איז דערשינען אַן אַנאָנס אין אַ צײַטונג, אַז דער פֿאַרלעגער מנחם־מענדל האָט אַרויס־געגעבן אַ בוך לידער פֿון דעם באַוווסטן דיכטער פֿויגל.

---

[1] זיך אָפּגעזאָגט.

אויף מאָרגן האָט דער פֿאַרלעגער דערהאַלטן אַ בריוול פֿון אַ שרײַבער. דאָס בריוועלע האָט זיך געלייענט אַזוי:

„ר׳ מנחם־מענדל! שיקט מיר באַלד אַרויס דאָס נײַע בוך לי־דער פֿון דעם באַליבטן דיכטער פֿויגל. איך וויל אין מײַן צײַטונג שרײַבן אַ קריטיק איבער דעם דיכטער און זײַנע לידער. עס רעדט זיך נאָר אַ „קריטיק״; עס וועט גאָר ניט זײַן קיין קריטיק; עס וועט גיכער זײַן אַ לויבגעזאַנג צום פֿאַרלעגער, אַ מין ליטעראַרישער אַנאָנס. איר קענט זיך אויף מיר פֿאַרלאָזן.

מיט דרך־ארץ,

נח

קריטיקער פֿון „טעגלעכן לעבן״

האָט זיך דער פֿאַרלעגער (ניט קיין נאַרישער ייִד) אַוועקגעזעצט און באַלד געענטפֿערט דעם קריטיקער בזה הלשון:

„מיסטער נח! — איר זײַט אַ ליגנער און אַ זשוליק! איר ווילט בלויז אויסנאַרן בײַ מיר אומזיסט דאָס בוך! מען קען אײַך שוין: מען ווייסט אײַך שוין. איר האָט שוין בײַ מיר אַ מאָל גענומען אַ בוך מיט סקיצן פֿון דעם באַרימטן סקיצן־שרײַבער מעשל און איר האָט קיין קריטיק דאַן ניט געשריבן. אַלזאָ, וועט איר מיך אַ צווייטן מאָל ניט נאַרן. סײַדן... יאָ, סײַדן איר וועט פֿריִער אויפֿשרײַבן די קריטיק און אָפּדרוקן. דאַן וועל איך אײַך געבן אַ בוך.

אײַער,

מנחם־מענדל״

אַז דער קריטיקער, נח, האָט איבערגעלייענט דעם פֿאַרלעגערס בריוול, האָט ער זיך באַלד אַוועקגעזעצט און אָנגעשריבן אַן „אויס־פֿירלעכע״ קריטיק איבער דעם נײַעם לידערבוך און אַרײַנגעלויבט דעם פֿאַרלעגער אין טאָג אַרײַן. די קריטיק איז דערשינען און זי האָט געמאַכט אַ רושם צווישן די שרײַבערס...

דאַן האָט דער קריטיקער נח אויסגעשניטן פֿון דער צײַטונג

די קריטיק, אַוועקגעטראָגן זי צום פֿאַרלעגער און מלא שׂמחה אויסגערופֿן:

— נו, ווי געפֿעלט אײַך מײַן קריטיק איבער די לידער? אַ פֿײַן קריטיקל, האַ? אַ גוטער קריטיקער גיט זיך אַן עצה. אָט האָב איך געשריבן וועגן דעם בוך לידער, כאָטש איך האָב נאָך דאָס בוך פֿאַר די אויגן ניט אָנגעזען. איצט בין איך שוין ווערט אַ בוך?

— יאָ! — האָט דער פֿאַרלעגער אויסגערופֿן שטאַרק באַגײַסטערט און ער האָט דעם קריטיקער דערלאַנגט דאָס נײַע בוך לידער.

דער קריטיקער, נח, האָט באַטראַכט דאָס בוך: עס געדרייט פֿון אַלע זײַטן, באַוווּנדערט דעם אײַנבונד. דאָס פּאַפּיר און אַ זאָג געטאָן צום פֿאַרלעגער:

— ווען איר גיט מיר אָבער דאָס בוך מיט דרײַ טעג צוריק, וואָלט די קריטיק גאָר אַנדערש אַרויס... עס איז זייער ניט גוט, אַז מען דאַרף שרײַבן איבער לידער, וועלכע מען האָט נישט געלייענט...

## אַברהם שולמאַן

# ווי אַזוי מען ווערט אַ באַרימטער שרײַבער

פון בוך „געלעכטער אין דער נאַכט"

די פּשוטסטע זאַך צו ווערן אַ באַרימטער שרײַבער איז נאַטירלעך — צו ווערן קודם־כּל אַ גרויסער שרײַבער.

אויף דער מענטשהייט קאָן מען זיך פֿאַרלאָזן. זי האָט אַ גוטע נאָז און עס האָט נאָך נישט געטראָפֿן, אַז אַ מענטשלעכער זשעני זאָל נישט דערשנאַפּט ווערן און אַז די בראָנדזענע פֿיגור זײַנע זאָל סוף־כּל־סוף נישט אַרויסגעשטעלט ווערן אויף אַ גאָלדענעם געשטעל.

און אויב עס געשעט אַ מאָל, אַז די מענטשהייט כאַפּט זיך נישט בײַ צײַטנס, אַז צווישן אירע ד' אַמות דרייט זיך אַרום אַ גרויסער און נישט־דורכשניטלעכער יחיד, פֿאַרריכט זי שפּעטער דעם דאָזיקן פֿע־לער מיט פֿאַרשווענדערישע פּראָצענטער. אַזוי האָט פּאַסירט מיט דער מוזיק פֿון יאָהאַן סעבאַסטיאַן באַך. אַזוי איז געשען מיט דער געניאַל־ביאָלאָגישער אַנטפּלעקונג פֿונעם קלויסטער־מאָנאַך מענדעל און אַזוי האָט פּאַסירט מיט אונדזער היימישן אַנ־סקין און מיט זײַן „דיבוק".

ווי איז אָבער דער דין, אַז עס זײַנען פֿאַראַן שרײַבערס, וואָס האָבן נישט קיין געדולד אַזוי לאַנג צו וואַרטן, וועלכע ווייסן טאַקע, אַז זיי זײַנען געניאַל, נאָר האָבן מורא, אַז די מענטשהייט וועט די גע־ניאַליטעט זייערע דערזען ערשט מיט הונדערט יאָר שפּעטער? אַז אַנשטאָט שוין אַוועקצוזעצן זיי אויף גאָלדענע שטולן און צו ברענגען פֿאַר זיי ווײַרויכן און צו פּאָכען אויף זיי מיט עלעקטרישע פֿעכערס, וועט מען ערשט נאָכן טויט אַרויסשלעפּן דיביינער זייערע פֿון אַ פֿאַרגעסענעם קבֿר אַרויס און, אַזוי ווי די ביינער פֿון יוסף, אָפּגעבן זיי אַ לאַנג־פֿאַרשפּעטיקטן כּבֿוד? איז וואָס־זשע טוען אַזעלכע אומ־געדולדיקע זשעניס?

איז פֿאַראַן דערויף אַן עצה: אַנשטאָט צו וואַרטן, אַז די מענטש־הייט זאָל אַליין אָנשטויסן זיך, אַז זיי זײַנען זשעניס, קומען זיי צו דער מענטשהייט און זאָגן:

— איר וועט סוף־כּל־סוף אַליין געוווּיר ווערן, ווי גרויס מיר זײַנען, ווײַל גרויסקייט קען מען נישט באַהאַלטן. אָבער מיר זײַנען נערוועזישע מענטשן און מיר ווילן נישט, אַז איר זאָלט אונדז באַצאָלן שפּעטער פֿאַר דעם, וואָס אונדז קומט שוין איצט. מיר ווילן, אַז איר זאָלט אונדז באַצאָלן מיט מזומנים און נישט מיט וועקסעלעך...

אָבער ווי אַזוי זאָגט מען דאָס? אַ שרײַבער קאָן דאָך נישט קומען אַליין צום עולם און שרײַען: „אַני שלמה, איך בין אַ גדול". איז פֿאַראַן דערויף אַן עצה. מען שליסט אַ שותּפֿות מיט נאָך אַ שרײַבער און מען מאַכט פֿאָלגנדיקן קאָנטראַקט:

— דו וועסט שרײַבן וועגן מיר און איכ'ל שרײַבן, אַז דו ביסט

אַ פּעטראַרקאַ. דו וועסט זאָגן דעם עולם, אַז איך בין אַ פּראָמעטיי און אַז דאָס שרײַבעכץ מײַנס איז אַ שטיק פֿײַער פֿון סאַמעראָדנעם אָלימפּ, און איכ׳ל זאָגן, אַז דו ביסט אַ דאַנטע, און אַז אַלץ וואָס פּושקין האָט געשריבן האָט ער געלקחנט בײַ דיר. פֿאַר יעדעס מאָל, וואָס דו וועסט דערמאָנען מײַן נאָמען צוזאַמען מיט שעקספּירן, וועל איך דערמאָנען דײַן נאָמען צוזאַמען מיט בערנאַרד שאָו. אַז דו וועסט שרײַבן „געניאַל", וועל איך שרײַבן „גרויס". און אַז דו וועסט שרײַבן „גרויס", וועל איך שרײַבן „געניאַל". זאָלסט נאָר האַלטן דעם אָפּמאַך ווי ס׳געהערט צו זײַן — און די מענטשהייט, צי זי וועט וועלן צי נישט, וועט סוף־כל־סוף אײַנזען, ווער מיר זײַנען און וועט נישט דאַרפֿן שפּעטער ברענגען קיין קטורת פֿאַר צוויי קאָסטנס מיט ביינער.

ייִדן זײַנען בכלל אומגעדולדיקע מענטשן. און שרײַבערס זײַנען נאָך אומגעדולדיקער ווי ייִדן. הײַנט שטעלט אײַך פֿאָר, ווי אומגע־דולדיק עס זײַנען ייִדישע שרײַבערס. דעריבער דאַרפֿט איר אײַך נישט וווּנדערן, ווען איר טרעפֿט אַ מאָל צווישן ייִדישע שרײַבערס אַזעלכע שותּפֿים־געשעפֿטן...

1953 פּאַריז

מ. נודעלמאַן

## איך לעב פֿון שמחות!

יאָ, כ׳האָב אײַך געוואָלט עפּעס פֿרעגן: זאָגט מיר, וואָס אַ שטייגער וואָלט איר געטאָן, ווען איר הייסט פֿערציק יאָר מענדל און מען ראָט אײַך, אַז איר זאָלט פּלוצעם ענדערן דעם נאָמען?

מײַנע באַקאַנטע זאָגן, אַז ס׳איז שוין צײַט, כ׳זאָל מיך אַמעריקאַניזירן. אַ ליאַדע „מענדל" — זאָגן זיי — הייסט דאָ אין אַמעריקע מעקסי אָדער מײַקל אָדער מאַרטין; טאָ פֿאַר וואָס זשע זאָל איך נישט אויך בײַטן דעם נאָמען?

אָבער איך האַלט נישט דערבײַ. בײַ מיר איז מענדל פונקט אַזאַ מיוחס ווי מעקסי, און אפשר נאָך מיט אַ סמיטשיק מער! איך האַלט, אַז אויב מ׳האָט נאָר מזל, קאָן איין מענדל מער אויפטאָן ווי צען מעקסיס. און אויב שוין יאָ בײַטן דעם נאָמען, וואָלט איך געביטן פון מענדל — אויף מענדעלע! אַז מ׳הייסט מענדעלע, יאָסעלע, בערעלע אָדער משהלע, קאָן מען אין אַמעריקע גרינג ווערן אַ חזן, בפרט נאָך, אַז כ׳האָב אַלע מעלות פאַר אַ חזן: כ׳בין אָן אַ שטימע, כ׳בין אָן אַ באָרד. אײַ, טאָמער האָב איך איין חסרון, כ׳קען עבֿרי? מילא מען מעג האָבן אַ שטיקל חסרון אויך. אַ מענטש איז סוף־כּל־סוף נישט מער ווי אַ מענטש! אָבער דערווײַל, כּל־זמן כ׳גיב מיר אַן עצה, זוך איך נאָך נישט קיין חזנות. און לאָמיר זאָגן, אַז כ׳זוך יאָ — וועט מיר דען העלפן? איך קען אַ סך גרינע, וואָס ווילן ווערן חזנים; זיי האָבן שוין אַפילו, „נאַ ווסיאַקי סלוטשײַ׳[1] — יאַרמולקעס; נאָר — מ׳לאָזט זיי נישט צו צום ברעטל. מ׳דאַרף האָבן פּראָטעקציע. מ׳דאַרף האָבן „פּלייצעס״. מ׳דאַרף שטיין נאָענט צום פּרעזידענט פון דער „קאָנגרעגיישאָן״. מ׳דאַרף שטיין נאָענט צום וויצע־פּרעזידענט און מ׳דאַרף שטיין נאָענט צו די ווײַבער; און אויב איר ציט מיך שוין בײַ דער צונג — דעצידירן דאָ נאָר די ווײַבער! אַז די פאָטאָגראַפיע פון חזן געפעלט די ווײַבער, האָט מען שוין דעם עמוד אין קעשענע.

און ס׳איז גאָר נישט קיין וווּנדער, וואָס די ווײַבער קאָנען זיך דאָ אַזוי גוט אויף חזנות; ס׳זײַנען פאַראַן אין אַמעריקע זייער פיל חזנטעס. מען שמועסט אַפילו, אַז עס זײַנען פאַראַן מער חזנטעס ווי חזנים. עס זײַנען דאָ „רומענישע חזנטעס״, „אונגאַרישע חזנטעס״, „ליטווישע חזנטעס״ און אַז מ׳וועט דאַרפן, וועלן אויך זײַן „גרינע חזנטעס״. און אַלע גיבן זיך אַן עצה; אויב מ׳לאָזט זיי נישט צו צום עמוד, דאַוונען זיי אין ראַדיאָ אָדער זיי דאַוונען אין די מאַונטײַנס[3].

אָבער וואָס זאָל איך ריידן וועגן זיי, אַז כ׳בין נאָך מיט מיר אַליין נישט פאַרזאָרגט. ס׳הייסט: מיט דער צוקונפט בין איך, אייגנטלעך, יאָ

---

[1] (רוסיש) ווי אַ זאַך מאַכט זיך. — [2] בערג, ווו ס׳זײַנען דאָ דאַטשעס, האָטעלן.

פֿאַרזאָרגט. אַלע זאָגן, אַז כ׳וועל זײַן „אָלרײַט״. אָבער דערווײַל איז נישט פֿויגלדיק. די גאַנצע חכמה פֿון אַ גרינעם באַשטייט דאָך אין דעם, אַז ער זאָל וויסן ווי אַזוי דורכצושטופּן די צײַט ביז צו דער צוקונפֿט. אָט, מיט וואָס עס לאָזט זיך, שטופּ איך דערווײַל אַדורך.

לעצטנס, לעב איך פֿון שׂמחות. כ׳ווער געוווירר, ווו ס׳איז ערגעץ אַ חתונה — כאַפּ איך מיך אַרײַן. כ׳עס אַן אָונטברויט און איך פֿיל מיך גאַנץ גוט. מ׳ווייסט נישט, צי כ׳בין פֿון חתנס צד, צי פֿון דער כּלהס צד — עס איך דערווײַל פֿוןביידע צדדים!

און כ׳וועל אײַך זאָגן דעם אמת, אַז טייל חתונות זײַנען פֿאַר מיר זייער אינטערעסאַנט. דער מסדר־קידושין מאַכט די ברכות אויף ענג־גליש, דער חתן־בחור קאָן נישט נאָכזאָגן „הרי אַת״, זאָגט ער „האַרי אָפּ [3]; און די כּלה קוקט אין שפּיגעלע, צי קליידט איר די חופּה. דערנאָך זעצט מען זיך אויס בײַ טישלעך. די ענטערטיינערס [4] פּראַ־ווען בײַם מאָלצײַט די שבֿע־ברכות, מען עסט־אָפּ, חתן־כּלה פֿאָרן דערנאָך אויף זייער האָנימון־רײַזע [5] און איך פֿאָר מיר אין האַיאַס נעכטיקן.

אָבער פֿון בלויז שׂמחות איז שווער צו לעבן. מ׳דאַרף אויך זוכן אַ נעבן־פּרנסה. זוך איך טאַקע. ס׳האָט שוין געהאַלטן דערבײַ, אַז כ׳זאָל ווערן אַ שותּף צו אַ כינעזישן רעסטאָראַן. מײַנער אַ פֿרײַנד, אויך אַ גרינער, וועלוול ראַבינאָוויטש הייסט ער, האָט געוואָלט עפֿע־נען אַ כינעזישן רעסטאָראַן און האָט געזוכט אַ שותּף. האָב איך גע־וואָלט צושטיין. כ׳האָב אים געזאָגט, אַז קיין געלט אַרײַנצולייגן האָב איך נישט; אָבער אויב ער וויל, קאָן איך זײַן משגיח בײַ אים אין רעסטאָראַן. האָט ער מיר געזאָגט, אַז אויב אָן געלט, דאַרף ער מיך נישט; ער קאָן עס אַליין מאַכן, וואָרעם ער האָט אויך נישט קיין געלט.

די אונטערשטע שורה: כ׳בין ווידער אַרבעטלאָז; און בײַ אַן אַרבעטלאָזן — זאָלט איר וויסן — איז צום ערגסטן דאָס, וואָס מען ווייסט קיין מאָל נישט ווען מ׳האָט אַ פֿרײַען טאָג...

---

[3] געגאַנגען שנעלער! — [4] פּאַרווײַלערס. — [5] האָניק־רײַזע.

איזי כאַריק

# רעב כעזקל פֿונ גאָמבינ [1]

איזי כאַריק, וועלכער איז „פֿאַרשווונדן" אין 1937, איז ביז 1936 געווען דער באַ־ליבטער סאָוועטישער ליריקער, פֿון וועמען עס האָט געזאָלט זיך „אָנהייבן" די נײַע תקו־פה פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור — ער האָט געוואָלט אָנטאָן דאָס שטעטל אין שטאָל...

1

וווקסיק און ברייט איז די שטוב בײַ ר׳ כעזקל פֿון גאָמבין,
וווקסיק געבויט און פֿאַרלייגט אויף אַ פֿעסטן פֿונדאַמענט.
די טירן — פֿאַרהויבן. די שויבן — געשײַערט. די מעבל — אין סאַמעט.
שפּאַנט ער אַרום, אָט דער כעזקל, מיט זעטיקער רו אויף דער גאָמבע.

פֿון מעריבֿ געקומען. איצט מאַכט ער פּאַוואָליע הבֿדלה.
— — ויתן לך מטל השמים ומשמני האָרץ — — —
די שפּײַכלערס באַלאָדן מיט פֿלאַקסן, מיט ווייצן, מיט קאָרן.
און ס׳כראָמטשקען דעם גאָלדענעם האָבער די פֿערד אין סטאָדאָלע.

עס וואַרטן די בהמות אויף מעלקן אין וואַרעמע שטאַלן,
און טרייסלען געראָטן מיט פֿולע און וואַרעמע אײַטער.
ציִען זיך וועגן פֿון שטעטלעך און דערפֿעלעך ווײַטע,
שטראָמען אַהערצו און בלײַבן צעטראָטן דאָ אַלע...

אים ברענגען די דערפֿער די ערשטלינגען־תּבֿואות צו פֿירן.
נאָך רוילעכע קערנער אין פֿײַן און אין הונגער געדראָשן.

---

[1] מיר גיבן דעם טיטל אין סאָוועטישער אָרטאָגראַפֿיע, אָן סוף־אותיות, אין נאַטוראַליזירטן אויסלייג. — רעד׳.

און שטעטעלעך שיקן דעם לעצטן, פֿאַרבלוטיקטן גראָשן,
זינגט ער פּאַוואָליע: — אל־תּירא, אל־תּירא, אל־תּירא!...

די פֿליטן צעלאָזן, שווימען זיי איצטער קיין דאַנציק,
און דאָרפֿישע יונגען אויף טײַכן באַזינגען, באַווייגען די דאָליע.
אָט שפּאַנט ער, אָט גייט ער, אָט זיצט ער, פּאַוואָליע, פּאַוואָליע.
און טראַכט: דער רבונו של עולם אַפֿילו געהערט אים אין גאַנצן...

איי, גוט איז, ווויל איז, איצט נעמט ער אַ ביסעלע משקה —
לחיים, לחיים, און לעבן זאָל ווערן נאָך לײַכטער.
קומען אַלמנות און ברענגען געשײַערטע מעשענע לײַכטער:
— נאַט אײַך, ר׳ כעזקל, ניטאָ שוין קיין בעסערער משכּון...

ברענגען די שוסטערס משכּנות און בעטן אַנטלײַען אויף רימען.
קומען די שנײַדערס און ברענגען די קעפּלעך פֿון זינגער־מאַשינען.
— איי, גאָטעניו־זיסער, איך גיב דײַנע אָרעמע ייִדן פֿאַרדינען,
מיר זײַנען מיט מצוות פֿאַרפֿולט, ווי מיט יאָדערס פֿאַרפֿולט
איז דער רמון...

איי, גוט איז, ווויל איז, איצט נעמט ער אַ צווייטן לחיים.
— הערסט, ר׳ יחזקאל, מיר וועלן דערלעבן, דערהאַרן!
אָט, טרינקט ער. אָט, זיצט ער. אָט, שפּאַנט ער. אַ וואַרע! אַ וואַרע!
און ס׳שטראָמט אין די גלידער אַ שיכּורער, פֿריילעכער פֿײַער.

— היי, ייִדן, היי, גויים, קבצנים, דלפֿנים, אבֿיונים,
נאַט אײַך און טרינקט פֿאַר מײַן כּבֿוד אַ שטאַרקן לחיים!
וואָס וואָלט איר געטאָן, ווען איך וואָלט אײַך ניט וועלן אַנטלײַען?
איר וואָלט, ווי די כּלבֿים, צעפּגרט — איר אַלע אַזעלכע־אַזוינע.

ליגן אויף טישן — טליתים, כאַליאַוועס און גאָלדענע צלמים,
בערדיקע פּעלצן, סורדוטן און שטיקער פֿון טומאה...
האָט ר׳ כעזקל באַפֿוילן, דער רבי זאָל קומען —
איז דער רבי געקומען פֿרום, ווי אַן אָמן.

איז געקומען דער גבאי, דער חזן, דער שמש:
ר׳ כעזקל, גוט־וואָך אײַך, ר׳ כעזקל — יחזקאל!
האָט מען צעזעצט זיך בײַ טישן געוועקסטע
נאָך אַ מאָל פֿראַוועין דעם עונג של שבת.

האָבן זיי צעזעצט זיך אַלע בײַ די טישן
און האָבן זיך גענומען פֿאַר די פֿליישן און די פֿישן:
— אײַ, טשירי־בים־באָם,
— אײַ, טשירי־באָם!

האָבן זיי געטרונקען פֿון דער הייליקער פֿליאַשקע:
— לעבן זאָל, אײַ, לעבן זאָל, אײַ, לעבן זאָל די משקה!
— אײַ, טשירי־בים־באָם,
— אײַ, טשירי־באָם!

און זײַנען זיי אַלע בגילופֿינדיק געוואָרן,
האָבן זיי געשיקט נאָך די פֿריילעכע קלעזמאָרים.
זײַנען די קלעזמאָרימלעך
געקומען מיט אַ מאָל.
פֿידל־פֿלייט,
צימבל־באַס,
פֿידל־פֿלייט און פֿײַפֿיאָל.

האָבן זיי צעשטעלט זיך אַלע בײַ דער טיר.
זיי ווילן משמח זײַן דעם רבין און דעם גבֿיר.
— הפֿקר־הויל און הפֿקר־אָרעם,
מיר, די פֿריילעכע קלעזמאָרים,

וואָס־זשע זאָלן שפּילן אײַך?
אפֿשר שפּילן אײַך אַ פֿריילעכס?
אפֿשר שפּילן אײַך אַ וואַלעך?
אפֿשר שפּילן אַ „סטראַדאַניע״ [2],
וואָס זאָל ריידן ווי אַ טײַך?

---

[2] לײַדנדיקס, טרויעריקס.

— שפּיל, קאַפּעליע,
פֿונעם דיל און ביז דער סטעליע —
שפּיל, שפּיל,
ווײַל ר׳ כעזקל נחת וויל,
ווײַל דער רבי חדווה וויל.
— שפּיל,
— שפּיל!

האָבן די קלעזמאָרים זיך פֿאַרנומען מיט אַ מאָל —
זײַנען זיך די סמיטשיקעס פֿאַרגאַנגען אַזוי זיס,
דער באַס האָט אָנגעהויבן טרעטן אויף די פֿיס
און ס׳פֿלאַטערן שוין פֿייגעלעך אין דינעם פֿײַפֿיאַל.

— יאָשקע אויף דער פֿידל,
בערל — אויף דער פֿלייט.
מיר זײַנען אַלע ייִדן
פֿאַרברידערט און פֿאַרדרייט.
מיר בלײַבן שטענדיק ייִדן,
אַפֿילו נאָכן טויט
טאָר מען ניט צערײַסן
אונדזער גאָלד׳נע קייט.

2

האָט דער רבי פֿאַרצויגן אַ הייליקן ניגון:
אַ לויב צו די קינדער פֿון שם,
מיר נאָר, אוי, מיר נאָר אַליין
קענען די תּורה פֿאַרשטיין
און שווימען אין געטלעכן תּהום.

— איַי, טשירי־באָם,
איַי, טשירי־באָם!

**אַ חרפּה — צו קינדער פֿון חם,**
**אַ שאַנדע — צו קינדער פֿון חם,**
**זיי לעבן פֿאַרטעמפּט און פֿאַרגרעבט,**
**שטענדיק אין גשמיות געלעבט,**
**זיי אַלע, די קינדער פֿון סדום.**

**— איי, טשירי־באָם,**
**— איי, טשירי־באָם,**
**באָם,**
**באָם!**

קלינ־ג־לינ־ג־לח!
גלייבט—לויבט—אַ־אַ־לע!
גלעקער—קלינגען,
גלעקער—קלאָגן.
גלאָק,
גלאָק!
מאָרגן חגא —
מאָרגן חגא!
חג —
חג!
**אייער שבת, אייער שבת —**
שטויב! אַש־ש־ש —
שדים־מתים־מכשפֿות —
אַ שבת,
אַ שאַ־באַ־אַ־ש.

אַלע, אַלע, אַלע, אַלע,
גלייבט אין גאָט און גלייבט אין גלח!
גאָט!

און דער גלאָק, דער וואָגיק־העכסטער,
ברומט און וויגט זיך! ברומט און קרעכצט — —
באָך[4]!
באָג!
און דער מיטעלער, דער דינער,
פּעט פֿאַרכליאָבעט זיך אין שׂנאה!
זשיד—און זשיד—און כאַלאַמיד[4]־ד־ד
זשיד—און זשיד—און כאַלאַמיד־ד־ד.
און דער יונגינקער, דער דינסטער,
רייצט זיך פֿריילעך אין דער פֿינצטער:
דין,
דין,
דין,
סוויאַטאָהאָ דוכאַ[5]! און—אָמין[6]־ן־ן —

# פון מויל צו מויל

געזאַמלט
ש. באַסטאָמסקי

## מעשׂהלעך פון מאָטקע כאַבאַד

### אַ הונט בילט אויף מאָטקען

מאָטקע איז אַ מאָל געקומען צו אַ פּריץ אויף אַ הויף. איז אויף אים אָנגעפֿאַלן דעם פּריצס הונט.
האָט מאָטקע גענומען שרײַען.
גייט־אַרויס דער פּריץ און פֿרעגט אים:

[4] (רוסיש) גאָט, באָג. — [5] (בײַם צלמען זיך) הייליקן גײַסט. — [6] אָמן.

— וואָס שרײַסטו, מאָטקע? צי דען ווייסטו ניט, אַז הינט, וואָס בילן, בײַסן ניט?

— דאָס ווייס איך! — האָט מאָטקע אים געענטפֿערט — אָבער פֿון וואַנען ווייס איך, אַז דער הונט ווייס עס אויך?

## מאָטקע בענטשט

מאָטקע איז אַ מאָל אַרײַן צו אַ גבֿיר נאָך אַ נדבֿה. האָט אים דער גבֿיר גאָר ניט געגעבן. האָט אים מאָטקע גענומען בענטשן, ער זאָל לאַנג לעבן.

— וואָס מיינסטו דערמיט? — פֿרעגט אים דער גבֿיר.

— איך מיין עס ערנסט — ענטפֿערט מאָטקע — איר זאָלט נאָר האָבן יאָרן. צרות וועלן שוין אַליין קומען...

## אַ ליגן קורץ און שאַרף

איינער האָט אַ מאָל געבעטן מאָטקען, ער זאָל אים דערציילן אַ ליגן קורץ און שאַרף.

האָט מאָטקע דערציילט:

— שבֿועות צום סדר, ווען איך בין געזעסן אין סוכּה און גע־פֿלאָכטן די הושענות, זײַנען אַרײַן פּורים־שפּילערס און האָבן מיט די שופֿרות פֿאַרלאָשן די חנוכּה־ליכט.

## אַ גוט געלעגער

מאָטקע איז אַ מאָל געגאַנגען מיט איינעם שפּאַצירן הינטער דער שטאָט. פּלוצלינג שטעלט ער זיך אָפּ און רופֿט זיך אָפּ צו זײַן באַגלייטער:

— וואַרט נאָר אַ ווײַלע, איך וועל זיך דאָ אַ ביסל צולייגן, עס שלעפֿערט מיך.

— ביסט משוגע צי חסר־דעה? — האָט אים דער באַגלייטער אָנגעקוקט מאָדנע — ווי לייגט מען זיך דאָס אין מיטן גאַס?

— פֿאַרשטייט איר מיך — האָט אים מאָטקע געענטפֿערט —

איך האָב אויסגעטראַכט, אַז אויף דעם אָרט וואָלט געווען גוט צו בויען אַ הויז, און דאָ, ווו איך וויל זיך לייגן, דאַרף זײַן דער שלאָפֿצימער. און אין מײַן שלאָפֿצימער מעג איך זיך דאָך לייגן!

### פֿאַר וואָס וויינט ער

מאָטקע איז אַ מאָל נאָכגעגאַנגען נאָך אַ לוויה פֿון אַ רײַכן ייִדן און האָט שטאַרק געוויינט.

פֿרעגט אים איינער:

— זײַט איר דעם פֿאַרשטאָרבענעמס אַ קרובֿ?

— ניין! — ענטפֿערט מאָטקע.

— טאָ וואָס זשע וויינט איר אַזוי?

— אָט טאַקע דערפֿאַר, וואָס איך בין ניט קיין קרובֿ, וויין איך דאָס און קלאָג.

### וועלכער בערל?

מאָטקע האָט זיך אַ מאָל געוועט, אַז אויף זײַנער אַ פֿראַגע וועלן 10 מענטשן געבן דעם זעלביקן ענטפֿער.

און ער האָט דאָס געוועט געווונען.

יעדן איינעם, וואָס ער האָט באַגעגנט, האָט ער געפֿרעגט:

— איר ווייסט, אַז בערל איז געשטאָרבן?

האָבן אַלע געענטפֿערט:

— וועלכער בערל?

### נאָזטיכלעך האָט איר?

אַ קרעמער האָט אַ מאָל גערופֿן מאָטקען צו זיך אין קראָם אַרײַן:

— ר׳ ייִד, קומט־אַרײַן! איך האָב אַלע מינים סחורה!

האָט מאָטקע אַ קוק געטאָן אויפֿן ייִדן און אַ פֿרעג געטאָן:

— און נאָזטיכלעך האָט איר?

— עטלעכע טוץ.

— טאָ זײַט אַזוי גוט — האָט מאָטקע געזאָגט — נעמט־אַרויס אַ נאָזטיכל און ווישט זיך אָפּ די נאָז!

### ווו איז די באָד?

אַ דאָרפֿישער ייִד האָט אַ מאָל געפֿרעגט בײַ מאָטקען, ווו די באָד איז.

האָט אים מאָטקע צוגעפֿירט צו אַ גבֿירישן הויז, געהייסן זיך אויסטאָן אין פֿאָדער־צימער און אַרײַנגיין ווײַטער אַ נאַקעטער.

### לאַנג און ברייט

דער גבֿיר אָפּאַטאָוו האָט אַ מאָל געפֿרעגט בײַ מאָטקען:
— וואָס איז דער אונטערשייד פֿון מיר און מײַן טאַטן?
האָט אים מאָטקע געענטפֿערט:
— אײַער טאַטע האָט געלעבט לאַנג און איר לעבט ברייט.

געזאַמלט
נפתלי גראָס

## אפרים גריידינגער וויצלט זיך [1]

### געבליבן מיט אַ נאָז

אפֿרים גריידינגער האָט זיך פֿאַרדונגען פֿאַר אַ מלמד אין אַ דאָרף. אָפּגעווען איין זמן און נאָך אַ זמן, האָט ער אָפּגעשפּאָרט אַ שיינע פּאָר רייניש [2] פֿאַר ווײַב און קינדער, האָט ער זיך געגרייט אַהיימצופֿאָרן אויף פּסח.

---

[1] נפתלי גראָס — מעשהלעך און משלים, נ״י 1955. — [2] עסטרײַכישע מטבע, קליינגעלט.

פֿרויקע האָט זיך אָפּגעזעגנט, גענומען זײַן פּעקל אונטערן אָרעם און זיך געלאָזט אויפֿן וועג אַהיים.

אַז ער איז שוין געווען נאָענט פֿון שטעטל, שפּרינגט־אַרויס אַ גזלן, נעמט בײַ אים צו די פּאָר רייניש און לאָזט אים אָן אַ פּרוטה בײַ דער נשמה. טראַכט אפֿרים גריידינגער: „מילא, אַ דאַנק דעם אייבערשטן דערפֿאַר! וואָס וואָלט געווען, חלילה, ווען דער רויבער מאַכט אים פֿאַר אַ קאַליקע אָדער ווען ער דערהרגעט אים אין גאַנצן? נאָר ווי אַזוי ווײַזט מען זיך איצט פֿאַרן ווײַב אָן אַ גראָשן געלט? סע גייט צו פּסח און מע דאַרף ווײַב־און־קינדער באַנייען און באַשוכן. וואָס וועט זײַן יידענע זאָגן, אַז ער וועט אַהיימקומען מיט ליידיקע הענט?"

פֿאַלט אים אײַן אַ געדאַנק: ער נעמט־אַרויס זײַן רויטע פֿאַטשיילע און בינדט־אַרום זײַן נאָז.

געקומען אין שטוב אַרײַן און זײַן ווײַב דערזעט אים מיט אַן אַרומגעבונדענער נאָז, מאַכט זי אַ גוואַלד:

— אַ ווייטיק איז מיר? וואָס איז דאָס?

— פֿאַרשטייסט, מײַן ווײַב — גיט איר פֿרויקע צו פֿאַרשטיין — אַז איך בין געגאַנגען דורכן וואַלד, איז מיך באַפֿאַלן אַ גזלן, עפּעס אַ ווילדע בריאה, און ער האָט מיר געגעבן אַ ברירה, אָדער איך זאָל אים געבן דאָס געלט, אָדער איך זאָל אים לאָזן, ער זאָל מיר אָפּשנײַדן די נאָז. אַז איך האָב דערהערט אַזאַ זאַך, טראַכט איך מיר: סע גייט צו פּסח, מען דאַרף מצות און ווײַן און פֿלייש, און מען דאַרף אַ קליידל פֿאַרן ווײַב און אַ בגד פֿאַר די קינדער, טאָ ווי קאָן איך געבן דאָס געלט? איכ'ל אים שוין בעסער געבן די נאָז, זאָל ער האָבן די נאָז!

— אוי, דו למך איינער, דו, שלומיאל! — נעמט דאָס ווײַב ווידער שרײַען — בעסער געווען, אים געבן דאָס געלט, איידער בלײַבן אָן אַ נאָז!

— שאַ, שאַ, מײַן ווײַב! — נעמט פֿרויקע זי באַרויקן — אַזוי האָב איך טאַקע געטאָן.

און ער האָט אַראָפּגענומען די פּאַטשיילע און איר געוויזן, אַז ער איז געבליבן מיט אַ נאָז, נישט מיטן געלט.

## דער גבֿיר מאַכט אַ שׂמחה, נאָר ס׳גייט אים נישט איַין

דער גבֿיר פֿון שטאָט האָט איין מאָל אַוועקגענומען די האַנט פֿון האַרץ און באַשלאָסן צו מאַכן אַ שׂמחה פֿאַר גאַנץ שטאָט. גע־טראַכט: „דאָס גאַנצע לעבן זיַינס נעמט ער ביַים עולם דירה־געלט און פּראָצענטער, און גבֿירים האָבן געוויינלעך נישט קיין גוטן נאָ־מען ביַים עולם, וועט ער וויַיזן, אַז ער איז נישט אַזאַ ווי מע מיינט, און זאָל מען נישט ריידן״...

האָט ער גערופֿן זיַין באַגלייבטן מענטש, זיַין שעפּסעלע גבֿר, די רעכטע האַנט זיַינע, און געהייסן אים צוגרייטן אַ סעודה פֿאַר גרויס און קליין. שעפּסעלען איז עס געפֿעלן, נאָר ער האָט געזאָגט: דעם ליך פֿרויקען און זיַין ברודער שיַיקע פֿיַיפֿער דאַרף מען נישט פֿאַרבעטן צו דער סעודה. דער גבֿיר איז מסכּים. האָט מען אָנגע־גרייט מעדני־מלך, מלכותדיקע געריכטן, און מען האָט די גאַנצע שטאָט פֿאַרבעטן צו דער סעודה, נאָר פֿרויקען און שיַיקען האָט מען נישט געבעטן.

געקומען צום גבֿיר אין סאַליע, האָט זיך קליין און גרויס אויסגעזעצט אַרום די לאַנגע טישן, ביַי די טיַיערע געריכטן, און געוואָלט נעמען עסן, נאָר דער עולם גיט אַ קוק, אַז די גאָפּלען און לעפֿל זיַינען לענגער פֿון זייערע הענט. איצט נעם און עס מיט אַזעלכע לעפֿל און גאָפּלען!

דאָס איז געווען שעפּסעלעס אַרבעט. וואָרעם ער האָט דאָך געקענט דאָס האַרץ פֿון זיַין באַלעבאָס, דעם גבֿיר. ער האָט געוווּסט, אַז דער באַלעבאָס וועט די סעודה שפּעטער אויסקרענקען. האָט ער דאָס צוגעגרייט, אַז דער עולם זאָל זיך נישט קענען צורירן צו די טיַיערע פֿישן און פֿליישן און יאַיכלעך.

נאָר ווי דער עולם זיצט אַזוי, ערשט זיי זעען, אַז אפֿרים גריי־דינגער און שיַיקע פֿיַיפֿער זיַינען אויך דאָ. זיי האָבן געזען, אַז דער

עולם גייט צום גבֿיר, זײַנען זיי אויך געגאַנגען. איצט זיצן זיי אויבן־אָן, איינער אין איין זײַט טיש און דער אַנדערער, אַנטקעגן, אויף דער צווייטער זײַט טיש.

— וואָס זיצט איר, מײַנע ליבע פֿרײַנד, פֿאַר וואָס עסט איר נישט? — פֿרעגט פֿרויקע דעם עולם.

— ווי אַזוי קענען מיר עסן מיט אַזעלכע לאַנגע גאָפּלען און לעפֿל, אַ מעטער די לענג? — זאָגן די מענטשן.

וואָס טוט פֿרויקע? נעמט ער זײַן לעפֿל און שטופּט שײַקען אין מויל אַרײַן און שײַקע נעמט מיט זײַן לעפֿל און גאָפּל פֿלייש און יויך בײַ פֿרויקען אין טעלער און שטופּט פֿרויקען אין מויל אַרײַן.

צווישן עולם איז געוואָרן אַ פֿרייד, אַ גדולה. זיי האָבן נאָכגע־טאָן פֿרויקען און שײַקען, און זיי האָבן אויפֿגעגעסן אַלץ, וואָס איז געווען.

שעפּסעלע האָט זיך בײַם גבֿיר שוין לאַנג נישט געהאַלטן.

## אפֿרים גריידינגער און דער פּריץ

פֿרויקע איז אַ מאָל אַרויס מיט אַ קוישל אין דאָרף עפּעס אײַנ־קויפֿן. דערווײַל גייט ער דורך פֿאַרבײַ דעם גאָרטן פֿון שטעטלשן פּריץ און זעט דאָרטן אַזעלכע פֿרישע אוגערקעס, רעטעכער, צי־בעלעס און שאָר־ירקות. קוקט ער זיך אַרום און זעט, אַז ס'איז קיינער נישטאָ. גייט ער אַרײַן און נעמט רײַסן דאָס גרינצײַג און רײַסט.

ווי ער לאָזט זיך אַזוי ווילגיין, קומט־אָן דער פּריץ אַליין. ער האָט פֿרויקען גוט געקענט. קוקט ער, ווי פֿרויקע רײַסט דאָס גרינ־צײַג און רײַסט. פֿרעגט ער אים מיט חידוש: „פֿרויקע, וואָס טוסטו? ווי קומסטו אַהער אין גאָרטן?“.

דער פּריץ איז געווען אויסגעבונדן מיט אַלע ייִדן און האָט מיט אים גערעדט מאַמע־לשון.

פֿרויקע האָט זיך דערשראָקן און אָנגעהויבן שטאַמלען:

— פּריצל פריץ! איך בין געגאַנגען, ווי דו זעסט, מיט מײַן קויש אויפֿן וועג אין דאָרף אַרײַן, דערווײַל איז געוואָרן אַזאַ ווינט, אַז ער האָט מיך אַ כאַפּ געטאָן און אַרײַנגעוואָרפֿן אַהער אין גאָרטן אַרײַן...

ווערט שוין דער פּריץ אַ ביסעלע ווייכער — ער האָט דאָך געוווסט, אַז ער האָט צו טאָן מיט אַ לץ — און פֿרעגט אים ווײַטער:

— יאָ, אָבער פֿאַר וואָס האָסטו דאָס גרינצײַג געריסן?

— פּריצל טײַערער! — ענטפֿערט פֿרויקע — זײַ נישט ברוגז. איך האָב מיך געוואָלט ווערן קעגן ווינט, האָב איך מיך אָנגעכאַפּט און צוגעהאַלטן אין דעם גרינס, האָב איך אַ ביסל גרינס אַרויסגע־ריסן.

שמייכלט שוין דער פּריץ פֿון פֿרויקעס אײַנפֿאַל און פֿרעגט:

— יאָ, דאָס לייגט זיך נאָך אויפֿן שׂכל. אָבער ווי אַזוי קומט דאָס גרינס צו דיר אין קויש אַרײַן?

— דאָס, פּריצל — זאָגט פֿרויקע — האָב איך אַליין אויך גע־טראַכט, נאָר דערווײַל ביסטו אָנגעקומען און האָסט מיר איבער־געריסן מײַנע געדאַנקען, נאָך איידער כ׳בין דערגאַנגען, ווי אַזוי דאָס האָט געטראָפֿן...

## דער כל־בוניק

אפֿרים גריידינגער איז אַ מאָל געקומען קיין לעמבערג, גייט ער פֿאַרבײַ אַ שול, שטעלט אים אָפּ אַ ייִד און בעט אים, ער זאָל אַרײַנגיין, ווײַל עס פֿעלט אַ ייִד צום מנין. פֿרויקע האָט זיך נישט געלאָזט בעטן און איז אַרײַנגעגאַנגען. די ייִדן האָבן אים גלײַך דערקענט, האָבן זיי אים געגעבן טלית־און־תּפֿילין און מ׳האָט זיך געשטעלט דאַוונען.

אַז ס׳איז געקומען צום לייענען — ס׳איז געווען אַ דאָנערשטיק, האָט מען אים געוואָלט אויפֿרופֿן צו דער תּורה, גייט צו אים צו אַ ייִד און פֿרעגט אים, וואָס ער איז: אַ כּהן? אַ לוי? זאָגט פֿרויקע:

— איך בין אַלץ. איך בין אַ כהן, אַ לוי און אַ ישׂראל, איך בין אַ בן און אַ בת, איך בין אַן עושר און איך בין אַן עני ואבֿיון.

ווייסן דאָך די ייִדן, אַז אפֿרים גריידינגער מיינט עפּעס אַ לצנות. שמייכלט מען און מ׳ע זאָגט:

— ר׳ אפֿרים, וואָס זענט איר פֿאַרט? ממה־נפֿשך, איינס פֿון די זאַכן: זענט איר אַ כהן, זענט איר נישט קיין לוי; זענט איר אַ לוי, זענט איר נישט קיין ישׂראל; זענט איר אַ בן, זענט איר נישט קיין בת; זענט איר אַן עושר, זענט איר נישט קיין עני ואבֿיון.

— איך וועל אײַך דערציילן! — זאָגט אפֿרים — וועט איר באַלד זען, אַז איך בין אַלץ, וואָס איך זאָג. מײַן טאַטע איז אַ כהן, בין איך דאָך אויך אַ כהן; ס׳טרעפֿט אָפֿט, אַז איך מוז לײַען אַ פּאָר ריייניש, דעמאָלט בין איך אַ לוה, (לוויווע), און אַזוי ווי כ׳בין אַ ייִד, בין איך במילא אַ ישׂראל. בײַ מײַנע טאַטע־מאַמע בין איך אַ זון, הייסט עס, אַז כ׳בין אַ בן; כ׳דאַוון אַ מאָל בײַם עמוד, צו־לאָז איך מיך אויף מײַן באַס־קול — דעמאָלט בין איך אַ באַס. רופֿן רופֿט מען מיך ר׳ אפֿרים אָשר, ס׳הייסט, אַז מײַן טאַטע איז אַן עושר. נאָר אין דער אמתן בין איך אַן אָרעמאַן אין זיבן פּאָלעס, במילא בין איך אַן עני ואבֿיון. נו, זאָגט איצט איר אַליין: בין איך נישט אַלץ, וואָס איך האָב אײַך געזאָגט?

## מעשׂיות פֿון כעלעם

### אַ כעלעמער צוטשעפּעניש

אַ כעלעמער ייִד איז אַמאָל געקומען קיין קראָקע. גייט ער זיך אַזוי איבער די גאַסן און קען זיך נישט גענוג אָפּוווּנדערן פֿון די שיינע מויערן און געשעפֿטן. הײַנט די בתּי־מדרשים און קלויזן! פֿון אומעטום טראָגט זיך דאָס געזאַנג פֿון תּורה. קוקט ער און קוועלט־אָן: אָט דאָס איז, קיין עין־הרע נישט, אַ שטאָט מיט ייִדן, תּלמידי־חכמים, כּן ירבו!

דערוויַיל, ווי ער גייט אַזוי, זעט ער אין גאַס אַ ייִד, וואָס זעט אים אויס שטאַרק קענטלעך. יאָ, ער דערמאָנט זיך: אָט דאָס איז ער דאָך טאַקע דער אַמאָליקער שכן זיַינער, דער כעלעמער חזן! נאָר ער גייט עפּעס אין גאַנצן אַנדערש אָנגעטאָן, אין קורצע קליי־דער, גאָר נישט ווי אין כעלעם. איַי, וואָס די גרויסע שטאָט מאַכט פֿון אַ היימישן ייִד!

גייט ער צו אים צו און באַגריסט אים:

— שלום עליכם, חזן! איך האָב איַיך כמעט נישט דערקענט. איַיערע קליידער — עפּעס אַזוי געקירצט. היתּכן? ווי קומט דאָס צו איַיך? אַזוי ביַיטן זיך?

קוקט אים דער ייִד אָן און פֿאַרשטייט נישט, וואָס יענער וויל פֿון אים:

— וואָס פֿאַר אַ קליידער? ווער קליידער? איך בין נישט קיין חזן און איך האָב גאָרנישט ניט געביטן.

— וואָס הייסט? — זאָגט דער כעלעמער — איך זע דאָך, אַז איר האָט זיך אין גאַנצן געביטן. איר גייט שוין אָנגעטאָן דיַיטש אַ ביסל.

קוקט אים דער קראָקעווער אָן און וויל זיך אָפּטשעפּען פֿון דער אָנשיקעניש. נאָר דער כעלעמער לאָזט נישט:

— הערט, ר׳ יאַנקל, וואָס מאַכט איר איַיך עפּעס, ווי איר וואָלט נישט געוווּסט, וואָס איך מיין?

— איך הייס נישט ר׳ יאַנקל! — זאָגט דער קראָקעווער — און איך ווייס נישט וואָס איר רעדט.

— אָ, איר האָט שוין דעם נאָמען אויך געביטן?! — זאָגט דער כעלעמער — אַזאַ זענט איר! איצט פֿאַרשטיי איך!

## ווי אַזוי די כעלעמער ווילן כאַפּן די שיסל גאָלד אין טיַיך

אין אַ שיינער נאַכט איז ביַים כעלעמער גבֿיר געווען אַ גרויסע סעודה. גאַנץ כעלעם איז דאָרט געווען. דער עולם האָט זיך משׂמח געווען און האָט געגעסן און געטרונקען. ווען דער עולם איז שוין

געווען גוט פֿאַרשניאָשקעט [1], האָט זיך מיט אַ מאָל געעפֿנט די טיר און דער שטאָט־משוגענער איז אַרײַנגעפֿאַלן מיט דער נײַס, אַז ער האָט געזען אַ שיסל מיט לעבעדיק גאָלד אין דעם טײַך נעבן דער שטאָט.

דער גבֿיר, וואָס האָט פֿאַרשטאַנען דעם אמתן ווערט פֿון גאָלד, אַז ער האָט דאָס דערהערט, האָט גלײַך געכאַפּט אַ זאַק פֿאַר אַ נעץ און האָט געהייסן דעם שטאָט־משוגענעם, אַז ער זאָל אים פֿירן צום טײַך. צוזאַמען מיט זיי איז געגאַנגען גאַנץ כעלעם.

אַז זיי זײַנען צוגעקומען צו דעם טײַך, ווײַזט דער שטאָט־משוגענער אָן אויפֿן וואַסער, וווּ עס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט די פֿולע לבֿנה, און זאָגט:

— זעט, זעט! האָב איך אײַך אָפּגענאַרט? איז דאָס נישט אַ שיסל פֿול מיט גאָלד?

— אַוודאי, אַוודאי! — האָבן אַלע געשריִען.

דער גבֿיר האָט געהייסן דעם עולם, אַז מ׳זאָל זיך גלײַך נעמען צו דער אַרבעט: מ׳זאָל פֿאַרוואַרפֿן די נעצן אין טײַך און כאַפּן די שיסל מיט גאָלד.

זיי האָבן אַזוי געטאָן. איטלעך מאָל, וואָס זיי האָבן געמיינט, אַז זיי האָבן שוין געכאַפּט די גילדענע שיסל, האָבן זיי אַרויסגע־שלעפּט די נעצן פֿון וואַסער. נאָר אַנשטאָט די שיסל גאָלד זײַנען דאָרט געווען בלויז פֿיש.

יענע נאַכט האָבן די כעלעמער געכאַפּט אַזוי פֿיל פֿיש, אַז דער גבֿיר האָט נאָך דעם אַ גאַנצע וואָך געלייזט געלט פֿאַר פֿיש.

עד־היום ליגן די כעלעמער בײַם טײַך בײַ נאַכט און ווילן כאַפּן די שיסל מיט גאָלד. נאָר זיי כאַפּן בלויז פֿיש פֿאַר דעם גבֿיר, וואָס פֿאַרקויפֿט זיי פֿאַר גוט געלט און ווערט רײַכער פֿון טאָג צו טאָג.

---

[1] אָנגעטרונקען.

איציק מאַנגער

# דער כעלעמער

דער כעלעמער רבֿ איז געזעסן איבער אַ ספֿר, געקנייטשט דעם היוכן שטערן, געגלעט די שנייוויַיסע באָרד און אַלע מאָל אַ זיפֿץ געטאָן. יעדער זיפֿץ פֿונעם כעלעמער רבֿ האָט שיִער־שיִער נישט אויסגעלאָשן דאָס חלבֿנע ליכטל, וואָס האָט געברענט אויפֿן טיש.

און זיפֿצן איז געווען אויף וואָס. אַ קלייניקייט: טראָגן דעם עול פֿון אַ גאַנצער שטאָט מיט קינדער! תּמימותדיקע קינדער מיט בערד־און־פּיאות, וואָס קאָנען קיין קאַץ דעם עק נישט פֿאַרבינדן... וואָס־וואָס — קומט מען צו אים, דעם כעלעמער רבֿ, אַז ער זאָל אויפֿפּלאָנטערן דעם פּלאָנטער, אין וועלכן אַ כעלעמער תּושבֿ האָט זיך פֿאַרפּלאָנטערט.

— ס׳איז אַ מזל פֿון כעלעם — טראַכט דער קלוגער רבֿ — וואָס זי האָט מיך פֿאַר אַ רבֿ. אַ שיין פּנים וואָלט געהאַט די שטאָט, ווען איך וואָלט נישט געווען. כעלעם וואָלט אויסגעזען ווי די יווָנישע שטאָט אַבדעראַ פֿון פֿאַרצייַטנס אָדער ווי, להבֿדיל, די דייַטשישע שטאָט שילדאָ. שטעט פֿון סאַמע נאַראָנים, אָן תּורה און אָן חכמה.

און דער כעלעמער רבֿ פֿילט, אַז ער איז אויף זייַן אָרט. מיט אַהבֿה טראָגט ער דעם עול פֿון אָט דער עדה ייִדן, וואָס פֿרעמדע לצים רופֿן זיי אָן כעלעמער נאַראָנים, און אין דער אמתן זייַנען דאָס בלויז תּמימותדיקע מענטשן, וואָס גלייבן יעדן איינעם אויפֿן וואָרט און וואָס יעדער איינער, ווער עס האָט נאָר גאָט אין האַרצן, פֿירט זיי אין באָד אַרייַן...

זאָל מען נעמען, אַ שטייגער, די מעשׂה פֿון פֿאַראַיאָרן ווינטער — טראַכט דער כעלעמער רבֿ בייַ זיך אַליין. דער ערשטער שניי איז געפֿאַלן, אַ ווייַסער, ציכטיקער שניי. די כעלעמער האָבן זיך מיט אים דערפֿרייט, ווי אמתע קינדער. זיי זייַנען געשטאַנען בייַ

די פֿענצטער פֿון זייערע שטיבער און זיך נישט געקאָנט אָפּחידושן פֿון דער דאָזיקער בלענדנדיקער ווײַסקייט. און קוקנדיק אַזוי אויפֿן שניי, האָבן זיי זיך פֿאַרטראַכט, די כעלעמער, אַז ס'וועט זײַן אַ גרויסער שאָד צו צעטרעטן דעם דאָזיקן שניי. די געפֿאַר האָבן זיי דערפֿילט אין שמשׂ, וואָס וועט מוזן בײַ נאַכט גיין וועקן צו חצות. ער וועט דאָס אַ תּל מאַכן פֿון דעם ציכטיק־ווײַסן שניי און, ווי תּמיד, אין אַן עת־צרה, זײַנען זיי געקומען צו אים, צום כעלעמער רבֿ, ער זאָל זיי געבן אַן עצה, אַז דער שמשׂ זאָל, וועקנדיק צו חצות, נישט מאַכן קיין תּל פֿונעם שניי...

ער, דער רבֿ, ביז ער האָט געטראַכט און געטראַכט (ווער דען, אַז נישט ער?), ביז ער איז געפֿאַלן אויף אַ פֿאָרטל:

— עטלעכע כעלעמער זאָלן אין דער צײַט פֿון חצות אַרויפֿזעצן דעם שמשׂ אויף אַ טיש און אים אַזוי טראָגן פֿון שטוב צו שטוב — וועט ער שוין במילא פֿאַרשפּאָרן צו טרעטן אויפֿן שניי...

נאָר די מעשׂה מיטן שניי איז נאָך אַ גאָרנישט מיט אַ נישט אַנטקעגן די אַנדערע אויפֿטוען פֿונעם כעלעמער רבֿ. איבער דער גאַנצער וועלט, צווישן אַלע ייִדן, דערציילט מען פֿון זײַן חכמה. אמת, אַז לצים מאַכן דאָס גרעסטע געשעפֿט, אָבער — וואָס אַרט עס אים? אַן אויסגעלאַכטע חכמה בלײַבט אַלץ אַ חכמה; און אַ חכם, וואָס מען טוט אים אָן אַ מיצל, בלײַבט אַלץ אַ חכם...

דאָס, וואָס די „וואַרשעווער" לצים שפּעטן פֿון אים און פֿון זײַן כעלעמער קהילה, אַרט אים ווי דער פֿאַראַיאָריקער שניי. דע־רויף זײַנען זיי דאָך לצים. אָבער דאָס, וואָס דער כעלעמער מגיד ר' הערשל האָט פֿאַראַכטאָגן שבת געדרשנט אין דער כעלעמער גרויסער שול, האָט אים יאָ פֿאַרדראָסן.

ר' הערשל, דער כעלעמער מגיד, האָט אין זײַן דרשה פֿאַר־גליכן די חכמה פֿונעם כעלעמער רבֿ צו דער חכמה פֿון שלמה המלך, און בשעת מעשׂה דערציילט, ווי ער, דער כעלעמער רבֿ, האָט געפּסקנט וועגן ענין פֿון דער נײַער שול, וואָס די כעלעמער באַלמעלאָכעס האָבן אויפֿגעבויט.

די קשיא איז געווען אַ האַרבע: אויסמאָלן די שול — וועט דאָך די שול אויסזען, ווי להבדיל, אַ קלויסטער; נישט אויסמאָלן די שול — וואָס־זשע וועט זײַן דער חילוק צווישן אַ פּשוטער שטוב און אַ מקום קדוש? ער, דער כעלעמער רבֿ, האָט אָבער, נאָך דרײַ טעג און דרײַ נעכט טראַכטן, געפֿונען אַ פּשרה: קודם אויס־מאָלן די שול און דערנאָך פֿאַרשמירן מיט קאַלעך...

די גאַנצע שטאָט האָט געקאָכט מיט דער גאונישער פּשרה, אָבער צו דער חכמה פֿון שלמה המלך קומט עס נישט. נישט מחמת דער כעלעמער רבֿ איז אַזאַ עניו, נאָר — איר פֿאַרשטייט: „ס׳טײַטש, שלמה המלך?״

דער כעלעמער רבֿ האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון דער שטול און גענומען שפּרײַזן איבערן צימער. זײַן שאָטן האָט געמאַכט מאָדנע קאָזשעלקעס איבער די ווענט.

ער איז שטיין געבליבן, זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זײַטן. מאָדנע. עס איז נאָך אַ מאָל נאַכט. די וויפֿלטע נאַכט זינט ששת ימי בראשית? גיי, זײַ אַ בעלן און צייל! אויפֿן טיש טאַנצט דאָס חלבֿנע ליכטל; אין פֿענצטער טאַנצט שעמערירנדיק אַ שטערן.

דער גוף פֿונעם כעלעמער רבֿ טוט אַ ציטער:

— אוי־וואַ! אוי־וואַ! — טראַכט ער — די חכמה האָט טאַקע נישט קיין גרענעץ. גאַנץ כעלעם ווייסט, אַז איך בין נישט קיין נאַר. זיי האַלטן מיך אַפֿילו פֿאַר אַ חכם. נו, און שלמה המלך איז דאָך אַוודאי געווען אַ חכם. נאָר ווי קומט אונדזער ביידנס חכמה צו דער חכמה פֿונעם בורא־עולם?...

אָט ציטערט אַ שטערן אין פֿענצטער. גיי, פֿאַרשטיי, צי פֿאַר שׂמחה, צי פֿאַר פּחד. און אפֿשר גאָר אויף צו־להכעיס אים, דעם כעלעמער רבֿ?...

דער כעלעמער רבֿ שפּײַט־אויס דרײַ מאָל: טפֿו־טפֿו־טפֿו! עס שמעקט שוין מיט חקירה, רחמנא ליצלן. דער שׂטן, ימח שמו, ווייסט, משמעות, אַז כעלעם איז אויך אַ שטאָט, און דער „כעלע־מער״ איז אויך אַ צדיק — און עס לוינט זיך דעם דאָזיקן צדיק

אַראָפּצופּירן פֿון וועג. ווער ווייסט, וויפֿל נעצן ער האָט שוין אויסגעשפּרייט אַרום אים!...

דער רבֿ נעמט שפּאַנען אַ ביסל האַסטיקער איבער דער שטוב. פֿאַרטומלען די מחשבֿה זרה: ווּעמען־ווּעמען דער שׂטן, ימח שמו, וועט נישט כאַפּן אין זײַן נעץ, אָבער אים, דעם כעלעמער רבֿ — אַ „זאַסיע״!

— ווּ, אַ שטייגער, קאָנען זיי זײַן? — טוט מיט אַ מאָל דער כעלעמער אַ זאָג אויפֿן קול — שוין זינט פֿיר וואָכן האָבן זיי זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן, און נישט מען הערט און נישט מען זעט. אַ קלייניקייט, אַ קלייניקייט — ברומט ער — איך האָב אַרויסגע־שיקט צוויי מענטשן אין אַזאַ וויכטיקער שליחות. זיי האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן און פֿאַרגעסן דעם זײַ־געזונט. פֿאַרפֿאַלן ווי אין וואַסער אַרײַן.

די שליחים, וואָס האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן, זײַנען נישט קיין סתּם יונגלעך, נאָר חשובֿע באַלעבאַטים פֿון כעלעם: זימל דער רויטער, דער טינטן־מאַכער, און יאָסל דער שוואַרצער, דער מילכיקד.

דאָס שליחות איז אויך נישט קיין געוויינלעכס. דער כעלעמער רבֿ האָט זיך אין אַ שיינעם טאָג פֿאַרטראַכט, אַז די וועלט מוז האָבן יושר, אַז אָן יושר קאָן די וועלט קיין קיום נישט האָבן. און אַזוי ווי כעלעם איז אויך אַ שטאָט אויף דער וועלט, באַדאַרף כעלעם אויך האָבן אַ ביסל יושר. קוים האָט דער רבֿ זיך דערשלאָגן צו דעם געדאַנק, האָט ער פֿאַררופֿן אַן אַסיפֿה, און אויף דער אַסיפֿה טאַקע האָט מען באַשלאָסן אַרויסצושיקן צוויי מענטשן אין דער וועלט אַרײַן, זיי זאָלן אײַנהאַנדלען אַ ביסל יושר פֿאַר ק״ק כעלעם.

אַרומשפּרײַזנדיק איבער דער שטוב, האָט דער כעלעמער רבֿ דערהערט, ווי דער נאַכטוועכטער שאַלט אין זײַן האָרן. ס'איז נישט קיין געוויינלעך וואָכעדיק שאַלן, נאָר אַ פּחד־אָנזאָג, אָדער אַ בשׂורה־טובֿה.

און טאַקע תּיקף האָט זיך אַן עפֿן געטאָן די טיר, און זימל דער רויטער איז אַרײַנגעפֿאַלן אָן אַן אָטעם. דאָס פּנים זײַנס האָט געשטראַלט. קוים־קוים וואָס ער האָט אַרויסגעשטאַמלט:

— רבי, מיר האָבן געבראַכט אַ גאַנץ פֿעסל יושר!

און זימל דער רויטער האָט דערציילט, ווי אַזוי ער מיטן צווייטן שליח, יאָסל דעם שוואַרצן, האָבן געוואַנדערט און גענישטערט ווו די וועלט האָט אַן עק, ביז זיי האָבן אין וואַרשעווער געגנט געפֿונען אַ שענקער אין אַ דאָרף. ער האָט דאָס געהאַט, דאָס פֿעסל מיט יושר, נאָר כאָטש האַק אים און בראָק אים האָט ער עס נישט געוואָלט פֿאַרקויפֿן! קוים־קוים אים איבערגערעדט און באַצאָלט אַ גאַנצן טײַסטער מיט געלט. זיי האָבן גענומען דאָס פֿעסל, אָבער דער שענקער האָט זיי געוואָרנט נישט צו עפֿענען דאָס פֿעסל אויפֿן וועג, ווײַל דער יושר קאָן, חלילה, אַנטרונען ווערן.

— ווו, ווו איז דאָס פֿעסל? — האָט קוים אַרויסגעאָטעמט דער רבֿ.

— דאָס פֿעסל שטייט אין מיטן מאַרק.

יאָסל דער שוואַרצער שטייט און היט עס.

— איר פֿאַרשטייט, רבי, עס קאָן, חלילה וחס, אַ גנבֿ...

— איך פֿאַרשטיי, איך פֿאַרשטיי! — האָט געענטפֿערט דער רבֿ מיט שׂמחה — איצט, זימל, גיי און רופֿ־צונויף דעם דיין, דעם שוחט, דעם ראש־הקהל און אַלע אַנדערע באַלעבאַטים, און מיר׳ן גיין מקבל זײַן דאָס פֿעסל מיט יושר.

זימל דער רויטער איז אַוועק. דער כעלעמער רבֿ האָט אָנגעטאָן די שבתדיקע קאַפּאָטע און ס׳שטרײַמל און מיט שׂמחה זיך געלאָזט אין מאַרק אַרײַן, ווו ס׳איז געשטאַנען דאָס פֿעסל מיט יושר.

דער מאַרק איז געווען שוואַרץ פֿון מענטשן. גאַנץ כעלעם איז געווען אויף די פֿיס: ייִדן, ווײַבער, קינדער. אַפֿילו דער שבת־גוי, סטאַשעק, איז אויך געשטאַנען אין רעדל. אַ גרויסע זומערדיקע לבֿנה איז געווען אַ שטומער עדות פֿון דער דאָזיקער וווּנדערלעכער צערעמאָניע.

אַלע האָבן געמאַכט אַ וואַרע פּאַרן רבֿ. דער גרײַז־גרויער זקן איז פֿאַמעלעך צוגעגאַנגען צום פֿעסל. אַלע האָבן אײַנגעהאַלטן דעם אָטעם. דער רבֿ האָט זיך אײַנגעבויגן. איידער ער וועט עפֿענען דאָס פֿעסל און אַרויסלאָזן דעם יושר, ער זאָל זיך פֿאַרשפּרייטן איבער כעלעם, וויל ער, דער רבֿ, אויף טשעקאַוועס, קודם אַ שמעק טאָן. ער וויל, הייסט עס, וויסן ווי אַזוי דער יושר שמעקט.

— ייִדן, פֿע!

— וואָס „פֿע"?

— דער יושר שטינקט!

אַלע כעלעמער האָבן זיך געכאַפּט פֿאַר די נעז. טאַקע, טאַקע, זיי האָבן בפֿירוש געפֿילט, אַז ס'איז נישט עפּעס איי־איי־איי.

דער ערשטער איז געקומען צו זיך דער כעלעמער רבֿ. ער האָט זיך געווענדט צו די נאָענטסטע צוויי כעלעמער, וואָס זײַנען געשטאַנען נעבן אים, און זיי באַפֿוילן:

— נעמט תּיכף דאָס פֿעסל מיט יושר, טראָגט עס אַרויס אין פֿעלד, גראָבט־אויס אַ גרוב און באַגראָבט עס, אַז קיינער זאָל נישט וויסן, וווּ דער דאָזיקער יושר איז אַהינגעקומען.

די צוויי כעלעמער האָבן געכאַפּט דאָס פֿעסל און איידער וואָס־ווען — זײַנען זיי פֿאַרשוווּנדן געוואָרן.

דער כעלעמער רבֿ האָט אויפֿגעהויבן זײַן קול אַזוי, אַז אַלע כעלעמער ייִדן זאָלן הערן:

— ייִדן, גייט אַהיים! וואַשט די הענט! זאָגט „אשר יצר", און געדענקט, אַז יושר — פֿע!

דער עולם איז זיך צעגאַנגען. יעדער איינער האָט פֿאַר זיך געחזרט דעם פּסוק: „יושר — פֿע!"

ביזן הײַנטיקן טאָג, אַז איר וועט פֿאַר אַ כעלעמער דערמאָנען דאָס וואָרט „יושר", וועט ער אויסשפּײַען, אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט און אַ זאָג טאָן אײַך גלײַך אין פּנים אַרײַן: „פֿע"!

דער רבֿ איז איבערגעבליבן אין מאַרק איינער אַליין. אין ליכט פֿון דער פֿולער לבֿנה איז ער געשטאַנען טרויעריק און בלאַס,

געשעפּטשעט עפּעס מיט די פֿאַרוויאַנעטע ליפּן. וואָס ער האָט געשעפּטשעט, ווייסט אפֿשר בלויז דער ווינט, און אפֿשר — ער אויך נישט. וואָרעם ווען האָט עס אַ ווינט צײַט און געדולד אויסצוהערן, וואָס אַן אַנטוישטער זקן שעפּטשעט שפּעט בײַ נאַכט אין מיטן מאַרק אײנינקער אַלײן?

אַ שטיקל צײַט איז ער אַזוי געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אויף זײַן גרויען שטעקן. דערנאָך האָט ער פּאַמעלעך גענומען אַהײמגײן. פֿון אַלע שטיבער האָט זיך געטראָגן דאָס גערויש פֿון גיסן וואַסער און דאָס געמורמל פֿון „אַשר יצר". פּאַמעלעך, פּאַמעלעך האָט זיך דער אַלטער רבֿ פֿאַרבײַגעשאַרט די קלײנע, מיט שינדל און שטרוי באַדעקטע הײַזלעך פֿון דער שטאָט כעלעם. אָט דאָס איז אים געבליבן פֿון זײַן חלום וועגן מענטשלעכן יושר. אָט דאָס, און ווײַטער — גאָר נישט. ווי אַ שאָטן האָט ער זיך אַרײַנגעשלײַכט אין זײַן דירה, געוואַשן די הענט און געמורמלט די ברכה.

ער האָט אָנגעצונדן אַ וואַקסן ליכטל, אַרויסגענומען אַ ספֿר פֿונעם אַלמער און גענומען אַרײַנקוקן. געפּרוווט פֿאַרגעסן אויף אַ רגע דאָס נאָגנדיקע געפֿיל, וואָס קומט נאָך אַ גרויסער און שווערער אַנטוישונג:

— אַ גאַנץ לעבן געחלומט פֿון יושר, און גיי ווייס, אַז יושר האָט דאָס אַזאַ מין ריח. גיי ווייס!

דער אַלטער רבֿ האָט זיך גענומען שאָקלען איבערן ספֿר. מיט אַ מידן ריטעם פֿון אַן אָבֿל זיך באַוועגט אַהער, אַהין, אַהער, אַהין.

אויף דער וואַנט האָט זיך באַוועגט זײַן שאָטן — אַ מין שוואַרצער רבֿ — מיט דעם אײגענעם מידן ריטעם פֿון אַן אָבֿל, אַהער—אַהין, אַהער—אַהין.

אָבער די אַנטפּלעקונג פֿונעם כעלעמער רבֿ, נעמלעך, אַז „יושר שטינקט", האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אין כעלעם. אין אַלע שטובן האָט מען דערפֿון געשמועסט און זיך געחידושט.

דער כעלעמער חקרן, נתן מיט די ברילן, וואָס כעלעם האָט אים גערופֿן „נתן דער חכם", האָט אַפֿילו געוואָלט אָנשרײַבן די

מעשה, מפורסם מאַכן די טיפע טענדענץ, צו וועלכער דער כע־לעמער רבֿ האָט זיך דערקײַקלט. נאָר דער כעלעמער רבֿ האָט עס אים פאַרוועגט מיטן האַרבן וואָרט.

און כאָטש אַזוי, איז די מעשה מפורסם געוואָרן, פונקט ווי אַלע אַנדערע מעשיות וועגן כעלעם. אין יעדער יידישער שטוב פון דער גאָרער וועלט האָט מען דערציילט די חידושים פון כעלעם און פון דעם קליגסטן פון אַלע כעלעמער — דעם גרייַז־גרויען כעלעמער רבֿ.

יידן פון דער גאָרער וועלט האָבן זיך דערציילט איינער דעם צווייטן די מעשיות און געלאַכט פונעם גאַנצן האַרצן. די לעגענדע איז געוואַקסן, די עפּאָפּייע, ווו דער שטות קושט דעם שׂכל הישר אין סאַמע שטערן אַרײַן.

און מען מוז מודה זײַן, אַז יעדער איינער פון די כעלעמער האָט אויסגעפירט זײַן פונקציע בשלימות. קיינער פון זיי איז נישט געבליבן הינטערשטעליק. דער ראש־הקהל און דער בעדער, דער גבֿיר און דער שנאָרער. אָט די אַלע וווּנדערלעכע קינדער פונעם שטות, אָט די אַלע אויסטערלישע באַשעפענישן, וואָס די יידישע פאָלקס־פאַנטאַזיע האָט באַשווירן און מײַסטערהאַפט פאַרפיקסירט אין דער כעלעמער לעגענדע.

אָבער די שענסטע געשטאַלט צווישן די כעלעמער בלײַבט אַלץ דער כעלעמער רבֿ. זכר צדיק לבֿרכה. דער שיינער זקן מיטן הויכן שטערן און דער שנייוויַיסער באָרד, דער געטרײַער שומר, באַשיצער און באַראָטער פון זײַן קעסטלעכער עדה.

למען האמת מוז מען צוגעבן, אַז די אַנטוישונג אין מענטשלעכן יושר האָט דעם כעלעמער רבֿ נישט צעבראָכן. זי האָט אים נאָר טיף טרויעריק געמאַכט פאַר אַ צײַט. אָבער דער אײַזערנער גלויבן זײַנער אין דעם יושר פון דעם, וואָס האָט באַשאַפן אַלע וועלטן, האָט סוף־כּל־סוף אויסגעלײַטערט זײַן געמיט.

איין מאָל, אין אַ רעגנדיקער האַרבסטנאַכט, ווען ער איז גע־זעסן געבויגן איבער אַ ספֿר, האָט ער דערפילט אַ מין מאָדנע

גרינגקייט אין זיך. דאָס פּלעמל פֿונעם וואַקסענעם ליכטל האָט געציטערט און זע, דער שאָטן אויף דער וואַנט — דער שוואַרצער רבֿ — האָט זיך באַוועגט אַנדערש ווי אַלע מאָל.

— אַ טאַנץ! לאָמיר טאַנצן אַ טאַנץ צו זײַן ליבן נאָמען! — האָט דער אַלטער רבֿ געזאָגט צום שוואַרצן.

דער ווײַסער רבֿ האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿונעם שטול, פֿאַרהויבן די פּאָלעס פֿון זײַן קאַפּטן און גענומען שטעלן טריט, זיך דרייען אַרום זיך אַליין.

דער שוואַרצער רבֿ אויף דער וואַנט, זײַן שאָטנבילד, האָט געטאָן דאָס אייגענע, פֿאַרהויבן די פּאָלעס און געדרייט זיך אַרום זיך אַליין.

קודם פּאַמעלעך, פּאַמעלעך, דערנאָך געשווינדער, געשווינדער. די שנייווײַסע באָרד צעפֿלאַטערט, די קוילשוואַרצע באָרד צעפֿלאַ־טערט. ווײַס־שוואַרץ, ווײַס־שוואַרץ. איין רבֿ — צוויי געשטאַלטן — צוויי געשטאַלטן — איין פֿרייד, איין לויב צו זײַן ליבן נאָמען, וואָס האָט באַשאַפֿן הימל און ערד.

דער ווײַסער רבֿ האָט דערפֿילט אַ מידקייט — אָבער ער האָט נישט נאָכגעגעבן דער מידקייט. דער שוואַרצער רבֿ אויף דער וואַנט האָט דערפֿילט אַ מידקייט, און זיך נישט אונטערגעגעבן.

דאָס ליכטל אויפֿן טישל האָט גענומען צאַנקען, צאַנקען און דער כּעלעמער רבֿ איז אַוועקגעפֿאַלן אויפֿן דיל.

אין דער קליינער רגע איז אויך דער שוואַרצער רבֿ — זײַן שאָטנבילד — אַוועקגעפֿאַלן.

און ס'איז געוואָרן שאַ־שטיל.

י. זאַנשיין

## מיט אַן אונצעלע ליגן בענטש מײַן מויל

גאָטעניו,
מיט אַן אונצעלע ליגן
בענטש מײַן מויל,
אַ פֿאַלש פֿונקעלע גלויבן
לאָז פֿינקלען
אין מײַן לעסטערנדיק אויג,
אַ געטשעלע גיב מיר,
זיסער גאָטעניו,
כאָטש אַ שטויב
די גרויס.

ווער נאָך ווי דו
ווייסט,
ווי שווער איז
צווישן געטער און מענטשן
לעבן
אַ ז ו י — — —

## ווי קאָן איך דעם אמת דערציילן ?

ווי קאָן איך דעם אמת
וועגן דיר און וועגן זיך
דערציילן,
אַז סײַ ווי וועט מען אונדז
פֿאַראורטיילן ?

מיך —
פֿאַר מײַן פֿאַרברעכערישע צניעות
ד י ך —
פֿאַר דײַן הייליקע צבֿיעות...

פון בוך יונגער ווינטער, פ׳ „ייִדיש־בוך״, וואַרשע 1964. — יעקב זאָנ־שײַן, געבוירן אין לוקאָוו אין 1914, בעתן 2טן וועלטקריג געווען אין ר״פ, צוריקגעקומען קיין פוילן, פריער אין ווראָצלאַוו, נידערשלעזיע, ווו געשריבן רעפּאָרטאַזשן, קריטיק און דראַמע. אַרי־בער אין וואַרשע, ווו ס׳דערשײַנט 1959 זײַן בוך לידער וואָרט און ניגון, איז געשטאָרבן אין 1963.

א. לוצקי

# אַ חתונה

„מײַנע אימפּראָװיזאַציעס"

## אין מיטן װעלט אויף אַ פעלד — אַ שטעטעלע

שטיבער, װאָס שטײט איר דאָ ?
מענטשן זײַנען דאָ — זײַנען מיר דאָ.

מענטשן, װאָס טוט איר דאָ ?
אונדזער היים איז דאָ.

אַ דאַך פֿון שטרוי.
פֿון שינדלען [1],
פֿון טשערפּעס [2].
אַלע דעכער — סקאָס [3] אַראָפּ.
טריב,
טרויעריק.
יעדער אַראָפּ איז טרויעריק.

יעדע הויז — אַליין.
אַװעקגעשטעלט — שטײט עס.
װוּהין זאָל עס גיין ?
װײַטער איז דען בעסער ?

---

[1] לײמקאַכל. — [2] ביינער. — [3] קרום.

### אַן אַלט הויז

אָנגעשפּאַרט אויף קוליעס.
אײַנגעבויגן.
הכנעהדיק.
וואָס קען מען זיך העלפֿן?

### אַ יונג הויז

שטויגט:

טאַקע?
אַזוי וועל איך ווערן?

### אַ מיטליאָריק הויז

אַ פֿאַרריכטע.
אַ האַלבע וואַנט פֿאַרקלעפּט מיט רויט.
אַ שטיקל דאַך אַרויפֿגעקלאַפּט.
אַרײַנגעשטעלט אַ נײַ פֿענצטער.
קוקט דאָס הויז קאַסאָקע [4]
אויף בײדע שטיבער מיט אַ מאָל.
און לאַכט, און וויינט.

### אָט אַ טויער

ליגט ער אויפֿן דאַך.
איבערגעקערט.
ליג!

### אָט אַ טאָפּ

הענגט ער.
נאָר אויף אַ הוק [5] —
הענג!

### אָט אַ קוימען

אַמאָל געווען אַ טאָפּ.
געטומלט.
געקאָכט.
שוין.
צעבראָכן.
ליגט ער אויף דער ערד.
צו דער מאַמען.

אַלעמענס מאַמע.
אַלעמענס היים.
אַ טאָפּ.
אַ שטוב.
אַ מענטש.
אַלע — איינס.
אָן — סוף.

---

[4] שיקלדיק (אַ קרום אויג). — [5] גראָבער טשוואָק, בײַם קעפּל פֿאַרבויגן.

## מיט אַ מאָל אַ פֿרייד — אַ חתונה אין שטעטל: ביי נאַכט

פֿידל,
פֿלייט,
טראָמפּייט,
פּויק,
טומל,
פֿריילעכע קולות.

צוויי מענטשן ווילן ווערן איינס —
דרייט מען זיך.

אין אַ הויז אַ חתונה —
דאָס גאַנצע שטעטל פֿרייט זיך.

## פֿענצטער

איינער אַ פֿענצטער.
אַ ברייטער.
אַ בייזער.
קוקט ער מיט אַ באַס:
— הײַנט בײַ אונדז אַ חתונה!

אַן אַנדער פֿענצטער.
אַ שמאָלס.
אַ לאַנגס.
קוקט מיט אַ קוויטש:
— הײַנט בײַ אונדז אַ חתונה!

אַ קליין פֿענצטערל.
קוים וואָס סע קוקט.
באַרימט זיך:
— הײַנט בײַ אונדז אַ חתונה!

## קלאַנגען

שטעקעלעך פֿון קלאַנגען
שפּרינגען
און פּויקן אויף די דעכער
און וועקן־אויף די שטיבער:
— שטיבער!
הײַנט בײַ אונדז
אַ! אַ! אַ! אַ!
אַ חתונה!

## אַ רויך

פֿון אַ קוימען טאַנצט־אַרויס אַ רויך
און צעפּליט זיך אין דער הויך
מיט אַ בשׂורה צום הימל:
— הימל!
הײַנט בײַ אונדז אַ חתונה!

## אַ בעל־עגלה

אַ בעל־עגלה
פֿאָרט־אַהיים מיט זײַן פֿערד־און־וואָגן
באַרג
אַראָפּ.
שרײַען די שטיינער אונטער אים:
באַל
באַל
באַל
באַלד.
עפֿנט זיך דער טויער מיט אַ קוויטש
אַזוי ווי מע געגעצט:
הײַ——————נט
בײַ אונדז אַ חתונה!

## אַ ייִד עסט וועטשערע

אַ ייִד עסט וועטשערע
בײַ זיך אין דער היים.
אַ פּשוטע זופּ.
הײַנט בײַ נאַכט איז די זופּ —
אַ מחיה!

דאָס פֿענצטער איז אָפֿן.
פֿריילעכע קולות פֿון דער חתונה
לויפֿן דורכן פֿענצטער
און טאַנצן־אַרײַן אין —
טעלער אַרײַן.

## אַ מיידל אַליין

אַ מיידל ליגט אויפֿן בעט.
אײַנגעגנורעט אין אַ שאַל.
אַלע פֿרייען זיך —
איר איז אומעטיק.

ערגער נאָך פֿון אַלע נעכט.

אַלע האָבן חתונה —

ווען וועל איך ?
ווי אַזוי וועט ער אויסזען ?
פֿון וואַנען וועט ער קומען ?
אפֿשר וועט קיינער נישט קומען ?
יאָרן גייען־אַוועק.
לאָזן איבער שרעק.
איין אַליין.

## אַ בחור מיט אַ מיידל

אַ בחור מיט אַ מיידל שפּאַצירן.
ווײַט אַוועק פֿון שטעטל,
און ריידן פֿון ביכער,
פֿון דער ווײַטער וועלט,
פֿון נײַע צײַטן.

דאָס אַלטע קול פֿון דער חתונה
שרײַט זיי נאָך :

גייט ! גייט !
איך וועל אײַך דעריאָגן !

## אַ פֿאַרליבט פּאָרל

אין אַ גאָרטן.
צווישן ביימער.
שטילערהייט.
געהיים.

הײַנט — נאָענט. נעענטער.
אַ חתונה אין שטעטל !
פֿלאַטערט.
לײַטערט.
לינדערט.

קלאַנגען —
גלעקעלעך.

גליקעלעך.
פֿליִענדיקע פֿריידעלעך.
ליכטיקע ליגנדלעך —
צויבערן.
ציִען.
צערייצן.
צעפֿלייצן.

נישטאָ קיין זינד אין זינד !

זינד — זידט.

זיסער פּײַן.

געזאַנג.

צוויי אין צוואַנג — איין באַנג. בעטן.
צוויי פֿרײַנד — איין פֿרייד. מ׳האָט — און מ׳בעט.
צוויי — איינסן. מ׳טוט — און מ׳בענקט.

גלידער גליִען. אַ צעציטער.
בליִען. אַ צעצאַפּל.
גלעטן. אַ צעפּלאַפּל.

ס׳איז זיי הייס — און זיי ציטערן.
ס׳איז זיי גוט — און זיי ווילן וויינען.

זיי האָבן נאָך קיין מאָל נישט חתונה געהאַט.

### אַ מאַן מיט זײַן ווײַב גייען אין שטעטל

הענט — אין אַרבל.
קעפּ — אַראָפּגעלאָזט.
גאָר———נישט
ער———————פֿאָרויס.
זי———נאָך אים.
———————אַהיים.
די חתונה באַגלייט זיי מיט באַדויערן.

## אויף דער חתונה

### צוויי ייִדן טרינקען לחיים

צוויי שוואַכע ייִדן האָבן נישט קיין פּרנסה
און האָבן טעכטער.
זיפֿצן ביידע טאַטעס
און קוקן זיך אין די אויגן.

פֿון יעדן טאַטן קוקט־אַרויס זײַן הויזגעזינד.

ווײַב־און־קינדער האָפּן אויף זײַן פּלייצע,
אויף די קנייטשן פֿון זײַן שטערן:
— טאַטע, טו זיך אָן אַ כּוח.
טראַכט עפּעס צו.
זעסט דאָך!

איין ייִד:
— גאָט זאָל העלפֿן,
מיר זאָלן טאַקע, ווי זאָגט מען.

צווייטער ייִד:
— ווי זאָגט מען טאַקע עפּעס אַזוי,
אַז מיר זאָלן טאַקע, ווי זאָגט מען.

בײַדע ייִדן מיט אַ מאָל:
צעוויינען זיך,
צעזיפֿצן זיך,
צעזאָגן זיך אויפֿסנײַ:
— גאָט וואָלט שוין טאַקע געמעגט עפּעס העלפֿן.
עפּעס אַזוי, עפּעס אַ, ווי זאָגט מען.

צוויי ייִדן זײַנען אַרײַנגעפֿאַלן
אין אַ בלאָטע פֿון קשות
און טאַפּטשען זיך אין איר.

צוויי רעכטע הענט האָבן זיך פֿאַרריגלט
און הוידען זיך.
זיי מיינען שוין אַזוי צו פֿאַרבלײַבן.
צו וואָס זיך דרייען איין אַליין?
אין צווייען איז שטאַרקער.

די קעפּ שאָקלען זיך אויף יאָ:
מסכּים.

## נאָך צוויי ייִדן טרינקען לחיים

קורץ און שאַרף:
און ביי...

גאָט זאָל העלפֿן —
ביי קינדער,
ביי אייניקלעך,
ביי אור־אייניקלעך,
מענטשן ווילן אָן אַ סוף.
עס זאָל זיך ציִען און ציִען
מיט זיי אין איינעם
אייביק.

## נאָך צוויי ייִדן טרינקען לחיים

ביידע — באַלעגאָלעס.
ביידע — חסידים.

האָבן שוין געטרונקען עטלעכע מאָל.
טרינקען נאָך אַ מאָל.

איין בעל־עגלה
באַדויערט מיטן קאָפּ און זיפֿצט:

דער רבי האָט געזאָגט:
אַ מענטש איז נישט מער פֿון אַ בהמה.
פֿאַרשטייסט —
נישט מער ווי אַ פֿערד.

אַ רבי מיינט מער ווי ער זאָגט.
ער דאַרף נאָר טאָן אַ ווונק.
ווייטער דאַרפֿן מיר אַליין פֿאַרשטיין.

ווי ביי נאַכט אין פֿעלד — אַ פֿייערל פֿון ווייט.
דאַכט זיך אויס — אַ פֿייערל אַליין.
מ׳קומט אַהין — אַ פֿולע קרעטשמע!

צווייטער באַלעגאָלע.
פֿאַרגאַפֿט.

די אויגן אויסגעגלאָצט.
ער זעט די וועלט:

אַ גאַנצע וועלט מיט איַינגעשפּאַנטע פערד.
מ׳שלעפּט.
אַלע מאָל שווערער.

### נאָך צוויי ייִדן טרינקען לחיים

זיי זאָגן שוין גאָר נישט.
וואָס זאָלן זיי זאָגן?
ס׳איז דען צום זאָגן?
אַ מענטש דאַרף האָבן בטחון!
און זיך שטאַרקן.
לחיים!

### וויַיבער טרינקען לחיים

וויַיבער טרינקען נישט.
אַ זופּ — און שוין — שיכּור.

איין ייִדענע:
זאָל גאָט העלפן...
און צעוויינט זיך.

אַ צווייטע ייִדענע:
אַז גאָט העלפט אַ חתונה,
פאַרגעסט מען כאָטש די צרות אויף אַ וויַיל...
און צעוויינט זיך.

### צו באַדעקנס

די כּלה זיצט
אויסגעפּוצט אין וויַיסן.

דער בדחן שטייט אויף אַ שטול.
דער פֿידלער נעבן אים.
ווײַבער זיצן,
ריכטן זיך צו וויינען.

איין ייִדענע
האַלט שוין אָנגעגרייט דאָס פֿאַרטעך.

אַ צווייטע ייִדענע
וויינט שוין.
מען מוז טאַקע וואַרטן אויפֿן בדחן?

אַ דריטע ייִדענע,
זייער אַ גראָבע.
די הענט פֿאַרלייגט.
שמייכלט.
בעט דעם בדחן מיט די אויגן:
— בדחן, נו, זאָג!
ס'ווילט זיך וויינען.
פֿון יעדער זאַך האָט זי הנאה —
אַפֿילו ווען זי וויינט.

אַ פֿערטע ייִדענע.
נישט זי וויינט,
נישט זי לאַכט —
פֿאַרטראַכט:
אָט לאַכט מען,
אָט וויינט מען —
אַ חלום.

### דער בדחן זאָגט מיט אַ טרויעריקן ניגון

מען לאַכט און מען וויינט, און מען ווייסט נישט אויף קלאָר:
מען חלומט דאָ נאַר און מען מיינט עס איז וואָר.

אַזוי ווי מען שטייגט אין אַ חלום פֿון גליק,
פֿאַלט מען צום סוף, ווי מען פֿאַלט פֿון אַ בריק,
און מען קען זיך ניט כאַפּן צוריק:
— וויין, כלהניו, וויין!

פֿריִער געווען אַ שדכן,
האָט ער אײַנגערעדט.
איצט איז דאָ אַ בדחן
און באַדויערט.

צום סוף וועט קומען אַ חזן:
— אל מלא רחמים!

דרײַ שליחים:

איינער זאָגט גוטס אין פֿאָרויס.
דער צווייטער זאָגט-אויס.
דער דריטער רעדט שוין נישט צום מענטשן —
צו גאָט.

## נאָך דער וועטשערע

### פּעטער משה טאַנצט

אַ גרויס געשטאַלט.

די הענט צעשפּרייט און שטייט אויף איין אָרט.
אָבער עס טאַנצט זיך אין — אים.

אַ טופּ מיט אַ פּוס.
נאָך אַ טופּ.
שוין.

אַט וויל איך — טאַנץ איך.
אָבער איך טאַנץ נישט.
ווילן — וויל.
ער — נישט.
ער צערייצט זיך.
ער פירט צו־להכעיס קעגן ווילן.

ווילן וויל מיט אַ מאָל
אַ טאַנץ טאָן — אַז...

פעטער משה:
— כאַפּ נישט.
ווילדער ווילן דו!

פּאַמעלעך דויערט לענגער.
ס׳איז בעסער.

פרייד — איז רייץ.
כּוח — איז געדולד.
איך — בין פעטער משה.

אויף יעדער חתונה איז דאָ אַ פעטער משה.
אַ גביר אין דער משפּחה.
אַ יחסן ביי דער וועלט.

תּורה און סחורה און געפּוצטע שטיוול.

קינדער האָט ער — גיט ער אויס
איינס נאָך איינס.

נעמט ער אײדעמלעך און שנורן
אײנס און אײנס.

ער — וויל אויך.
אַ ווײַב איז נישט גענוג.
נאָך.

נישט גענוג צו זײַן אַ בוים אין וואַלד —
איבערן וואַלד אַריבערבלײַען.

אַ קוואַל איז נישט צו שפּריצן —
צו פֿאַרפּלייצן.

— זע נאָר וויפֿל פּנימער אַרום.
ווײַבער — אַ!

אַ טופּ אין טיף,
און נאָך אַ טופּ —
אײַ, טיפּן!

ער קען נישט טאָן וואָס ער וויל —
טוט ער וואָס ער קען.

ווײַבער וויל ער,
טופּען קען ער,
טופּעט ער.

אין מיטן וועלט אַ פּעטער משה.
פּעטער משה וויל אַ וועלט.

**די מומע באַסע טאַנצט אַקעגן פּעטער משה**

גרויער קאָפּ.
אויגן לײַכטן.

לײַכטע טריט.
וויגט זיך ווייך.

חסידיש.
פריציש שטיל.

מאַמע מיידל.
איידל.

פנים בליט.
צוריק צוויט.

קוקט־אַראָפּ.
שמייכלט.

נישט פֿאַרשעמט.
פֿרום פֿאַרשײַט.

פֿעטער משה:
מײַן — מאַן.
אַ גרויסער ייִד —
האָפּ.
גראָב.
קאַפּאָטע צעשפּרייט.
משהלע,
זונדעלע מײַנס!

## רבֿקה די אַלמנה טאַנצט

אַליין.

פֿון ווײַט אַוועק אַ לאַנגער שלעפּ —
ציט זיך,

צאַפּלט זיך צו איר:
כּלה!

איר מאַן איז שוין נישטאָ —
איר חתונה איז נאָך דאָ.
דאָרט.

אַלע פרייען זיך נאָך דאָרט.
מ׳שפּילט.
מ׳טאַנצט.
אַ געדריי.

— מזל־טובֿ, חתן־כּלה!
איר זאָלט זיך עלטערן!

זי טאַנצט און וויינט.

## אַן אַלט ייידעלע טאַנצט

אַמאָל געטאַנצט אויף טעלער —
איצטער האָט ער מורא פאַר דער ערד.
שטייט.
דרייט.
דרייט מיט אַ פוס אויפן קנאַפּל.
דאָס היטל פאַרשײַט אויף אַ זײַט.
קוקט אין ווײַט
און שמייכלט.

## אַלטע באָבעס טאַנצן אויך

פוס צו פוס — ווי קליינע קינדער.
שיכעלעך — נאָז צו נאָז.

אַלטע באָבעלעך — אין נײַע שיכעלעך.
טענהן די שיכעלעך:
— הײַנט איז אונדז גוט.
מ׳טאַנצט מיט אונדז.
אָבער וואָס וועט זײַן?
די פֿיס וועלן אַוועק.
מיר — וועלן בלײַבן
איין־אַליין.
קיינער וועט מיט אונדז נישט גיין.
שטענדיק — מוזן — שטיין.

באָבעלעך — ליאַלקעלעך.
אַלטע צאַצקעלעך.
וואַקלדיקע קעפּעלעך.
אייגעלעך דערשראָקענע.
האָט נישט מורא,
האַלט זיך אויף.
האַלט זיך אָן אין זיך.
אַלע האַלטן זיך אַליין.
— איר זעט?

אָפּגעטאַנצט?
אַמאָל?
נאָך אַ מאָל אַמאָל.
ווידער ווי געווען.
— קיינער ווערט נישט אויס.
עס דאַכט זיך בלויז.

אַלטע קינדערלעך —
טוי פֿאַלט אויף אײַך.
טויעלעך פֿון טענער,

פֿערעלעך פֿון קלאַנגען.
זעט, זיי שיטן זיך.
זעט, זיי זיפּן זיך.

באַלד וועט טאָגן.
פֿענצטער וועלן ליכטיקן.
מאָרגן קומט ערשט אָן.
טעג נאָך אָן אַ שיעור.
— טאַנצט אַקעגן זיי!

## איבער דער חתונה

אַן אַלטער טאַנץ — און גלאַנצט.
אָפּגעלעבט — און לעבט.
בליט.
בלענדט.

אַ דורותדיקער טאַנץ פֿון אַמאָל,
פֿון אַ טאָל.
אַלע אַמאָלן — און טאָלן.
אַלע אַמאָלן — לעבן.

הייבט זיך אָן מיט פֿרייד
און טרויעריק צום סוף
און ווידער אָנהייב.

באַרג־אַרויף
און באַרג־אַראָפּ,
און ווידער ווײַט.

צוויי — ווערן איינס,
צעשיידן זיך צו ענד,
און קומען ווידער ווען.

שטעטל — ניט קיין שטעטל —
וועלט!

תּמיד — הײַנט.
תּמיד — דאָ.
די גאַנצע וועלט איז דאָ.
אַלע דורות זײַנען דאָ.
הערט זיי טופּען נאָך.
טופּע!
טאָפּטשע!
מענטש!

## לבֿנה

לבֿנה איז אויך אויף דער חתונה.
הײַנט — גייט זי נישט אין ערגעץ.
נאָר —
דאָ.
זי זעט:
עט אַראָפּ —
אַ שטעטל.
דאָס שטעטל —
אַ שיסל.
אין שיסל —
רירעוודיקע ברעקעלעך
טוליען זיך,
טוליען זיך.

אַזעלכע קליינינקע פֿרייען זיך אויך!
אַ שטיקעלע ערד — און זיי האָבן גענוג!
אַבי זיי דרייען זיך!

ב. קאָוונער

## אַ פֿײַנער שרײַבער

אין אַ צײַטונג האָט אַמאָל פּאַסירט אַזאַ געשיכטע: אַלע אַר־טיקלען, וואָס האָבן געדאַרפֿט אַרײַנגיין אין דעם שבתדיקן נומער, זײַנען געווען צו־לאַנג. האָט מען געפֿרעגט בײַם רעדאַקטאָר וואָס צו טאָן. האָט דער רעדאַקטאָר קיין סך ניט געטראַכט און געהייסן אָפּקירצן די אַרטיקלען: פֿון דער סקיצע זאָל מען אַרונטערנעמען 11 שורות; פֿון דעם פֿעליעטאָן — 16 שורות; פֿון דעם ראָמאַן —

17 שורות; פֿון דעם לייט־אַרטיקל — 8 שורות; פֿון דעם פּאָליטישן אַרטיקל — 4 שורות, פֿון דעם אַרטיקל וועגן ליקוי־חמה 32 שורות. און אַזוי ווײַטער.

— זאָל מען די אַלע שורות אַוועקוואַרפֿן? — האָט מען געפֿרעגט דעם רעדאַקטאָר.

— חלילה! — האָט דער רעדאַקטאָר געזאָגט — די שורות דאַרף מען האַלטן; מען דאַרף זיי צוזאַמענלייגן און מאַכן פֿון זיי אַ באַזונדער אַרטיקל.

האָט מען געפֿאָלגט דעם רעדאַקטאָר און מען האָט פֿון די אַלע שורות צונויפֿגעשטוקעוועט אַן אַרטיקל...

אויף מאָרגן האָט מען דעם אַרטיקל אַרײַנגעשטעלט אין צײַטונג מיט אַ דרײַקאָלומדיקן קאָפּ:

## „די וועלט־טראַגעדיע מיט אירע פּראָגרעסיווע פּראָבלעמען"

דער אַרטיקל איז אַרויסגעקומען העכסט־אינטערעסאַנט און האָט זיך געלייענט אומגעפֿער אַזוי:

אַז משה־לייזער האָט חתונה־געהאַט, האָט ער זיך באַלד געכאַפּט, אַז ער איז באַגאַנגען אַ נאַרישקייט. מחמת די וואָס ווילן אַ קאָנגרעס באַקעמפֿן די וואָס ווילן אַ קאָנפֿערענץ. מיט פּאַלעסטינע האָט עס אָבער ניט צו טאָן... דערווײַל קאָכט זיך אונדזער וועלטל: מען אָמפּערט זיך, מען ספּאָרעט[1] זיך... דער פּרינץ זיצט אין גאָרטן אונטער די קאַשטאַן־ביימער און קושט די אַראַבישע פּרינצעסין. ער קושט און ווערט גאָר ניט זאַט... דער צווייטער וויל באַווײַזן, אַז אי אַ קאָנגרעס, אי אַ קאָנפֿערענץ זײַנען וויכטיק. דערווײַל גייט־אָן אַ ברענענדיקער קאַמף צווישןביידע צדדים: צווישן ר׳ יאָקלען און ר׳ שמענדריקן. צו ערשט אָבער מוז די קהילה מאַכן אַ טאָלק מיטן אַלטן שוחט און אָנשטעלן אַ נײַעם חזן.

---

[1] קריגט זיך.

פֿראַנקרײַך און רוסלאַנד דאַרפֿן וויסן, אַז ליקוי־חמה איז ניט אַזוי שווער צו פֿאַרשטיין, ווי עס קען זיך אויסדאַכטן. דאָס איז אַ מין פֿינצטערניש, וואָס מיר וועלן זיך דאָ באַמיִען צו דערקלערן וויסנשאַפֿטלעך און קלאָר:

עסט־אויף, למשל, אַ טעפּל אײַזקרעם און פֿאַרטרינקט מיט



דער גרויסער קונדס, וויכטיקער זשורנאַל פֿאַר הומאָר, וויץ און סאַטירע, וואָס יעקב מאַרינאָוו האָט רעדאַקטירט 19 יאָר אין ניו־יאָרק, פֿון ערב דער 1טער וועלט־מלחמה, האָט אָפּגעדרוקט די דאָזיקע אינטערעסאַנטע צייכענונג: „וואָס פֿאַר אַ געדאַנקען, גע־פֿילן און שטימונגען רופֿט בײַ אײַך אַרויס דאָס בילד?"

וואַסער. וואָס וועט פֿאַרבלײַבן? גאָר ניט! דאָס זעלביקע איז מיט ליקוי־חמה...

נאָך אַ בײַשפּיל: נעמט אַ גרינעם עפּל און לייגט אים אַרויף אויף דער זון און לאָזט אים דאָרט ליגן אַ וואָך צײַט, וועט ער זיך אָפּבראָטן? געוויס וועט ער זיך אָפּבראָטן.

לאָמיר נעמען נאָך אַ בײַשפּיל: נעמט צוויי קידוש־גלעזלעך, פּרוּווט אין איין גלעזל אַרײַנלייגן אַן אַרבעס און אין צווייטן אַ מעלאָן. וואָס וועט דעמאָלט זײַן? די אַרבעס וועט טאַקע אַרײַנגיין אין גלעזל און דער מעלאָן ניט. פֿאַר וואָס? ווײַל דער מעלאָן איז גרעסער ווי דאָס גלעזל. דאָס אייגענע איז מיט ליקוי־חמה...

אָדער נעמט אַזאַ בײַשפּיל: צינדט־אָן אַ ליכט און פּרוּווט האַלטן אײַער גראָבן פֿינגער אויפֿן פֿלאַם אַ טאָג צײַט. וועט איר דאָס קענען? ניין! פֿאַר וואָס? ווײַל עס ברענט. דאָס אייגענע איז אויך מיט ליקוי־חמה...

אָט אַזוי, אומגעפֿער, האָט זיך געלייענט דער אַרטיקל.

אין עטלעכע טעג אַרום איז די רעדאַקציע פֿון דער צײַטונג פֿאַרפֿלייצט געוואָרן מיט אַ ים בריוו פֿון אירע לייענערס. אַלע זײַנען געווען שטאַרק באַגײַסטערט פֿון דעם אַרטיקל; זיי האָבן נאָך קיין מאָל ניט געלייענט אַזאַ קלאָרן, אַזאַ פֿאַרשטענדלעכן אַרטיקל ווי דער. און זיי האָבן אויפֿגעפֿאָדערט דעם רעדאַקטאָר, אַז ער זאָל, למען־השם, אָנהאַלטן דעם שרײַבער. ער זאָל אים ניט אָפּלאָזן. ער איז אַ פֿײַנער שרײַבער...

הירש אָשעראָוויטש

## פֿון בוך „זונענגאַנג“

### דיכטער

שרײַבן לײַכט איז זייער שווער
שרײַבן שווער — געוויס ניט גרינגער.

צו באַשרײַבן עכט איין טרער
דאַרף מען אויסשעפּן אַ טינטער.
שעפּט מען און מע שעפּט און שעפּט.
— — — — — — — — — — — — —
אָפּגעלעבט, ניט אויסגעשעפּט...

### געדאַנקען־פֿרײַנד

פֿון האַרץ צו האַרץ איז אָפּט מאָל אַ מהלך,
אַפֿילו ווען מע גייט צוזאַמען — זײַט בײַ זײַט.
און צווישן אונדז ליגן הונדערטער מערידיאַנען,
און ס'איז ניט ווײַט...

### צום אמת

זאָג מיר, ווי זאָל איך דיך זוכן?
זאָג מיר, ווו זאָל איך דיך זוכן?
כאָטש איך ווייס: דער, וואָס דיך זוכט,
טעגלעך נײַעם צער פֿאַרזוכט...

אָ, ווי גוט איז דיך צו טרעפֿן,
און געפֿערלעך דיך צו טרעפֿן!
ווער דיך איין מאָל ערגעץ טרעפֿט,
בלײַבט שוין דײַן פֿאַרבענקטער קנעכט...

### „פֿאַרוואָס?"

דער גרויסער „פֿאַרוואָס?",
וואָס באַוועגט דעם געדאַנק,
האָט פּלוצעם געפֿונען דעם ענטפֿער.
איז געוואָרן אַלץ קלאָר,
זאָט און פֿויל דער פֿאַרשטאַנד,
און דער אמת לחלוטין ניט נענטער...

## יאָרן

ניין, עס שטאַרבן ניט די יאָרן,
יאָרן ווערן נאָר געבאָרן.
שטענדיק אין געבורט — די צײַט . . .

און דער מענטש לעבט אָפּצוקלײַבן
יענע טעג, וואָס וועלן בלײַבן
העל אויך פֿאַר דער ווײַטסטער ווײַט.

## גאולה

און ווער, זאָג, וועט טרייסטן דעם טרייסטער?
(אויך ער דאַך האָט נייטיק אַ טרייסט!)
אויב בלײַבן וועט איין ניט־דערלייזטער,
וועט זײַן עס פּונקט דער וואָס דערלייזט . . .

## שטיין

ניט זאָג דעם שטיין, אַז ער איז גרוי,
ניט זאָג אים, ער איז האַרט,
אָן אַנדער אמת אים פֿאַרטרוי —
דערצייל אים, ער איז שטאַרק.

## פּאַראַדאָקס

דער פֿעלדז איז שטאַרקער פֿונעם מענטש;
ער ווייסט עס אָבער ניט.
און ווײַל דער מענטש, ער ווייסט עס יאָ,
איז ער ניט שוואַכער פֿונעם פֿעלדז . . .

מאָסקווע 1969




ציכענונג פון מאַקס וועבער, מאָדער־
ניסטישער ניו־יאָרקער מאָלער און קונסט־
קריטיקער

י. ל. פרץ

# דער שבת־גוי

דער כעלעמער רבֿ — אַן אָפּגעריבן ספּאָדיקל, אָפּגעריסן לאַסטיקן קאַפּאָטקעלע; אַ קליין יידעלע מיט אַן אָפּענעם גרגרתל און לאַכעדי־קע גרויע אייגעלעך אין אַײַנגעשרומפּענעם פּנימל — דאָס גרײַזגרויע פריילעכע רבֿל הייבט זיך אויף, צווישן איין סוגיא און דער צווייטער, פאַרדרייט די אָפּענע גמרא מיט די שפּאַקוי׳ן פון דער נאָז אַראָפּ וליתר תוקף ועוז — מיט דער פּאַטשיילע פון בוזעם אַרויס... — און נעמט זיך, לשם תענוג — צו זײַן ביסל עולם הזה — צום קאָרע־נעם טאַביק־שקעטעלע, אַ שמח בחלקו און אַ מענטש אָן אַ גאַל,

שמייכלט ער צום שקעטעלע און קלאַפּט־אָן מיט די קליינע פינגערלעך אין דעקעלע, פויקנדיק און פרעגנדיק:

— פאַראַן אַ ביסעלע?

עפנט ער עס מיט הרחבה אויף, נעמט מיט די קליינע פינגער־קישעלעך אַ ביסעלע פונעם ביסעלע און טראָגט צום נעזל צו, און גיט אַ קליין שטאָפּעלע רעכטס, אַ קליין שטאָפּעלע לינקס, און נאָך אַ מאָל אַזוי, ווערט אים ליכטיק אין די אייגעלעך, זאַפּט זיך מיט נחת אָן דאָס הערצעלע, לאָזט ער זיך איבער דער בית־דין־שטוב, ממש טאַנצנדיק, גיט ער אָפּ אַ שבח דעם בורא־עולם, ממש זינגענדיק:

— אי־אי־אי, גאָטעניו, אַ גוט וועלטעלע דו האָסט עס באַשאַפן!

און וואַרפנדיק פון פענצטערל אַ בליק אין מאַרק אַריין, ווערן אים די אייגעלעך פייכט.

— וואָס פאַר אַ פיינע בריאהלעך עס דרייען זיך אויף דיין וועל־טעלע אַרום! יידעלעך און, להבדיל, אַנדערע... איי־איי־איי! מענטשן גאָלדענע, סאַמעטענע, זיידענע...

פאַלט עמעץ פלוצלינג אַריין:

— רבי, געוואַלד!

דערשרעקט ער זיך:

— וואָס איז דיר געשען אַזוינס, יענקעלע?!... יענקעלע?

ער קען אים! גאַנץ כעלעם קען דער רבֿ, כמעט ביי אַלע סנדק געווען... און אַז ער דערזעט אַ צעבלוטיקט מויל ביי יענקעלען:

— אוי, אוי, יענקעלע, ווער האָט דיר שלעכטס געטאָן, יענקעלע?!

זיצט שוין יענקעלע אויף דער באַנק פון פאַרן בית־דין־צדק־טיש, מיט די הענט, די פאַרבלוטיקטע באַקן צוהאַלטנדיק, און וויגט זיך, ווי אָן אומרו רעכטס און לינקס, אין דער ברייט, זאָגנדיק:

— אוי, דער שבת־גוי, רבי! דער שבת־גוי!

גאַפט ער, דער כעלעמער רבֿ:

— ווי קומסטו דו אין דער וואָכן צום שבת־גוי, יענקעלע?!

— אַ באַשערטע זאַך, רבי־לעב... כ׳גיי איבערן מאַרק, גיי איך מיר... ווי מיינט איר, רבי־לעב? ליגט מיר אין זין דער שבת־

גוי? טראַכט איך פֿון אַ שבת־גוי? וועגן פּרנסה טראַכט אַ ייִד: מיט לייִדיקע הענט וועל איך קומען אַהיים! וואָס וועט די פּלוניתטע, טראַכט איך, זאָגן?... די אַרורה מײַנע... איר קענט דאָך זי, רבי־לעב! קומט ער אָקעגן, דער שבת־גוי. דערזע איך אים, שיכּור־ניס־לעך קנאַקט ער זיך... און עפּעס קונציק, אַזוי — אַ וואָרף מיט דער האַנט דורכן אַוויר, פֿונקט אין מויל אַרײַן, אַ קנאַק, און וואַרפֿט שוין מיט די ליפּן רעכטס און לינקס די שאָלעכצער. האָב איך מיך אָפּגע־שטעלט, קוק איך אויף זײַן בריהשאַפֿט.

גלײַכט ער זיך אויס מיט מיר, זאָגט ער:

— יענקעלע, עפֿן ס׳מויל, יענקעלע!...

מילא, בעט אַ גוי, עפֿן איך... און געמיינט האָב איך, רביניו, ער וויל מיר שיכּור־ניסלעך וואַרפֿן אין מויל אַרײַן — עפֿן איך. נעמט ער, רבי, די פֿויסט און גיט מיר אַ זעץ אין די ציין אַרײַן!

צעוויינט ער זיך נאָך מער, יעקעלע!

— אוי, דער רוצח, דער רוצח...

איז עס אָבער דעם כעלעמער רבֿ נישט ניחא.

גייט ער נענטער צו און מוסרט אים:

— דאָס האָב איך נישט ליב, יענקעלע! ווי זאָגט מען עס, גלאַט אַזוי, אויף גאָטס אַ באַשעפֿעניש — רוצח!...

— ער האָט מיר דרײַ ציין אויסגעהאַקט! — צעכליפּעט זיך יענקעלע, ווײַזנדיק די ציין.

קוקט דער רבֿ און שאָקלט מיטן קעפּעלע און זאָגט, נישט גליי־בנדיק:

— זאָג דעם אמת, יענקעלע, ס׳איז דײַנע ציין?

— וועמעס דען, רבי? נאָט, רבי, זעט!

און ער עפֿנט דאָס מויל און ווײַזט אים די לעכער...

קוקט דער רבי און גאַפֿט:

— הפֿלא ופֿלא! — זאָגט ער נאָך אַ ווײַלע — אַ ייִד זאָל האָבן אַזוינע ציין...

— אַ וואָסערע דען ציין האָט אַ ייִד? — פֿרעגט יענקעלע אַ ביסל שוין דערשראָקן.

— נאַ, זע! — ענטפֿערט דער רבֿ און ווײַזט אים זײַן אַלט מעבל אין אַלטן מויל — אַנדערע האָבן לחלוטין נישט קיין ציין, סײַ־ווי־סײַ, נישט אַזוינע ציין! כ׳בין דאָך נישט קיין הײַנטיקער, נישט געזען אַזוינע ציין בײַ אַ ייִד אין מויל!

און קלערן זעצט ער זיך, דער רבֿ; צוויי שאלות מיט אַ מאָל.

— ווי קומען אַזוינע גרויסע געזונטע ציינער צו אַ ייִד?

— און דער שבת־גוי, וואָס האַקט ער עס אין פֿרעמדע ציין אַרײַן?

קלערט ער און קלערט, ביז ער שפּרינגט־אויף:

— אַהאַ!

דאָס הייסט — דערגאַנגען:

— האָ בהאָ תליא [1], יענקעלע, איינס אָן צווייטן ווענדט זיך עס... דו זאָגסט גלאַט אין דער וועלט אַרײַן „רוצח!" אויף גאָטס באַשעפֿעניש — „רוצח"! נישטאָ קיין רוצחים. עס זאָלן זײַן רוצחים אויף דער וועלט, וואָלט די וועלט, חס־ושלום, קיין קיום נישט געהאָט! אלא מאַי? אַ מעשׂה שהיה פֿאַרציילסטו דאָך, און איך גלייב דיר, און איך זע דאָך די אויסגעהאַקטע ציין, איז די מעשׂה, פֿאַרשטייסטו מיך, אַזוי...

און ער כאַפּט אַ ביסל אָטעם און פֿאַרטײַטשט:

— שולדיק, יענקעלע, זײַנען טאַקע דײַנע ציין!

שפּרינגט יענקעלע אין דער הויך:

— היתּכן, רבי, מײַנע ציין? און דער ערל?

— גאָר אין גאַנצן פּטור איז ער נישט, דאָס, יענקעלע, זאָג איך נישט! דער עיקר חייבֿ אָבער זײַנען דײַנע ציין, דאָס הייסט: נישט דײַנע ציין...

— וואָס טײַטש?

---

[1] איינס איז פֿון אַנדערן אָפּהענגיק.

— לייג־צו קאָפּ, יענקל! דער ערל איז בטבֿע אַ מזג־טובֿ... שיכּור־ניסלעך געהאַט, דיך דערזען, האָט ער דיך באמת געוואָלט מהנה זײַן, מכבד זײַן... „עפּן ס׳מויל!“, זאָגט ער... אַרײַנוואַרפּן וויל ער: זיי האָבן דאָך ליב ווילטאָג און קונצעלעך! אָבער אַז דו, יענקל, האָסט געפּאָלגט, און ער האָט דערזען גאַנצע ציין. זײַנע ציין, הייסט עס, אין דײַן מויל... פֿאַרשטייסטו דאָך: אַן „אינו ישׂראל“, אין דײַן מויל זײַנע ציין... ווערט ער אונטערגעצונדן... וואָס זאָל ער טאָן? זעצט ער מיט דער פּויסט!

— פּאָלג מיך, יענקעלע, — ענדיקט דער רבֿ — מאַך קיין עסק נישט דערפֿון... גיי־אַהיים צו דײַן פּלוניתטע, זאָג איר, איך האָב געהייסן, בפּירוש געהייסן, זי זאָל דיר מאַכן אַ שווענקעכץ פֿון פֿײַגן...

פּאָלגט יענקעלע, גייט־אַוועק, און דער רבֿ רופֿט אים נאָך.

— און דאָס אַנדערע מאָל, אַז אַן ערל הייסט דיר עפֿענען דאָס מויל, עפֿן אַ ביסעלע... נישט מער ווי אַ ביסעלע, אַ שפּאַרעלע! ער דאַרף גאָר נישט זען, אַז אַ ייִד האָט ציין...

הערשעלע

## דער יונג

ליבן איז אַ נאַרישקייט,
מען מוז נאָר זײַן יונג!
וויל מען נאָר אַ מיידעלע,
באַדאַרף מען נאָר אַ יונג...

דרייט מען זיך די וואָנצעלעך,
דערזעט מען גאַנצע טיק[1];
וואַרפּט מען מיטן שטעקעלע,
פֿאַרכאַפּט זיי באַלד אַ היץ.

---

[1] (לאָקאַליזם) טוץ.

ציט מען פֿאַר זיי ס׳היטעלע,
דערצינדט זיך זיי די ברוסט;
דריקט מען זיי בײַם הענטעלע,
פֿאַרברענען זיי אין לוסט.

ווײַזט מען זיי אַ שמייכעלע —
פֿאַרפֿלעכטן זיי די צעפּ;
מאַכט מען זיי אַ חנדעלע —
פֿאַרדולט מען זיי די קעפּ.

גיט מען זיי אַ צאַצקעלע,
פֿאַרליבן זיי זיך באַלד;
זאָגט מען זיי נאָר: „ליובעניו!״ —
שפּאַצירט מען שוין אין וואַלד...

פֿירט מען זיי געאָרעמטע,
פֿאַרקריכט מען אין געביש,
שטעקט מען אויס דאָס בוזשעלע [2],
באַקומט מען באַלד אַ קוש...

לײַכטן העל די נעכטעלעך,
פֿאַרגעסט מען אין דער צײַט,
אויף די שטילע וועגעלעך
פֿאַרלירט מען זיך אין פֿרייד.

ווערט אין שטאָט אַ ריידעניש,
פֿאַרבײַסט מען מיט דער צונג —
ליבן איז אַ נאַרישקייט,
מען מוז נאָר זײַן אַ יונג!

וואַרשע 1910

[2] פּיסקעלע.

אַברהם רייזען

# דער פּראָטעסט

באַשע־ביילע די נייטאָרין פֿלעגט שטענדיק הערן וועגן זיך, אַז זי איז אַ וויל מיידל. דאָס פֿלעגט מען וועגן איר זאָגן סײַ אין די אויגן און סײַ אונטער די אויגן. אָבער קיין נחת האָט זי דערפֿון נישט געהאַט. געפֿרייט האָט עס איר נישט. אַדרבה, פֿיל מאָל האָט עס איר פֿאַרשאַפֿט פֿאַרדראָס און האַרצווייטיק, און אָפֿט מאָל פֿלעגט זי אַפֿילו אויף דעם דאָזיקן קאָמפּלימענט נערוועז אָפּענטפֿערן:

— אַ ווילע, אַ ווילע... בין איך גליקלעך...

און זי איז געווען גערעכט! גליקלעך איז זי מיט איר ווילקייט נישט געווען. זי האָט דווקא געוואָלט זײַן נישט קיין ווילע. הלוואַי וואָלט זי בעסער געווען נישט קיין ווילע, אָבער אַ שיין מיידל, וואָלט זי אַ סך צופֿרידענער און גליקלעכער געווען. נאָר אַ שיין מיידל איז זי קיין מאָל נישט געווען. ווייניקסטנס האָט זי וועגן זיך אַזאַ מיינונג קיין מאָל נישט געהערט, אַפֿילו דעמאָלט ווען זי איז געווען יונג, בפֿרט איצט, ווען באַשע־ביילע, נישט קוקנדיק וואָס זי זאָגט קיין מאָל קיין ליגן נישט, מוז די לעצטע צײַט אַראָפּנעמען אַ פּאָר יאָר פֿון איר עלטער, וואָס דאָס קומט איר אָן נישט גרינג. אירע בלאַסע באַקן ווערן דעמאָלט רויט, און איר דאַכט זיך, אַז זי האָט אָפּגעטאָן אַ פֿאַרברעכן... יאָ, באַשע־ביילע איז נישט צופֿרידן מיט איר וויל־קייט. איבער הויפּט איז זי נישט צופֿרידן מיט איר שטילקייט, וואָס פֿיל פֿון די שכנות שאַצן זייער שטאַרק...

באַשע־ביילע ווייסט, אַז שטילקייט איז פֿאַר אַ מיידל דער גרעס־טער חסרון. הלוואַי וואָלט זי געקאָנט אַזוי הויך לאַכן ווי אירע חבֿר־טעס... הלוואַי וואָלט זי געקאָנט אַזוי הויך זינגען ווי זיי, וואָלט זי אויך געוווּסט פֿון גליק און פֿון ליבע, און וואָלט נישט געדאַרפֿט די גאַנצע יונגע יאָרן פֿאַרברענגען בלויז מיט דער אַלטער מוטער אירער, מיט דער אַלמנה. באַשע־ביילע איז געווען טאַקע וויל און

שטיל, אָבער ווען מע וואָלט געוווּסט אירע געדאַנקען, דאַכט זיך איר, וואָלט מען זי געהאַלטן פֿאַר די זינדיקסטע אויף דער וועלט. און ווען מע וואָלט געקאָנט זיך צוהערן, וואָס עס קומט־פֿאָר בײַ איר אין האַרצן, ווי עס שרײַט און ליאַרעמט, וואָלט מען זי, ווער ווייסט, מיט וואָס פֿאַר אַ נאָמען אָנגערופֿן. נאָר דאָס, וואָס עס טוט זיך בײַ איר אין קאָפּ און האַרצן, ווייסט קיינער נישט, אַפֿילו איר מאַמע נישט. און באַשע־ביידע וואָלט אַ מאָל וועלן אויסשרײַען:

— איך בין נישט ווייל, איך בין ניט שטיל!

זאָל מען איר בעסער מוסר זאָגן איידער רימען. וואָס האָט זי פֿון איר גוטן נאָמען? ער האָט איר נאָר פֿאַרשטערט דאָס לעבן און גערויבט פֿון איר אַלע פֿאַרגעניגנס... און אויף אויסצודריקן איר פּראָטעסט, בלײַבט איר נאָר איר איינציק ליד, וואָס זי זינגט:

דרויסן איז אַ טריבער טאָג,
אין שטיבעלע איז אַ פֿאַרע...
איך האָב אָפּגעלעבט מײַנע יונגע יאָרן,
אַזוי ווי אין אַ כמאַרע...

דאָס דאָזיקע לידל זינגט זי אָבער אַזוי שטיל, אַז זי אַליין הערט קוים די ווערטער... צו־נאָענט איז איר דאָס ליד צום האַרצן, אַז זי זאָל האָבן די דרייסטקייט עס הויך צו זינגען! באַשע־ביילע ווייסט, אַז עס זײַנען דאָ אַ סך פֿריילעכע, פֿאַרשײַטע לידער, און דווקא יענע ווערן געזונגען הויך און אָפֿן... אָבער יענע לידער זײַנען נישט פֿאַר איר — יענע לידער זײַנען פֿאַר די וואָס האָבן נישט אַזאַ גוטן נאָמען ווי זי... זי איז אַ ווילע און אַ שטילע — און נישט אַלע לידער קאָן זי זיך דערלויבן צו זינגען. יאָ, זי טאָר זיך נישט דערלויבן — אַזוי איז איר שוין באַשערט: שטיל, ערלעך און — אַליין.

אָפּט ווערט אָבער באַשע־ביילען אומדערטרעגלעך איר שטילקייט און ערלעכקייט. און זיצנדיק אין אַ קליינעם שטיבעלע בײַ איר אַר־בעט, וואָלט זיך איר וועלן אַוועקוואַרפֿן אַלץ, אַרויסלויפֿן אויף דער גאַס און ווענדן זיך צום ערשטן בעסטן יונגער־מאַן:

— איך בין נישט ווויל און בין ניט שטיל! קום מיט מיר, קום! וואָרעם איך בין די זינדיקסטע אויף דער וועלט!...

*

קעגנאיבער איר צימער וווינט שוין זינט צוויי יאָר כײַקל דער שנײַדער מיט זײַנע בנים, וואָס האָבן אַ שם אין דער גאַנצער וועלט פֿאַר פֿאַרשײַטע און צעלאָזענע, איבער הויפּט דער עלטערער, יאָסל דער רויטער. יאָסל דער רויטער איז אַ בחור פֿון אַ יאָר אַכט און צוואָנציק, אַ הויכער, אַ געזונטער, מיט גרויע שפּיציקע אויגן און רויטע שפּיציקע וואָנצעס. די גאַס דערציילט פֿון אים שרעקלעכע מעשׂיות. באַשע־ביילע זעט אים אָפֿט שטיין בײַם טויער פֿון הויז מיט מיידלעך, וועלכע ער דערציילט עפּעס, און זיי לאַכן הויך אויפֿן קול. זי לויפֿט דעמאָלט דורך שנעל. איר דאַכט, אַז דאָס לאַכן זיי פֿון איר, פֿון איר שטילקייט און ערלעכקייט.

אָט באַגעגנט זי זיך מיט אים אין דעם ענגן, שמוציקן קאָרידאָר. ער קוקט זי אָן מיט זײַנע גרויע אויגן און שמייכלט דערבײַ עפּעס אַזוי געמיין, אַז עס קומט איר אַרײַן דאָס בלוט אין פּנים, און עס פֿאַרפֿעלט איר אָטעם... מיט ווערטער האָט ער זי אָבער קיין מאָל נישט פֿאַרטשעפּעט. זי איז, הייסט עס, נישט פֿאַר אים. אַזוי, ווײַ־ניקסטנס, מיינט זי און גייט דעמאָלט אַרײַן צו זיך אין שטיבל און קלאָגט זיך פֿאַר דער מוטער:

— אַזאַ גראָבער יונג, דער דאָזיקער „רויטער“! אָנקוקן קאָן איך אים נישט...

— וואָס? ער האָט דיך, חלילה, פֿאַרטשעפּעט? — דערשרעקט זיך די מוטער.

— ניין... ער דאַרף דווקא פֿאַרטשעפּען... — ענטפֿערט זי מיט פֿאַרדראָס — ער איז גלאַט אַ געמיינער יונג.

— ס׳אַ דאַגה, מײַן טאָכטער! — באַרויִקט זי די מוטער — וואָס גייט ער דיך אָן? דו ביסט אַ שטיל, ערלעך מיידל..

באַשע־ביילע ענטפֿערט נישט. זי לאָזט נאָר אַרויס אַ שטילן זיפֿץ און נעמט זיך צו דער אַרבעט.

*

זיצט איין מאָל באַשע־ביילע אין שטיבל בײַ דער מאַשין און שטעפּט אַ העמד. ערשט זי דערהערט, ווי עמעצער האָט זיך ווי אַרײַנ־געגנבֿעט שטיל דורך דער טיר. זי קערט־אום דעם קאָפּ און בלײַבט ווי פֿאַרגליווערט: פֿאַר איר שטייט יאָסל דער רויטער, קוקט זי אָן מיט זײַנע שאַרפֿע אויגן און שמייכלט.

— איר האָט זיך דערשראָקן? — לאַכט ער.

זי געפֿינט נישט קיין ענטפֿער און ווייסט נישט, וואָס זי זאָל פֿאָרנעמען.

— איר זײַט אַ גאַנץ שיין מיידל, אַ ביסל אויסגעמאָגערט... אָבער דאָס שאַדט נישט. איך האָב דווקא ליב אַזעלכע...

זי וויל עפּעס ענטפֿערן, נאָר עס פֿאַרפֿעלט איר אָטעם. אַ הייסער שטראָם פֿליסט-דורך אין גאַנצן קערפּער און פֿון אַלע געדאַנקען בלײַבט איר בלויז איינער אין קאָפּ:

— זאָל די מאַמע איצט נישט אָנקומען!...

ער גייט צו איר צו און נעמט זי אָן פֿאַר דער האַנט. זי האָט נישט קיין קראַפֿט צו ווערן זיך.

— איר דאַרפֿט פֿאַר מיר קיין מורא נישט האָבן... — זאָגט ער צו איר, צובייגנדיק זיך צו איר גאָר נאָענט — איך וועל אײַך נישט טאָן קיין שלעכטס... איך ווייס דען נישט, אַז איר זײַט אַן ערלעכע טאָכטער... אַ שטילע, אַ ווילע...

פֿון די לעצטע צוויי ווערטער קומט זי צו זיך, דערפֿילט זיך ווי באַליידיקט, און ווי נישט מיט איר ווילן רײַסט זיך בײַ איר אַרויס פֿון מויל:

— איך בין נישט אַזוי שטיל און וויל ווי איר מיינט...

— איז נאָך בעסער! — כאַפּט ער זיך אָן מיט פֿרייד און וויל זי אַרומנעמען.

— די מאַמע קאָן אַרײַנקומען... — מורמלט זי פֿאַר שרעק און אויפֿרעגונג.

— עט, די מאַמע! — לאַכט ער ציניש — איך קאָן זײַן אײַער מאַמע און אײַער טאַטע און אײַער מאַן...

אַ זיסער שוידער גייט־דורך איר קערפּער פֿון דעם לעצטן וואָרט.

— איר דאַרפֿט נישט אַזאַ ווי איך... — זאָגט זי באַשיידן אַרויס — איר ווילט מיך נאָר אויסלאַכן...

— זאָל מיך גאָט שטראָפֿן! — צינדט ער זיך אָן און זײַן פּנים ווערט שטרענג ערנסט — איך ווייס דען נישט ווער איר זײַט? אַ טײַער מיידל! האָב איך אַזאַ יאָר, וואָס פֿאַר אַ מיידל איר זײַט... דווקא אַזאַ ווי איך בין אַ מבֿין אויף אײַך... איר פֿאַרשטייט! דווקא אַזאַ ווי איך!...

זי קוקט אים דרייסטער אָן. אין קאָפּ פֿליט איר דורך, אַז זי וועט זיך איצט נוקם זײַן אין אַלע, וואָס האָבן געזאָגט אויף איר שטענדיק, אַז זי איז אַ שטילע, אַ ווילע, זאָלן זיי איצט וויסן... זי איז נישט קיין שטילע און נישט קיין ווילע! ניין, זי איז ערגער פֿאַר אַלע מייד־לעך... אָט דעם יאָסל דעם רויטן קלײַבט זי אויס...

ער נעמט זי אַרום אין זײַנע פֿעסטע הענט און דריקט זי. אַ נײַע ערשט־געבוירענע פֿרייד צינדט זי אָן. זי כאַפּט אים אַרום צוריק מיט אירע הענט און דריקט אים נענטער צו זיך, נענטער, נענטער...

— אָט אַזוי האָב איך ליב!... — ברומט ער אַרויס און קושט זי אין האַלדז...

— מע האָט געדאַרפֿט צושפּאַרן די טיר... — דערמאָנט זי זיך, נאָר באַלד פֿאַלט איר אײַן, עס וואָלט איר גאָר נישט געאַרט, אַז עמעצער זאָל אָנקומען... פֿאַרקערט, זאָל מען טאַקע אָנקומען! זאָל קלינגען די גאַס מיט איר! זאָלן אַלע וויסן, וואָס די ווילע און שטילע באַשע־ביילע האָט זיי אָפּגעטאָן! און זאָל שוין זײַן אַ סוף מיט איר ווילקייט און שטילקייט!...

ערשט וועט זי אָנהייבן צו לעבן, צו געניסן. און זי רופֿט זיך אָן צו יאָסלען:

— איך ווייס, אַז איר מיינט נישט מיט מיר חתונה האָבן, נאָר עס אַרט מיך נישט...

יאָסל קוקט זי אָן דערשטוינט:

— ווי הייסט, דיך אַרט נישט?

— מיך אַרט נישט! — זאָגט זי, ווי עמעצן אויף צו־להכעיס — איך בין נישט אויסן דווקא מיט אײַך חתונה צו האָבן...

— וואָס דען ביסטו אויסן!... — פֿרעגט ער זי פֿאַרווונדערט און קוקט זי אָן מיט זײַנע גרויסע אויגן.

— איך בין אויסן אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך דעם יאָך פֿון שטילקייט און ווילקייט און ערלעכקייט, דעם יאָך וואָס האָט מיך געדריקט דאָס גאַנצע לעבן...

ער האָט זי נישט פֿאַרשטאַנען:

— וואָס רעדט זי פֿאַר אַ מאָדנע ווערטער? פֿאָרט אַ יאָלדין...

— האָט ער געטראַכט.

ער האָט איר געוואָלט עפּעס ענטפֿערן, נאָר עס האָט זיך דער־הערט, ווי עמעצער גייט. ער האָט געמאַכט אַ באַוועגונג, נאָר זי האָט אים אָפּגעהאַלטן:

— האָט נישט קיין מורא...

עס איז אַרײַן די מוטער. דערזעענדיק יאָסל דעם רויטן, האָט זי געגעבן אַ פּאַטש מיט די הענט און דערשראָקן אויסגעשריגן:

— ווי איז מיר, וואָס טוט ער דאָ?...

— שרײַ נישט, מאַמע! — האָט באַשע־ביילע זיך געווענדט צו איר — יאָסל דער רויטער וועט זײַן מײַן חתן.

— דײַן מאַן... — האָט ער פֿאַרבעסערט און טראָציק געקוקט אויף דער מוטער.

— ווי איז מיר! — האָט די אָרעמע מוטער פֿאַרבראָכן מיט די הענט — ווי קומט ער צו דיר? — דו מאַכסט זיך דאָך אומגליק־לעך, טאָכטער מײַנע... באַטראַכט זיך...

— עס שאַדט נישט, מאַמע... — האָט באַשע־ביילע זי געטרייסט — זעקס און צוואָנציק יאָר בין איך געווען אַ ווילע און אַ שטילע,

און בין נישט געווען גליקלעך... איך האָב פֿון קיינעם נישט גע־הערט קיין איינציק וואָרט, וואָס זאָל ריידן צו מײַן האַרץ. יאָסל דער רויטער איז דער איינציקער, וואָס האָט געזאָגט, אַז איך בין אַ שיין מיידל...

— אַזאַ יאָר האָב איך, ווי שיין דו ביסט... — האָט יאָסל באַ־שטעטיקט און געקוקט מיט פֿײַערדיקע בליקן אויף איר.

— הערסט?... דער איינציקער, וואָס האָט פֿאַרשטאַנען, וואָס צו זאָגן מיר... זאָל איך נישט אָפּדאַנקען דערפֿאַר?... האַ, מאַמע. איך בין דאָך אַ ווילע... — האָט זי איראָניש אויסגעלאָזט.

די מוטער איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און דורך טרערן געמורמלט:

— טו, מײַן טאָכטער, ווי דו ווילסט...

יאָסל דער רויטער האָט אָנגעקוקט די אַלטע און, טראַכטנדיק אַ ווײַלע, איז ער צוגעגאַנגען צום טיש, אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער פֿויסט איבער אים און אַרויסגעשריגן:

— ווייַנט נישט, ייִדענע! איך וועל אײַך באַשע־ביילען היטן ווי דאָס אויג אין קאָפּ.

די מוטער האָט זיך אַ דערשראָקענע אַרויסגערוקט.

ער איז צוגעגאַנגען צו באַשע־ביילען און זיך אָנגערופֿן:

— זאָג דײַן מאַמען, זי זאָל נישט זײַן קיין יאָלדין...

באַשע־ביילע האָט זיך צעלאַכט פֿון דעם וואָרט. זי האָט זיך צו־געבויגן צו אים און מיט אַ לוסטיקן שמייכל געפֿרעגט:

— וואָס בין איך?

— אַ שיין מיידל ווי גאָלד! — האָט ער הויך געענטפֿערט.

— געדענק־זשע! — האָט זי לאַכנדיק אים געדראָעט מיט אַ פֿינגער — נישט קיין ווילע און נישט קיין שטילע, נאָר אַ שיין מיידל...

— אַ ווילע אויך! — האָט יאָסל צוגעלייגט.

— אָך, מײַן גאָט! ער אויך, ווי זיי אַלע! — האָב מיך נישט ליב פֿאַר מײַן שטילקייט און ערלעכקייט. האָסט דאָך ערשט נישט לאַנג

געזאָגט, אַז איך בין אַ שיין מיידל .. — האָט זי בײַ אים געמאָנט...

— אַוודאי אַ שיינע... — האָט ער צוגעגעבן — שיין ווי גאָלד, אָבער איך וויל דווקא אַן ערלעכע און אַ שטילע...

— דו ביסט אַזאַ שלעכטער, ווי אַלע! איך בעט דיך, יאָסל, דערמאָן מיר נישט מײַן ערלעכקייט. איך וויל זײַן אַ פֿריילעכע, ווי יענע מיידלעך, וואָס דו שטייסט מיט זיי בײַם טויער; איך וויל נישט זײַן קיין שטילע...

יאָסל האָט זי אָנגעקוקט פֿאַרוווּנדערט און גאָר נישט פֿאַרשטאַנען.

1910

ז. שניאור

## פֿאַרלאָזן

ראָמאַנס

זיץ איך מיר נאָך האַלבער נאַכט.
זיץ איך מיר אַליין און טראַכט,
אויפֿן האַרצן איז מיר שווער.
שלאָגט דאָס זייגערל איינס;
איינס, איינס, איינס...
אַ מאַנדל האָב איך גאָר אַ שיינס —
ליבט ער מיך ניט מער.

גיי איך אויס, איך גיי און לײַד —
סאָמעט-טישטעכלעך מיט זײַד;
אויפֿן האַרצן איז מיר שווער.
שלאָגט דאָס זייגערל צוויי:
צוויי, צוויי, צוויי...
ס׳קלאַפּט אין שויב אַ נאַסער שניי —
און ער קומט ניט מער.

לייען איך אַ מעשׂה־בוך:
פּרינצן, רויבערס, בלוט און שוך...
אויפֿן האַרצן איז מיר שווער.
שלאָגט דאָס זייגערל דרײַ;
דרײַ, דרײַ דרײַ..
אוי, ער איז מיר מער ניט טרײַ,
טראַכט פֿון מיר ניט מער.

שליוכץ איך שטיל, איך וויין און וויין.
אָט, אָט גייט ער!... ניין און ניין...
אויפֿן האַרצן איז מיר שווער.
שלאָגט דאָס זייגערל פֿיר;
פֿיר, פֿיר, פֿיר...
אַך, ווער שטויסט דאָס דאָרט די טיר?
ווינט... און קיינער מער.

ב. שעפנער

## וויצן

הומאָרעסקע

דערציילט האָט מיר די דאָזיקע מעשׂה אין אַ באַנצוג, וואָס האָט אין אַ טריבן שבתדיקן פֿרימאָרגן געפֿירט אַ ביסל וואַר־שעווער רעפֿערענטן מיט „גײַסטיקע שפּײַז" איבער דער ביאַליס־טאָקער ליניע. אַ חוץ רעפֿערענטן איז אין דעם וואַגאָן כמעט קיינער נישט געווען. בלויז אין אַ ווינקל איז עפּעס גע־זעסן אַ פּאַסאַזשיר און געדרימלט.

איינציקווײַז איז אין וואַגאָן געוואָרן שיטערער. די פֿאַר־שנייטע ליטווישע באַנסטאַנציעס האָבן אײַנגעשלונגען אין רעפֿע־

רענט נאָכן צווייטן. געבליבן זײַנען אין צוג בלויז איך און אַ דאָקטער־רעפֿערענט. מיר ביידע זײַנען געפֿאָרן ווײַטער. דער דאָקטער האָט מיר אָנגערופֿן אַ נאָמען פֿון אַ ווײַט ליטוויש שטעטל, ווו ער דאַרף הײַנט לייענען אַ רעפֿעראַט אויף דער טעמע: „די וועגן און אומוועגן פֿון דער מאָדערנער פֿרוי״...

— איר פֿאָרט נאָר מיט דער פֿרוי? — האָב איך זיך געחידושט — ווערליק איך ווייס, פֿלעגט איר דאָך אַרומפֿאָרן מיט פֿרוידן?

דער דאָזיקער דאָקטער איז געווען אַ ספּעציאַליסט אויף פּראָפֿעסאָר פֿרויד. ער האָט פֿרוידן געגומען אין אַרענדע און אים אַרומגעפֿירט איבער הונדערטער יידישע שטעט און שטעטלעך. געווען שטעטלעך, ווו די איינציקע פֿאַרלעזונג, וואָס איז דאָרט ווען־עס־איז פֿאָרגעקומען, איז געווען וועגן פּראָפֿעסאָר פֿרוידס טעאָריע. קינד און קייט זײַנען געקומען צו דער „לעזונג״, מיינענדיק אַז דאָס איז עפּעס אַ מין ספּיריטיסטישער סעאַנס. און דער סוף איז געווען, אַז די גאַנצע שטאָט איז „פֿאַרפֿרוידט״ געוואָרן. אַלע האָבן אָנגעהויבן ריידן פֿרוידיש. אַז אַ בחור האָט געוואָלט מאַכן אַ קאָמפּלימענט אַ מיידל, אַז זי איז אַ שיינע, האָט ער איז געקאָנט זאָגן:

— לויט מײַן הינטער־באַוווסטזײַן זײַט איר זייער אַ שיינע...

האָט זי אים צוריקגעענטפֿערט קאָקעטיש:

— איר האָט זייער אַ סימפּאַטישן הינטער־באַוווסטזײַן...

טאָמער אָבער האָט זי נישט געגלויבט, אַז ער מיינט עס ערנסט, האָט זי אָנגעבלאָזן די ליפּעלעך און זיך געברוגזט:

— איר זאָגט דאָס צוליב סוגעסטיע, אָן אַן ערנסטן באַוווסטזײַן...

געווען אַפֿילו שטעטעלעך, ווו עס איז צוליב דעם פּראָפֿעסאָר פֿרויד געקומען צו מחלוקת און אַפֿילו צו פּעטש. אין איין שטעטעלע, למשל, האָט דער עולם פֿון דאָקטערס ווערטער פֿאַרשטאַנען, אַז הינטער־באַוווסטזײַן איז אַ באַליידיקונג. אויף אַ זיצונג

פֿון ביבליאָטעק האָט איין פֿאַרוואַלטונג־מיטגליד אין אַ מאָמענט פֿון אויפֿרעגונג איבערגעריסן די רעדע פֿון אַ צווייטן פֿאַרוואַל־טונג־מיטגליד מיט אַ צווישנרוף:

— דאָס איז הינטער־באַוווסטזײַן!

נו, נו, איז געוואָרן לעבעדיק. עס איז שיִער נישט געקומען צו פּעטש. דער רעדנער האָט געשריגן, אַז פֿאַר אַזעלכע ווערטער דאַרף מען בײַ לײַטן אַרויסרופֿן אויף אַ דועל. דער סוף איז גע־ווען, אַז מענטשן האָבן זיך אַרײַנגעמישט און דער סכסוך איז ליקווידירט געוואָרן אויף אַ פֿרידלעכן אופֿן, נאָך דעם ווי דער באַליידיקטער האָט צוריקגעצויגן דאָס וואָרט...

צום מיינסטן האָבן זיך צוגעטשעפּעט צו דער פּראָווינץ די ווערטער „הינטער־באַוווסטזײַן" און „באַוווסטזײַן". שולדיק דערין איז געווען דער אַפֿיש, אין וועלכן עס איז אַנאָנסירט געוואָרן די פֿאָרלעזונג. זי האָט געהייסן אַזוי: „די וועגן און הינטערוועגן פֿון מענטשלעכן באַוווסטזײַן און הינטער־באַוווסטזײַן, לויט דער טע־אָריע פֿון פּראָפֿעסאָר פֿרויד". פֿון אויבן איז געווען אַנאָנסירט מיט גרויסע אותיות דער נאָמען פֿון „באַרימטן געלערנטן און גלענצנדיקן רעפֿערענט און פּרעלעגענט ד"ר..."; פֿון אויבן אַ דאָקטער, פֿון אונטן אַ פּראָפֿעסאָר און אין מיטן „באַוווסטזײַן" און „הינטער־באַוווסטזײַן" — האָט טאַקע דער אַפֿיש „גענומען" דעם עולם און זיך אַלעמען גוט אײַנגעקריצט אין זכרון.

דערפֿאַר האָט מיך געחידושט, ווען איך האָב געהערט פֿון דאָקטערס מויל, אַז ער האָט זיך געגעזגנט מיט פֿרוידן און זיך באַ־האָפֿטן מיט דער מאָדערנער פֿרוי.

— שווין־זשע — האָב איך אים געפֿרעגט — האָט דער „הינ־טער־באַוווסטזײַן" אויפֿגעהערט צו ציִען?

— ניין! — האָט ער מיר געענטפֿערט — ער ציט נאָך צו־פֿיל און טאַקע דערפֿאַר האָב איך מער נישט געקענט אויסהאַל־טן... וואָס מער מענטשן מײַן פֿרויד האָט אַרײַנגעצויגן, אַלץ מער מענטשן האָט ער אײַנגעשלעפֿערט... דער עולם איז געלאָפֿן

אויף בייז ווונדער. עס זײַנען געקומען מאַמעס מיט קינדער. עס איז געקומען יונג און אַלט, באַלמעלאָכעס און קרעמערס, באָ־בעס און כּלה־מיידלעך. די ערשטע פּאָר מינוט האָבן זיי נאָך אויסגעהאַלטן. באַלד אָבער, ווי נאָר איך האָב געפּרוווט אַ ביסל אַרומרײדן די טעאָריע פֿון פֿרוידן, האָט זיך אָנגעהויבן אַ געגע־צערײַ, אַז מיך אַליין איז אַ שלאָף באַפֿאַלן. פֿריִער זײַנען אײַנ־געשלאָפֿן די קינדער. שפּעטער די מאַמעס. נאָך דעם די עלטערע ייִדן און ייִדענעס. דאַן — די כּלה־מיידלעך. און בײַם סוף האָט עס שוין געהאַלטן בײַם פּאַרזיצער...

— וואָס דאַרפֿט איר מער? — האָט ער זיך פֿאַר מיר מודה געווען — איך האָב אַפֿילו געפּרוווט מיט וויצן, אָבער דאָס האָט אויך נישט געהאָלפֿן...

— וויצן? — האָב איך זיך געוווּנדערט — ווי קומט פֿרויד צו וויצן?

— ווער זאָגט דען אײַך — האָט ער מיר געענטפֿערט — אַז פֿרויד קומט? איך קום... אָט וועל איך אײַך טאַקע דערציילן, וואָס איך האָב געהאַט מיט צוויי וואָכן צוריק, טאַקע דאָס לעצטע מאָל, ווען איך האָב זיך געזעגנט מיט פֿרוידן.

און וואַרפֿנדיק אַ פֿאַרדעכטיקטן בליק אויף דעם שלאָפֿנדיקן פּאַסאַזשיר אין וואַגאָן, ווי ער וואָלט אים חושד געווען, אַז דאָס איז ער אײַנגעשלאָפֿן בײַ פֿרוידן, האָט ער אָנגעהויבן דערציילן.

— מיט עטלעכע וואָכן צוריק איז צו מיר געקומען אַ בחור און מיך אײַנגעלאַדן אויף אַ פֿאַרלעזונג אין אַ קליין שטעטעלע פֿון קעלצער געגנט. דער בחור אַליין איז אַ געוועזענער באַלעגאָלע, וועלכער איז געוואָרן אַ שותּף צו אַ לאַסטאויטאָ, וואָס פֿירט סחורות קיין וואַרשע. דערפֿאַר טאַקע האָט די אומפּאַרטיייִשע ביבליאָטעק אים באַפֿולמאַכטיקט מיך אײַנצולאַדן. „בײַ אײַך, — פֿרעג איך — זײַנען שוין עפּעס פֿאַרגעקומען פֿאַרלעזונגען?“. ענטפֿערט ער מיר, אַז מיט דרײַ יאָר צוריק איז בײַ זיי פֿאַרגעקומען אַ פֿאַרלעזונג וועגן דאָסטאָיעווסקין... דערפֿאַר טאַקע איז די שטאָט שטאַרק

אויסגעהונגערט, מען בענקט נאָך אַ נײַ וואָרט און איך קאָן רעכענען אויף אַ גרויסן מאָראַלישן דערפֿאָלג. דער עיקר — זאָגט ער — זאָל איך אים געבן שטאַרקע און אינטעליגענטע טעזיסן, ווײַל זייער שטעטל, הגם עס איז קליין, האָט ליב „שטאַרקע טעזיסן". בקיצור, איך האָב אים געגעבן „שטאַרקע טעזיסן", איך האָב אָפּגערעדט אַ פּרײַז, באַשטימט אַ טערמין און מיט צוויי וואָכן שפּעטער בין איך אַהין געפֿאָרן. קיין באַן דערגייט נישט צו דעם שטעטלע. מען דאַרף צופֿאָרן מיט אַ פֿורל זעקס און צוואַנציק קילאָמעטער. פֿאַרשטייט זיך, אַז געזאָגט האָט מען מיר, אַז עס קורסירט אַן אויטאָבוס. פֿאַרפֿאַלן, איך וועל דאָך נישט נעמען צוריקפֿאָרן. האָב איך זיך געשלעפּט אויף מײַן פֿורל און זיך דערבײַ געטראַכט מיט צופֿרידנקייט, אַז פֿרויד וועט פֿריִער אָנקומען אין שטעטל אַרײַן ווי די באַן...

— מילא... — האָט ער ווײַטער דערציילט — ווי אַזוי די באַגעגעניש איז פֿאָרגעקומען, ווי אַזוי מען האָט מיך אַרומגעפֿירט איבערן שטעטעלע, דאָס אַלץ דאַרף איך דאָך ערשט נישט דערציילן. איין נס נאָר, וואָס דאָס שטעטעלע איז געווען אַזוי קליין, אַז אויף אַרומצופֿירן מיך דרײַ מאָל אין דער לענג און אין דער ברייט האָט געקלעקט איין שעה. ענדלעך איז מען אַוועק אין זאַל פֿון די כּײַערלעשער און דאָ האָב איך זיך איבערגעצײַגט, אַז דער באַלעגאָלע, וואָס האָט מיך געדונגען, איז געווען גערעכט. דאָס שטעטעלע איז טאַקע, ווי עס זעט־אויס, געווען אויסגעהונגערט נאָך אַ פֿריש וואָרט. דער זאַל איז געווען געפּאַקט. קינד און קייט איז געקומען. מען איז געשטאַנען אין די דורכגענג און אַפֿילו אויף דער סצענע. ייִדענעס אין פּאַרוקן און אַפֿילו אין קופּקעס זײַנען געקומען. איך האָב זיך קוים צוגעשלאָגן צו דער סצענע. די וואַרעמע אויפֿנאַמע און די שטאַרקע אָוואַציעס האָבן מיך געשטאַרקט און איך האָב אָנגעהויבן מיט קוראַזש.

— אָבער — האָט ער ווײַטער גערעדט — עס איז גענוג געווען, איך זאָלריידן בלויז פֿינף מינוט, כּדי איך זאָל דערפֿילן, אַז

עס ווערט מיר קאַלט. איך האָב געזען באַשײַמפּערלעך, אַז דער עולם גליטשט זיך מיר אַרויס פֿון אונטער די הענט. איר מיינט, אַז מען האָט געטומלט, געשריגן? פֿאַרקערט, עס איז געווען אַזוי שטיל, אַז מען האָט אַפֿילו געהערט, ווי אין דרויסן רופֿט דער שמש מנחה־דאַוונען... אָבער דווקא די דאָזיקע שטילקייט האָט מיך גע־שראָקן. עס איז עפּעס געווען אַזאַ טרויעריקע, מידע שטילקייט. יעדעס מאָל האָב איך זיך באַגעגנט מיט אַ פּאָר אויגן, וואָס האָבן אויף מיר געקוקט מיט אַזוי פֿיל געבעט און שלאָף־בענקשאַפֿט, אַז ס׳האָט דאָס האַרץ אַזש פֿאַרקלעמט. זיי האָבן זיך ממש ווי געבעטן: „אפֿשר וואָלט איר דערלויבט אַ דרימל טאָן? וואָס קאָן עס אײַך שאַטן? מיר הערן דאָך סײַ־ווי נישט"... אָבער זיי האָבן נישט געוואַרט אויף מײַן דערלויבעניש. יעדע פּאָר מינוט האָבן זיך אַ פּאָר אַנדערע אויגן פֿאַרשלאָסן, עפּענענדיק זיך פֿון מאָל צו מאָל אויף אַ ווײַל אַ ביסל פֿאַרשעמט און צעשראָקן, כּדי זיך באַלד ווידער צו פֿאַרמאַכן. דאָס איינציקע ביסל לעבן האָבן אַרײַנגעבראַכט די קינדער, וועלכע האָבן אין אָנהייב נישט־דרייסט און שפּעטער אַלץ דרייסטער אָנגעהויבן צופֿן די מאַמעס בײַ די שאַלן: מאַמעשי, אַהיימגיין"... „מאַמעשי, קום"... דערזען אַזאַ מעשׂה, הייב איך אָן ריידן העכער, שטאַרקער, וועלנדיק נעמען דעם עולם מיט שטורעם. איך האָב איצט גערעדט וועגן חלומות. דאָס האָט געהאַט אַ שטיקל ווירקונג. אין זאַל איז געוואָרן רויִק. עטלעכע שלאָפֿנדיקע האָבן זיך אַפֿילו אויפֿגעוועקט און זיך שטאַרק גענומען אײַנהערן, מיט אַ מאָל דערהערט זיך פֿון אַ ווינקל אַ קינדעריש געוויין:

— מאַמעשי, כ׳האָב מורא!...

מיר ווערט פֿינצטער פֿאַר די אויגן. דערצו האַלט איך נאָך פֿון פֿאַרנט. עס איז נאָך אַ מעשׂה אויף אַנדערטהאַלבן שעה... אָבער דאָ איז מיר אײַנגעפֿאַלן אַ פֿאַרצווייפֿלטער געדאַנק. סײַ ווי —טראַכט איך זיך— וועל איך הײַנט פֿון פֿרוידן שוין קיין נחת נישט דערלעבן. בעסער לאָזן שטיין פֿרוידן און זיך אַליין ראַטע־ווען... און איך האָב באַשלאָסן אָנצוהייבן דערציילן וויצן. איך

וועל דערציילן אַלע וויצן, וואָס איך האָב ווען עס איז געהערט און געלייענט. דאָס וועט אפֿשר דעם עולם אויפֿמונטערן.

— און שטעלט אייַך פֿאָר — דערציילט ער ווייַטער — אַז עס האָט געהאָלפֿן. ווען איך האָב דערציילט דעם ערשטן וויץ מיט אַן אַרענדאַר, וואָס האָט גענומען אַ חסידישן אידעם אויף קעסט, האָט דער עולם געהערט מיט אַ האַלב אויער, חושד זייַענדיק, אַז דאָס איז אויך אַ שטיק פּרויד. אָבער וואָס ווייַטער איז דער חשד קלענער געוואָרן און די אויפֿמערקזאַמקייט גרעסער. ווען איך האָב דערציילט דעם צווייטן וויץ וועגן אַ פּריץ, וואָס האָט געהאַט אַ בייזן הונט, האָב איך געפֿילט, ווי דער עולם האָט אויפֿגעלעבט, ממש תחית־המתים. מיט דער האַנט האָט מען געקאָנט אָנטאַפּן די ענדערונג. ווער געגעצט, וואָס געגעצן? אַפֿילו די קינדער האָבן זיך באַרויִקט און מיר אָנגעהויבן קוקן אין מויל אַרייַן.

אָבער דעם גרעסטן דערפֿאָלק האָט געהאַט דער דריטער וויץ, וועגן אַ יונגן מאַן, וואָס האָט זיך פֿאַרליבט אויף אַ מאַסקנבאַל אין זייַן אייגענער שוויגער. איך האָב געפֿילט, אַז איך בין געראַטעוועט. דער עולם האָט האַרציק געלאַכט, אַז עס איז מיר אַזש ליכטיק געוואָרן אין די אויגן. אָבער דאָ איז געקומען דאָס אומגליק. אין מיטן געלעכטער האָט זיך פּלוצלינג דערהערט אַ בייז קול פֿון דער סצענע:

— כאַמאַלעס! שעמען מעגט עך ענק! עך מיינט, אַז ס'איז „כינקע פינקע"? ס'איז דאָך אַן ערנסטע „לעזונג"! שווייַגט...

דאָס האָט געשריגן דער באַלעגאָלע, וואָס האָט מיך געדונגען און וואָס איז טאַקע געשטאַנען די גאַנצע צייַט אויף דער סצענע און מיט אַ שטרענגער און פֿייַערלעכער מינע אַראָפּגעקוקט אויפֿן עולם.

אין זאַל איז מיט אַ מאָל שטיל געוואָרן. דאָס געלעכטער איז ווי אָפּגעשטאָרבן אויף אַלעמענס פּנימער. בלויז איינצלנע ערנסטע שטימען האָבן זיך געהערט: „ריכטיק", „אַ שאַנדע", „וואָס וועט מען זיך וועגן אונדז טראַכטן?"...

וואָס איך האָב דעם יונג געווונטשן אין יענער מינוט, קאָנט איר זיך אַליין אָנשטויסן. איך האָב פֿון דעסט וועגן נאָך נישט געהאַט פֿאַרלוירן די האָפֿענונג און גענומען ווײַטער דערציילן וויצן. אָבער — עס האָט מער נישט געהאָלפֿן. קיינער האָט מער נישט געוואַגט אַ לאַך צו טאָן. דער עולם האָט געביסן די ליפּן און פֿאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. אויב עמעצער האָט געפּרוווט געבן אַ לאַך, האָט אַ שכן אים אַ שטאַרך געטאָן היגטערווײַלעכץ:

— שווײַג!... דו מאַכסט אונדז אומגליקלעך...

אייניקע האָבן בכיוון אַראָפּגעלאָזט די קעפּ, כּדי איך זאָל נישט זען, ווי זיי כאַפּן אַ דרימל. אַנדערע, די מער־דרייסטע, זײַנען געשלאָפֿן פֿראַנק־און־פֿרײַ. און ערשט ווען איך האָב געענדיקט, האָבן זיי זיך אויפֿגעכאַפּט און גענומען אַזוי שטאַרק אַפּלאָדירן, אַז איך האָב געמיינט, די ווענט שפּאַלטן זיך. מיט דעם האָט מען מיך געוואָלט איבערבעטן פֿאַרן לאַכן. אָבער מיט דעם האָט זיך עס נאָך נישט געענדיקט. פֿאַרן אַוועקפֿאָרן איז נאָך צו מיר געקומען אַ דעלעגאַציע מיטן באַלעגאָלע אין דער שפּיץ און מיר געמאָלדן פֿײַערלעך:

— מיר האָבן בײַ אײַך געוואָלט בעטן אַנטשולדיקונג. מיר האָבן דעם כּבֿוד אײַך צו מעלדן אָפֿיציעל, אַז געלאַכט האָבן בלויז די אומבאַוווסטזיניקע און די נישט־ציוויליזירטע עלעמענטן. די מערהייט באַוווסטזיניקע עלעמענטן האָבן נישט געלאַכט.

— זינט דעמאָלט — האָט דער דאָקטער־רעפֿערענט פֿאַרענדיקט זײַן דערציילונג — האָב איך באַשלאָסן אָפּצוהאָקן מיט פֿרוידן און זיך גענומען צו דער מאָדערנער פּרוי. דאָ האָב איך כאָטש אַ האָפֿענונג, אַז ווען איך וועל דערציילן אַ וויץ, וועט דער עולם זיך דערלויבן צו לאַכן...

וואַרשע 1936

יעקב־שמואל טויבעס (טויביש)

# יידישע לימעריקס[1]

פֿון בוך „צוויי מאָל ח״י“

## אין אַ לימעריק קען מען אַזוי...

אין אַ לימעריק הייסט איינער מענדל,
הייסט זײַן פּלוניתטע זיכער גנענדל;
אויב ס׳איז שלום אין שטוב,
דאָס פּאָרפֿאָלק האָט זיך ליב,
באַקט זי לאַטקעס פֿאַר אים אין אַ פֿענדל...

## און אַזוי...

אָבער אויב אַ מאָל מאַכט זיך, אַז מענדל
איז אַ זשוליק — וואָס טוט דאָ גנענדל?
נישט זי בראָט, נישט זי באַקט,
נאָר זי נעמט און זי האַקט
און צעהאַקט אים דעם קאָפּ — מיטן פֿענדל...

[1] לימעריק איז אַ ליטעראַרישער זשאַנער פֿון פּאָעזיע ענלעך צום עפּיגראַם אָדער קאַטאָווטסל, מערער אויסגעשטעלט אויף קלאַמפּערשטן נאָנסענס. ער באַווײַזט זיך בײַם אָנהייב פֿון 18טן יאָרהונדערט. לויס קעראָל, אויטאָר פֿון בוך „די אַוואַנטורעס פֿון עליס אין וווּנדערלאַנד“, און עדוואַרד ליר, מחבר פֿון „נאָנסענסן־בוך“, האָבן אַרײַנגעפֿירט דעם זשאַנער אין דער ענגלישער ליטעראַטור. י. ש. טויביש, זון פֿון לייבל טויביש, וועלכער האָט אַ סך בײַגעטראָגן פֿאַר דער יידישער ליטעראַטור און געווען אַ שם דבר אויף דער יידישער שפּראַך־קאָנפֿערענץ אין טשערנאָוויץ, אין 1908, איז געבוירן געוואָרן אין קאָלאָמיי 1898, געדינט אין 1טן וועלטקריג, ערב 2טן וועלטקריג זיך געראַטעוועט פֿון דאַכאַו־לאַגער און דורך ענגלאַנד אַריבער אין פּ״ש. אַ לומדישער און פּאָלעמישער פּאָעט און עסייִסט, שאַרפֿזיניק.

## נאָנסענס־לימעריק

אונדזער לימעריקס ריטעם און ראַם,
מיט זײַן טראַפּ, זײַן געממזרטן גראַם,
איז דער בעסטער באַווײַז,
ס׳איז פֿאַראַן משוגעת
גאַנץ אָן תּוכן און פּאָרט מיט אַ טעם.

## פֿון קלאַנג צום געדאַנק

אָט אַזוי איז דעם לימעריקס גאַנג:
מען הייבט־אָן מיט אַ גראַם, מיט אַ קלאַנג,
אָבער אײדער וואָס־ווען,
נאָך אַ דריי מיט דער פּען
ווערט געבוירן פֿון גראַם — דער געדאַנק!

## פֿרומער לימעריק

ס׳איז אַ ווערטל אַהער און אַהין — — — —
נאָר דער מײן פֿון דעם דאָזיקן מין
איז, אַז קודם קומט „מעשׂה"
און ערשט אַחר־המעשׂה
ווערט מען משׂיג זײַן, וואָס מ׳האָט געטאָן!...

## אויף טאָטעריש

מיט דעם ייִדיש פֿון זיידע און פֿאָטער
ווערט איר קיין מאָל פֿון גלות נישט פּטור;
אָבער רעדט איר איווריט [2],
דאַן דערוויסט מען זיך ניט,
צי איר זענט אַ ייִד צי אַ טאָטער!

נ״י 1962

[2] שרײַבט בכיוון עבֿרית מיט אַ פּאָנעטישן אויסלייג. — רעד׳.

פרץ מאַרקיש

# ניט געדאגהט!

## אַ סצענע

ביי מענדעלען אין שטוב. מענדעלע לערנט זיך שרייבן. מענדל רייניקט דאָס וויגעלע

מענדעלעכע: זע, מענדל, אַזוי שרייבט מען אַ מעם?

מענדל: רייניקט און זינגט שטילערהייט. איי־איי, טויבן פּאָרן, איי־איי, טויבן פּאָרן / קומט צו מיר צוריק צו פֿליען / יונגע מײַנע יאָרן! די מעם, פֿרעגסטו, מענדעלעכע? די מעם? און וואָס זאָגסטו עפּעס אויף אונדזער וויגעלע? נאָך גאָר אַ וויל וויגעלע... איי־איי, טויבן פּאָרן, פּאָרן...

מענדעלעכע: וואָס עפּעס פּלוצעם דאָס וויגעלע? מענדל! קוק נאָר אַהער, זע די מעם...

מענדל: נאָך גאָר אַ וואַזשנע וויגעלע! וואָס זאָגסטו, מענדעלעכע? איי־איי, טויבן פּאָרן...

מענדעלעכע: וואָס ווילסטו, זאָל איך זאָגן? אַ וויגעלע, ווי אַלע וויגעלעך...

מענדל: זינגט, איי, ווערטײַטעס, איי, ווערטײַטעס, גאָדאַ מאָלאָ־דאַיאַ[1]... סע ווײַזט־אויס, מענדעלעכע, זינגט בודיאָנעס[2] מאַרש — ס׳ווײַזט־אויס, אַז מיר׳ן שוין דאָס וויגעלע, טרעבאַ בודע שאַנו־וואַטע[3] — ניט באַדאַרפֿן...

מענדעלעכע: דאַרפֿן, ניט דאַרפֿן! מער ליגט דיר ניט אין קאָפּ! אַבי ער האָט זיך צעזונגען!

---

[1] (טײַטשט־איבער אויף אַ גרײַזיקן רוסיש) קערט זיך אום, יונגע יאָרן! — [2] סאָוועטישער גענעראַל. — [3] וועט מען דאַרפן אָפּהיטן.

מענדל: סע זינגט זיך עפּעס, מענדעלעכע... שוין ניט פֿאַר אונדז, זינגט זיך... פֿאַר סאָרציניו [4]

מענדלעכע: גיט זיך אַ כאַפּ. טאַקע נאָך גאָר אַ גוט וויגעלע...

מענדל: סע דערמאָנט מיר, דאָס וויגעלע, אין די יונגע יאָרן... און איך גיב זיך מיר אַ רעכן־איבער, וואָס מיר זײַנען דאָ אויסגע־שטאַנען! ברינעמער און טריקעניש און פֿאַרטרינקענישן און היי־שעריקן און...

מענדלעכע: היישעריקן! אַקוראַט ווי דו האָסט זיי געזען, די היישעריקן!

מענדל: ווי האָב איך זיי געקאָנט זען, די היישעריקן, אַז איך האָב געשריגן!

מענדלעכע: מע זאָגט, אַז זיי גייען פֿונעם חומש, די היישעריקן. ס׳זאָל טאַקע זײַן אַן אמת?

מענדל: אַלע היישעריקן גייען פֿונעם חומש! פּאַוואָליע, מענדעלע־כע, קריץ ניט אַזוי מיט דער פּען! זע נאָר, וואָס פֿאַר אַ מעם האָסט עס אויסגעריסעוועט [5]!

מענדלעכע: ווו קריץ איך מיט דער פּען?

מענדל: אַז ניט אַזוי גייט אַ מעם! קויף דיר אַ פּען! קויף דיר, בעט איך דיך, אַן אייגענע פּען, און שרײַב דיר און קריץ דיר, און ווי דו ווילסט אַליין!

מענדלעכע: כ׳בעט שוין בײַ דיר קיין טובֿות ניט.

מענדל: אַז וואָס פֿאַר אַ מעם, דאַרף מען דאָך פֿריִער וויסן? אַ פּראָסטע מעם צי אַ שלאָסמעם?

מענדלעכע: וואָס דאַרף איך עפּעס מאַכן פּראָסטע מעמען, אַז איך קאָן זיך מיר פֿאַרגינען מאַכן אַ שלאָסמעם!

מענדל: טאָ מאַך־זשע אַזוי, מענדעלעכע. אַ שלאָסמעם איז אַזוי ווי אַ פֿעסעלע און בײַ דער זײַט אַ קאָראָמיסעלע [6]. אָט אַזוי, מאַך,

---

[4] שרהצעניו (שרהלע טײַערע). — [5] אָנגעצייכנט. — [6] אַ שטעקן פֿאַר עמערס אויף ביידע עקן, און דעם שטעקן פֿאַרלייגט מען אויפֿן נאַקן.

מענדעלעכע! נאָר קריץ ניט אַזוי מיט דער פּען. און מאַך זי מיר ניט קאַליע!

מענדעלעכע: גיי שוין אַוועק פֿון מיר. כ׳וועל זיך שוין באַדרייען אָן דײַנע פּעסעלעך און אָן דײַנע קאָראָמיסעלעך״!

מענדל: מענדל גייט־אַוועק און קערט זיך אום צוריק. רעדט הינ־טער מענדעלעכעס פּלייצע. נו, גוט, מענדעלעכע. לאָז זײַן אַזוי. זאָג מיר נאָר, סע שווינדלט דיר ניט אין די אויגן, האַ?

מענדעלעכע: סע שווינדלט מיר ניט אין די אויגן. און אַז סע שווינדלט מיר יאָ אין די אויגן?

מענדל: צאַרט. הערסטו, מענדעלעכע, אין סטעפּ איז מיר עפּעס טײַער און ליכטיק. אין פֿעלד קאָן איך דערזען אַ פֿערד אויף אַ גאַנצן ווערסט[7]! אָט דיך, למשל, זע איך אפֿשר אויף דרײַ ווערסט פֿון דער ווײַטן, ווען דו טראָגסט מיר עסן. כ׳דערקאָן דיך גלײַך, ווי דו גייסט זיך אײַנגעבויגן. און דאָ אויפֿן פּאַפּיר, בײַ דעם לאָמפּ, מיט אָ־די אָ קליינע אותיותלעך, שווינדלט מיר עפּעס אין די אויגן. וואָס־זשע? ס׳איז פֿאַר מײַנע אויגן? פּויזע. איך רעכן שרײַבן אַ בריוו צום זון צו דײַנעם, ער זאָל אונדז אַרויסשיקן אַ בריל. אַ בריל! נאָר איך דריי זיך עפּעס מיט דער דעה.

מענדעלעכע: וואָס־זשע האָסטו זיך פּלוצעם אָנגעהויבן דרייען מיט דער דעה?

מענדל: זעצט זיך נעבן איר. אָט אַזוי, פֿאַרשטייסטו מיך, איך גיב זיך מיר אַ טראַכט, וואָס האָב איך אויסגעפּייעט[8] אויף דער וועלט? ס׳קומט אַרײַן כתריאל. אָט איז כתריאל. זעץ זיך, כתריאל! ס׳אַן אָבשטשעסטווענער[9] ענין, די שלאָסמעם. זעסט?

כתריאל: כ׳בין דיר געגאַנגען עפּעס זאָגן און ס׳האָט זיך מיר אַרויסגעגליטשט פֿונעם קאָפּ אין מיטן וועג. גיט אַ ווונק צו מענדלען.

---

[7] וויאָרסט (רוסישע וועגמאָס). — [8] דערגרייכט. — [9] אַלגעמיינער.

זיי גייען ביידע אָפּ אין איין זייט. מענדל, מע פֿירט שוין, מע פֿירט, מע פֿירט די כודאָבע[10]!

מענדל: נו, וואָס־זשע וואָלסטו געוואָלט, כתריאל, זי זאָל אַליין גייִן, די כודאָבע?

כתריאל: ניין, איך מיין, אַז דאָס, וואָס מע פֿירט שוין, דאַרפֿן מיר דאָך אויך עפּעס אַ טראַכט טאָן וועגן פֿירן, ווײַל פֿירן אַ בהמה איז דאָך עפּעס ניט גלאַט פֿירן...

מענדל: נו, האָסטו אַ ביסל אָנגעפֿירעוועט, פּונקט ווי דו דאַרפֿסט אַוועקפֿירן ניט קיין בהמהלע, נאָר צען וואַגאָן לייבן מיט לעמפּערטן!

כתריאל: איז וואָס־זשע טוט מען, מענדל?

מענדל: איז גיט מען זיך אַ צייל־איבער און מע פֿירט! איך בין נאָך מיט מענדעלעכען ניט אין גאַנצן פֿאַרטיק! קום־אַהער, וועלן מיר זי אין צווייען אַ נעם טאָן! זיי גייען־צו צו מענדעלעכען. זעצן זיך נעבן איר. זיץ, כתריאל! אָט קוק איך אויף אונדזער שטיבל און אויף אונדזער ביסל האָרעוואַניע און דערמאָן זיך, אַז מע דאַרף שוין ווידער אַ מאָל איבערציילן דאָס ביסל אָרעמקייט!

כתריאל: צייל, צייל, מענדל! אַז מע לעבט מיט חשבון, שטאַרבט מען מיט ווידוי!

מענדעלעכע: אַז מע האַלט אין איין ציילן! אָט ערשט, דאַכט זיך, אַז מיר זײַנען אַרויסגעפֿאָרן פֿון טאַלנע, האָבן מיר איבערגע־ציילט, וואָס מיר פֿירן־אַרויס, און איצט דאַרף מען שוין ווידער אַ מאָל איבערציילן, וואָס מיר פֿירן־אַרײַן.

מענדל: אין קאָלכאָז[11], פֿאַרגעס ניט צו זאָגן, מענדעלעכע, אין קאָלכאָז! ס׳איז גאָר עפּעס אַנדערש!

כתריאל: חשבון מאַכט ניט אויס! ס׳איז נאָר די זאַך, ווי מע מאַכט אים!

---

[10] באַלעבאַטישקייט. — [11] פֿאַרקירצונג פֿון די ווערטער: „קאָלעקטיוונאָיע כאָזיײַסטוואָ״, קאָלעקטיוועווירטשאַפֿט אין פֿעלד.

מענדל: אָט, וועדליג סאָרצי און ראַנדעל מאַכן דעם חשבון, קומט ער אַרויס גאָר ניט שלעכט, וואָס מיר אַלע אָרעמע פּויערים...

כתריאל: און סערעדניאַקעס[12].

מענדל: יאָ, און די סערעדניאַקעס גייען־אַרײַן אין איין קאָמפּאַניע!

כתריאל: אַרטעל, מענדל!

מענדל: יאָ, אַרטעל, כתריאל!

מענדעלעכע: וואָס איז אויף זיי דאָס גוטסקייט?

מענדל: ניט אַזוי דאָס גוטסקייט, ווי דאָס לעבן איז עפּעס גאָר אַן אַנדער לעבן!

מענדעלעכע: אַבי אַן אַנדער לעבן! אָט זעסטו? סאָרצי איז אונדז אַ גוטער פֿרײַנד, און ראַנדעל איז אונדז אַ גוטער פֿרײַנד, און ביידע פֿאַרשטייען זיי ניט, אַז אַ בהמה, אַז זי שטייט אין שטאַל, איז אַ ליכטיקייט אין שטוב...

מענדל: בהמה! און אַזוי וועט זי דען ניט שטיין אין קיין שטאַל? שטאַל? אין אַ פּאַלאַץ, ניט אין קיין שטאַל. און מיט 119 חבֿרטעס בהמות אין איין קאָמפּאַניע!

כתריאל: אונדזער ניט־געדאַגהט וועט דעמאָלט אַזוי ווי אַ פֿאַבריקע פֿון ערד, אַ פֿאַבריקע פֿון קאַלאָניסטן, אַ פֿאַבריקע פֿון ברויט און פֿון מילך, און פֿאַרשפּאָרסט פֿירן אויפֿן מאַרק דאָס ביסל מילך, און פֿאַרשפּאָרסט זיך פּאָרען אַ גאַנצן טאָג בײַ דער קו, ווײַל —

מענדל: ווײַל אַלע בהמות וועלן דעמאָלט אַזוי ווי איין גרויסע בהמה, און מע...

---

[12] אַן איינצלנער פּויער אָדער אַ משפּחה, וואָס אַרבעט אַליין, אויסערן קאָלכאָז (אַ קלאַס צווישן „קולאַק" און אָרעמען פעלד־אַרבעטער).

כתריאל: ס׳איז מיר נאָר אַ שטיקל באַליעז[13], וואָס ווי באַלד אַזוי וואָלט איך מיר סמעלעווע[14] געוועזן געקאָנט פֿאַרקויפֿן איין קו און כאָטש עפּעס אַרויפֿציִען אויפֿן לײַב! און וואָס וואָלט מיר אויסגעמאַכט, ווען איך גיי אַרײַן אין אַרטעל[15] מיט איין בהמה? נאַפּראָסטיוו[16] נאָך מער פּאָטשאָט[17] בײַ דער וולאָסט[18]!

מענדעלעכע: פֿאַרטראַכט. סע קומט מיר נאָר אויס אַ ביסל סומנע דאָס נעמען און אַרויספֿירן די קו פֿונעם שטאַל און זי אַוועקפֿירן אַהין. אַז איך בין געוווינט די קו זאָל קומען אַהיים און זיך אַוועקשטעלן, און דאָ דאַרף זי זיך שוין גאָר אָט־אָט אָפּקעלבן...

כתריאל: אָבער דערפֿאַר, אַז מײַנע פֿאַרלאָזט זיך מיר, איז נעם איך מיר ווי אַ באַלעבאָס פֿון אַלע 119 קאָמפּאַניסקע בהמות. דאָס איז דאָך אומיסטן געמאַכט געוואָרן אַזוי ווי אין שותּפֿות מיטן פּלאַן!

מענדל: נאָך בעסער פֿון שותּפֿות!

מענדעלעכע: איז וואָס וואָלט זיי געאַרט, אַז זאָלסט טאַקע זײַן אַ שותּף, נאָר די בהמה זאָל שטיין בײַ אונדז אין שטאַל! אַז זי דאַרף זיך שוין יעדן טאָג אָפּקעלבן!

כתריאל: אײַ, ביסט עפּעס אַ זשענשטשינע[19]!

כתריאל: נו, איך וועל גיין! ס׳איז מיר נאָר אַ באַליעז מיט דער אַנדערער קו! אַפּ.

לערערקע: גייט־אַרײַן און חיימקע שאָפֿער, וואָס טראָגט גרויסע ברילן. וואָס זעט מען אײַך ניט מיט דער בהמה? בײַ לוקאַצקין איז שוין פֿול דער הויף.

מענדל: אַ לעבן אויף דיר, חנהקעלע! זייער גוט, וואָס ביסט אַרײַנגעקומען. צו מענדעלעכען. זעסט שוין?

לערערקע: וואָס איז אַזוי גוט?

מענדל: וועסט מיר אויף אַ מינוטקעלע אָנשרײַבן אַ בריוו!

---

[13] ווייטיק. [14] געוואַגט. — [15] אַ פֿאַבריקל, ווו אַלע, וואָס אַרבעטן, זײַנען גלײַכע שותּפֿים. — [16] פֿאַרקערט! — [17] אָנזען. — [18] מאַכט. — [19] אַ פּרוי (אַ צעקראַכענע).

לערערקע: וואָס עפּעס איך? און איר אַליין?

מענדעלעכע: ס'האָט זיך אים צעשווינדלט אין די אויגן, פּלוצעם!

מענדל: אָט טאַקע מכּוח דעם וועסטו מיר אָנשרײַבן אַ בריוו, חנהקעלע! חיימקע, ווײַז מיר נאָר אָנמעסטן דײַן בריל. נעמט די ברילן. טוט זיי אָן. כ'פֿאַרשטיי גאָר ניט, ווי מע קוקט אין אַזעלכע ברילן! חיימקע, דו זעסט עפּעס אין זיי?

חיימקע: זעצט זיך אַרויף אויפֿן טראַקטער, חבֿר מענדל, וועט איר דערזען! נו, ווײַזט זיי אַהער. נעמט די ברילן. נו, איך וועל גיין. אָפּ.

לערערקע: נו, חבֿר מענדל, אויף גיך! ס'איז שוין שפּעט. זי זעצט זיך בײַם טיש, נעמט פּאַפּיר. נו, זאָגט, חבֿר מענדל, וועל איך שרײַבן!

מענדל: אַ לעבן אויף דיר, חנהקעלע, שרײַב אַזוי. צו מײַן עלטערן זון, חנא...

לערערקע: נו.

מענדל: הקיצור, שרײַב אים, חנהקעלע, מיר ווערן דאָ גאַנצע לײַט! שוין איין מאָל! שרײַב אים נאָך אַרײַן, אַז ער וואָלט גאָר ניט דערקאָנט ניט־געדאַגהט!

לערערקע: ער איז שוין דען געווען אַמאָל אין ניט־געדאגהט?

מענדל: ניין, חנהקעלע! סע רעדט זיך נאָר אַזוי! און איצטער שרײַב אים וועגן אונדזער קאָלכאָזל. און אויב סע וועט זיך דיר טרעפֿן ערגעץ אָפּקויפֿן אַ בריל, אין די פּרײַזן, ניט טײַער, איז קויף זי פֿאַר אונדזערט וועגן, ווײַל ס'איז אַזאַ פּרעדמעט[20], וואָס מע קאָן אים ניט קריגן אין גאַנץ ניט־געדאגהט. שרײַבט ווײַטער, חנהקעלע, אַזוי איז דאַנקען גאָט. דער פּאָסיעוומאַט[21] ליגט שוין אין אַמבאַר[22]. יאָ, און די קו איז שוין אָט־אָט... אַ ליאַדע טאָג... וועט שוין אין ניט־געדאגהט זײַן 121 בהמות, און די מאַמע דײַנע

---

[20] זאַך. — [21] אַלץ וואָס מ'דאַרף האָבן פֿאַרן פֿאַרזיי. — [22] שפּײַכלער.

מאַכט אַ שלאָסמעם — אַן אַנטיק אין ניט־געדאגהט. שיק־זשע אונדז אַרויס אַ בריל, זי זאָל שוין טויגן אי פֿאַר מיר אי פֿאַר דער מאַמע פֿאַר דײַנער. ממני אָביך מענדל קרעסטיאַנין[23]. אַדרעסאָטי[24] — ניט־געדאגהט.

לערערקע: שוין? נו, אַ בריוו!

מענדל: אַ בריוועניק, חנהקעלע!

לערערקע: איז אָנגעטאָן זיך און געגאַנגען. קומט, מענדעלעכע. געניוג געשריבן!

מענדל: גיי דערווײַל, חנהקעלע, אַליין. אַ לעבן אויף דיר! איכ׳ל באַלד אונטערקומען. וואָס זאָגסטו עפּעס אויף מײַן בינעמקען? האַ? שוין אַ גאַנצער אַגראָנאָם!

לערערקע: יאָ, אַן אַגראָנאָם! אַן אַגראָנאָם! נו, גענוג, איך לויף!

מענדל: דו זעסט, מענדעלעכע!

מענדעלעכע: נו, מילא, נו!... לאָז זײַן אַזוי. אויב עס איז בעסער, איז גיי גיב זיי אַ רוף!

מענדל: נעמט דאָס וויגעלע. זינגט „איַי, ווערטײַטעס, / אַיַי, ווערטײַטעס / גאָדאַ מאָלאָדאַיאַ" און גייט אַרויסרופֿן די קו. מין־מין־מין... קערט זיך אום און זאָגט מענדעלעכען: נו, וועסט זי שוין אַליין אַ רוף טאָן, מענדעלעכע! איך וועל גיין ברענגען סאָרציניון דאָס וויגעלע. זי זאָל אַפֿילו ניט וויסן, ווער און וואָס. גייט־אַוועק. זינגט. איַי, ווערטײַטעס / אַיַי, ווערטײַטעס, / גאָדאַ מאָלאָדאַיאַ! קומט צו מיר צוריק צו פֿליִען, יונגע מײַנע יאָרן! ס׳גייט־אַרויס מענדעלעכע רופֿן די בהמה.

מענדעלעכע: רופֿט: מין־מין־מין־מין מ־י־י־י־ין!...

---

[23] פּויער. — [24] (אין העברעיש־נוסח) מײַן אַדרעס.

אַברהם גאָפּלאַט

# אין דער היים

מאָנאָלאָג פון אַ ייִדענע

— געלויבט דער אייבערשטער! אַבי מיר זײַנען שוין דאָ! אַבי מיר שטייען שוין מיט ביידע פּיס אויף אַ פעסטן באָדן! איר האָט באַדאַרפט זען אַ רײַזע מיר האָבן דאָס געהאַט. איך האָב געמיינט, אַז די שיף האָט באַקומען ס׳קדחת. זי האָט זיך געוואָרפן און געוויגט און געהוידעט — אָט־אָט גיט זי זיך אַ קער־איבער און פיש וועלן האָבן אַ געשמאַקן מאָלצײַט...

בשעת מיר זײַנען אַרויסגעפאָרן פון מאַרסיי, האָט די זון געשײַנט, דער ים איז געווען רויִק ווי אַ מפּיל־קינד, כאָטש שפּיגל זיך אין אים. נאָר מיט אַ מאָל, הערט איר, אויפן צווייטן טאָג, האָט אָנגעהויבן וואַרפן, אַז כ׳האָב געמיינט: שוין! מיר וועלן זיך אַזוי אַריבער־טרייסלען גלײַך אויפן עולם־האמת. „רבונו־של־עולם — האָב איך זיך געבעטן — אויב שוין יאָ מוטשען זיך און אַרויסטרייסלען די נשמה, זאָל עס כאָטש געשען אויף דער יבשה און נישט אויפן ים, נישט אויפן וואַסער״... נו, האָב איך געבעטן און ער האָט געטרייסלט. . און כ׳האָב געפילט, אַז איך עק זיך, אַז איך גיי־אויס און איך וועל אַפילו נישט באַווײַזן אַ שטיקעלע צוואה.

דערזעענדיק, אַז איך האַלט שמאָל, בין איך אַוועק צום סאַמע־ראָדנעם קאַפּיטאַן:

— איר זײַט עס דער קאַפּיטאַן? — פרעג איך אים.

— יאָ, — זאָגט ער — איז עפּעס־וואָס, חלילה, געשען?

— וואָס הייסט, איר פרעגט, צי ס׳איז עפּעס געשען? איר זײַט אַ קאַפּיטאַן, זײַט איר? אָנגעלאָדן אַ פולע שיף מיט ייִדן און... איר ווילט זיי דערטרינקען אין ים? און דאָס טוט אַ ייִדישער קאַפּיטאַן? אַ גוייִשער קאַפּיטאַן וואָלט עס אויך געטאָן? מיר זײַנען דאָך שוין אַלע קראַנק, חרובֿ קראַנק!

— דאָס איז די ים־קרענק! — רעדט ער זיך רויִק ווי אַ גזלן — מענטשן, וואָס זײַנען דאָס ערשטע מאָל אויפֿן ים, מוזן דורכמאַכן די ים־קרענק.

— וואָס דערציילט איר מיר מעשׂיות?! — ווער איך שוין אין כּעס — איך בין דאָך געבוירן געוואָרן בײַ אַ וואַסער. נעבן דער פּיליצע. איר האָט געדאַרפֿט אָנקוקן אַ טײַך — אַ ים, זאָג איך אײַך! איר האָט געדאַרפֿט זען אַ לענג, אַ טיף... און וויפֿל מאָל האָב איך זיך געשיפֿט איבערן טײַך? נו, בין איך פֿון דעם אַמאָל קראַנק גע־ווען? איך האָב בכלל געוווּסט וואָס דאָס איז אַזוינס אַ דאָקטער? בײַ אונדז זײַנען בכלל קיין דאָקטוירים נישט געווען. ווער האָט באַדאַרפֿט דאָקטוירים? אויף כּפּרות האָט מען זיי באַדאַרפֿט! האָט מען געבוירן אַ קינד, איז דערצו געווען אַ הייבאַם; איז עמעצער, חלילה, שלאַף געוואָרן, האָט די זעלביקע הייבאַם אָדער דער פֿריזירער געשטעלט געהאַקטע באַנקעס, געלייגט פּיאַווקעס, אָפּגעצויגן בלוט פֿון אַן אָדער, אָפּגעשפּראָכן אַן עין־הרע, אַרויסגעריסן אַ צאָן, אַרײַנגעשטעלט אַן אויסגעלינקטע האַנט אָדער פֿוס, געלייגט קאָמפּרעסן, געעפֿנט אַ מכּה — וואָס האָט זי אַלץ נישט געטאָן, די הייבאַם?! טאָ ווער האָט באַ־דאַרפֿט אַ דאָקטער? אָבער דאָ, בײַ אײַך, קען מען דאָך טאַקע בלײַבן אָן קישקעס...

ער קוקט אויף מיר, הערט זיך צו צו מײַנע רייד און ס׳זאָל אים כאָטש אָנהייבן צו אַרן.

— נאָך אַ ביסעלע, טײַערע... — זאָגט ער — און ס׳וועט אויפֿ־הערן צו טרייסלען. מיר פֿאָרן איצטער פֿאַרבײַ קרעטאַ.

— וואָס הייסט קרעטן?! — שרײַ איך — וואָס דערציילט איר מיר פֿון קרעטן?! וואָס מיינט איר, אַז איך בין אַ קינד? איך ווייס נישט וואָס קרעטן זײַנען? איר האָט שוין געזען, אַז קרעטן זאָלן אַזוי צעהוידען אַ שיף? און ווען אַפֿילו קרעטן. מוזן מיר פֿאָרן דווקא דורך דאַנען? וואָס איז: דער ים איז אײַך צו־שמאָל? הער נאָר אַ וועג ער האָט זיך דאָס אויסגעקליבן! אויב דאָ זײַנען פֿאַראַן קרעטן, פֿאָרט מען דורך אַן אַנדערן וועג. ווייניק וועגן זײַנען פֿאַראַן צו קומען

קיין ישׂראל? האָט רחמנות, קאַפּיטאַנעשי, בעט איך זיך ביי אים, פּטרט נישט אַוועק אַ שיף מיט בײַנע עולים! איר זעט דאָך, אַז מיר עקן זיך! ייִדן פּאָכען מיט די נשמות! שטעלט־אָפּ אַ ביסעלע די שיף ביז מיר וועלן קומען צו זיך... ס'ברענט נישט. מיר האָבן צײַט, האָבן מיר! מיר זײַנען געווען צוויי טויזנט יאָר אין גלות, וועלן מיר דאָרט זײַן נאָך אַ ביסעלע, נאָך עטלעכע שעה...

איך רייד זיך, הערט איר, די גאַל אַראָפּ און ער שטייט, קוקט אויף מיר און שטשירעט מיט זײַנע ווײַסע ציין.

— וואָס פֿאַר אַ געלעכטער איז אויף אײַך? — פֿרעג איך — פֿון וואָס איז דאָ צו לאַכן?

נאָר גיי רייד מיט אים, אַז וואָס מער איך ווער אין כּעס, אַלץ שטאַרקער לאַכט ער:

— האָט געדולד... — זאָגט ער גלײַך נאָך דעם ווי ער האָט געענדיקט לאַכן — כ'וועל צוגיין כאַפּן אַ בליק אין דער מאַשין־האַלע, אפֿשר וועט זיך טאַקע לאָזן עפּעס מאַכן...

נו, האָט איר געזען אַ קאַפּיטאַן? איך, אַ נאַרישע ייִדענע, דאַרף אים געבן עצות, ווי אַזוי צו פֿירן אַ שיף... נאָר צווישן אונדז גערעדט: ס'איז דען אַ ווונדער? ווי קומען עס ייִדן צו פֿירן שיפֿן? ווען האָבן ייִדן געפֿירט שיפֿן? וואָס מיינט איר עפּעס: פֿירן שיפֿן איבער ימען איז אַ קלייניקייט? ס'איז דאָך ממש סכּנות־נפֿשות!

דערווײַל איז דער קאַפּיטאַן אַזוי ווי אין וואַסער אַרײַן. אַ גאַנצן טאָג האָב איך אים נישט געזען. ערשט צו מאָרגנס קומט ער צו און גיט אַ פֿרעג:

— נו, ווי פֿילט איר זיך? עס טרייסלט שוין ניט, האַ?

— איר זעט — זאָג איך אים — אַז מען וויל נאָר, קען די שיף גיין ווי אַ מענטש...

די שיף, פֿאַרשטייט איר מיך, האָט טאַקע מער נישט געטרייסלט. מענטשן האָבן באַקומען אַפּעטיט, מען איז אַראָפּגעקראָכן פֿון די נאַרעס. מ'האָט אָנגעהויבן זינגען, זיך דערציילן וויצן. וואָס דאַרפֿט איר מער: חבֿרה יונגוואַרג איז אַפֿילו אַוועק אין אַ הויראַ־טענצל. עס איז

שוין געוועזן גאָר עפּעס אַנדערש! נאָר דאָס שענסטע, הערט איר, איז געוועזן, ווען מיר האָבן פֿון דער ווײַטנס דערזען ערד.

— גיט אַ קוק! — כאַפּ איך אָן דעם קאַפּיטאַן — מען זעט שוין די יידישע קאַרפּאַטן!

— די וואָס? — פֿרעגט ער.

— נו, די חיפּער קאַרפּאַטן־בערג!

— איר מיינט דעם כּרמל?

— דעם וואָס?

— דעם כּרמל־באַרג מיינט איר.

— די היגע קאַרפּאַטן רופֿט מען כּרמל?

— יאָ! — זאָגט ער — כּרמל. די קאַרפּאַטן האָט איר געלאָזט דאָרטן...

— כּרמל, זאָגט איר? נאָך וועמען הייסט ער אַזוי? הער נאָר אַ נאָמען... איך ווייס, אַז כּרמל איז גאָר אַן אָפּערע...

— איר מיינט, אַ פּנים, קאַרמען?

—איך רייד נישט וועגן באַרג, איך מיין די אָפּערע... הער נאָר אַ מדינה: אַ באַרג הייסט ווי אַן אָפּערע... און ווי, אויב אַזוי, הייסט די אָפּערע?

— וועלכע?

— אײַערע...

— אָפּערע.

— סתּם אָפּערע! אָן אַ נאָמען? נו, נו, איך זע שוין, אַז אין דעם לאַנד וועלן מיר האָבן צו זינגען און צו זאָגן! אַז אַלץ איז דאָ בײַ אײַך משה קאַפּויער!...

— נישקשה, טײַערע — לייגט ער מיר אַרויף זײַן האַנט אויפֿן אָרעם — איר וועט זיך צוגעוווינען. ס׳איז נישט אַזוי שרעקלעך ווי איר שטעלט זיך עס פֿאָר. נאָר אַ ביסעלע געדולד, נאָר אַ קאַפּינקע געדולד, מאַמעלע, און מיר וועלן זײַן אין דער היים, אין ישׂראל, און בכדי צו קומען אין ישׂראל — רעדט ער ווײַטער — איז ווערט געווען אַ ביסעלע צו לײַדן, אַ ביסעלע זיך טרייסעלן... בײַ די

דאָזיקע ווערטער האָט ער אַ קונדסישן שמייכל געטאָן און אַ ווונק געגעבן מיט אַן אייגל — נו, איצטער מוז איך גיין. מען דאַרף מיך זיכער האָבן. איך מוז אַרײַנפירן די שיף אין פּאָרט. זײַט מיר מוחל, מאַמעלע, וואָס איך לאָז אײַך אַליין.

איר וועט מיר אפשר נישט גלייבן, נאָר אַז איך האָב געהערט, ווי ער האָט מיר אַ זאָג געטאָן: „מאַמעלע", האָט זיך מיר עפּעס ווי אָפּגעריסן אָט אָ דאָ, אונטערן לעפּעלע. ווײַל מיינט נישט, אַז איך בין תּמיד געווען אַן איין־און־איינציקע. איך בין אַמאָל אויך געווען אַ מאַמע... געהאַט אַ מנין קינדער... נו, ווייסט איר דאָך, וואָס דאָרטן איז געשען... געווען אַ פינצטערע מלחמה, נישט דאָ געדאַכט. נישט הײַנט געדאַכט... און אַז איך האָב, נאָך אַזוי פיל יאָרן, פּלוצעם דערהערט „מאַמעלע", זײַנען מיר אַזש טרערן געקומען אין די אויגן... איך בין נישט קיין וויינערקע... צופיל טרערן האָב איך שוין פאַרגאָסן, אַז כ'זאָל זיך דאַרפן איבערן.עמען מיט יעדער זאַך. נאָר דאָס מאָל האָב איך זיך געוואָלט צעכליפּען ווי אַ קליין קינד, וואָס דער טאַטע האָט עס אומזיסט אָפּגעשמיסן... איך האָב אַ קוק געטאָן אויף דעם קאַפּיטאַן. אַ יונג, הערט איר, ווי אַ דעמב! מיט צוויי גרויסע, שוואַרצע אויגן: מיט אַ געדיכטער שוואַרצער, געקרײַזלטער טשופּרינע אויפן קאָפּ, מיט אַ ליכטיקן, שמייכלענדיקן פּנים... איר האָט געדאַרפט זען אַ געשטעל, אַ פיגור פון אַ יונגאַטש! ווי שיין עס האָט אים געקליידט דער ווײַסער מונדיר. ער האָט דאָך אויסגעזען ווי אַ געבוירענער קאַפּיטאַן!... און ווי סקלאַדנע[1] ער האָט דאָס געפירט די שיף? מיט וואָס פאַר אַ ליבע האָבן דאָס אַלע געקוקט אויף אים, סײַ די פּאַסאַזשירן, סײַ די מאַטראָסן... אַז ער האָט זיך געגעבן אַ שטעל־אַוועק דאָרט אויבן, אויף דער בריק, האָט ער דאָך אויסגעזען, ווי מען וואָלט אים אַרויסגענומען לעבעדיקערהייט פון אַ מאָדע־זשורנאַל...

ווען מיר זײַנען, מיט מזל, אָנגעקומען צום ברעג און מענטשן

---

[1] געשיקט, מיט אָרדענונג.

האָבן זיך גענומען שטופּן, שטויסן, אויסמײַדן איינס דאָס אַנדערע, כּדי וואָס־פריִער אַוועקצושטעלן אַ פוס אויף דער הייליקער ערד, האָב איך פלוצעם דערפילט עמעצנס האַנט אויפן אַקסל. איך גיב אַ קוק: יאָ, דאָס איז ער, דער קאַפּיטאַן אַליין!

— גיט, מאַמעלע... — בייגט ער זיך אָן צו מײַנע פּעק — איך וועל אײַך העלפן אַראָפּטראָגן די טשעמאָדאַנעס...

איר הערט אַ קאַפּיטאַן? נו, וועט איר מיר אײַנריידן, אַז דאָס איז אַ קאַפּיטאַן? אַן אמתער קאַפּיטאַן וואָלט געהאָלפן טראָגן פּעק אַזאַ ייִדענע ווי איך בין? ניין, דאָס איז נישט געווען קיין קאַפּיטאַן! דאָס איז געווען אַ מלאך, אַ מלאך פון הימל, זאָג איך אײַך, אַ גע־זונט אין זײַנע ביינדעלעך אַרײַן!... ווען איך שעם זיך נישט — איר הערט? — וואָלט איך אים צוגעדריקט צו מיר און אויסגעקושט די שיינע אויגן זײַנע, זײַן יעדער פינגערל, ווי מען קושט אַן אייגן קינד, אייגן בלוט־און־פליש...

קוקט נישט אַזוי אויף מיר... איך וויין נישט... איך בין נישט קיין וויינערקע... דאָס זײַנען טרערן פון פרייד, פון דאַנקשאַפט און גליק... ווײַל ערשט איצט האָב איך דערפילט, אַז איך בין געקומען אַהיים, צו זיך אַהיים, צו אייגענע, צו ברידער!...

ש. י. אימבער

## דער שומר

### ארץ־ישׂראל־מאָטיוו

אַרויסקומען זאָלסטו, מײַן מיידל,
ווען שטיל וועט שוין שלאָפן די נאַכט,
און צוקומען זאָלסטו, מײַן מיידל,
ווו ס׳האַלטן די שומרים די וואַך.

דאָרט וואַך איך בײַם גלאַנץ פֿון די שטערן,
צו היטן דײַן פֿאָטער פֿון בייז —
דאָך מוז הײַנט געגנבֿעט דאָרט ווערן
זײַן טעכטערלס הערצעלע הייס.

שלמה גילבערט
1885 בײַ וואַרשע — אין טרעבלינקע 1942

## שטילמאַן

אַ שלאַנקער יונגער־מאַן, אַ גלאַט־ראַזירט פּנים מיט אַ געל־לויכטנדיקער הויט און גרויסע, שוואַרצע אויגן, מיט אַ שטילן בלאַנק.

שטילמאַן האַלט זיך פֿאַר אַ פֿרײַען מענטש, וואָס וויל נישט זײַן געבונדן מיט זאַבאָבאָנעס [1] און פֿאַרזשאַווערטע קייטן, נאָר ער האָט מורא פֿאַר מענטשן פֿאַנאַטיקערס, מאַכט ער עס שטיל און באַרעכנט.

שטילמאַן וווינט אין אַ צימערל בײַ יענעם, אויף אַלעם גרייטן. האָט שוין אַפֿילו אַ ווײַב, נאָר זיי וווינען נישט צוזאַמען, נישט ווײַל זיי זײַנען צעקריגט, נאָר ווײַל אויף אַזאַ תּנאַי האָט ער חתונה געהאַט, און דאָס איז אויך פֿאַרשריבן אין קאָנטראַקט — זיי דאַרפֿן נישט וווינען אין איין דירה, נאָר איינער האָט דאָס רעכט אַרויסצופֿאָדערן דעם צווייטן, ווען ער וויל.

זײַן ווײַבל, אַ שוואַרץ־באַחנט ליטוואַטשקעלע, מיט אַ שמייכעלע, וואָס זאָגט: איך פֿרעס און נאַש, איך בין מיר אַ גלאַטיק מענטשעלע. זי איז אַ דענטיסטקע, באַזיצט אַ גוטן דענטיסטישן קאַבינעט און האַלט צו זיך אַ געהילף, אַ געטאָקטן יונג מיט פּלייצעס

[1] אייבער־גלייבנס, אַלפּרענקישע אײַנריידענישן.

און מיט אַ שיינעם קאָפּ גלייך־געקעמטע שוואַרץ־בלאַנקענדיקע האָר.

שטילמאַן וווינט שוין לאַנג אין דעם קאַוואַלירסקן צימערל. דער באַלעבאָס פֿון דער דירה איז אַ בלוטקרעפּטיק ייִדל מיט אַ ברייט־צעקאַמטער באָרד. אין זיין פֿאַמיליע איז ער איין מאַנספּאַר־שוין צווישן נקבֿות. ער טראָגט לענגלעך־שוואַרצע מלבושים מיט אַ האַרטן קאַפּעליוש און געפּוצטע קאַמאַשן — אַ מעקלער צווישן סוחרים אין גאַס. די באַלעבאָסטע, אַן עלטערע פֿרוי, מיט נאָך אַ געשמאַקער קיילעכדיקייט. אַ לענגלעך־ברוין פּנים מיט גרויס־גלאַנ־ציקע אויגן. זי גייט ציכטיק אָנגעטאָן און אין די שטובן בלאַנקט פֿון ריינקייט.

די עלטסטע פֿריילין איז אַ הויכע, אַ פֿולע, מיט גלעזער־אויגן. די מיטלסטע — אַ ווייך פֿרויען־קערפּערל מיט אַ רונד־ווייס פּנימל און אויגן איבערגעגאָסן מיט אַ פֿאַרחלומטן גלאַנץ. די ייִנגסטע איז אַ הויך מיידעלע מיט אַ בלאָנד־געקרייזלטן קאָפּ האָר און גרויסע הימל־בלויע אויגן. פֿון דעם קינד רייסט זיך שוין אַרויס די פֿרוי.

מיט יאָרן צוריק, ווען שטילמאַן האָט געזוכט די וווינונג, האָט ער דערזען, ווי עס שפּראָצט און עס וואַקסט דאָ מיט שפּע דער ווייבערישער מין. די עלטסטע פֿריילין פֿלעגט צו אים אַריינ־גיין און פֿאַרפֿאַלן ווערן אויף גאַנצע שעהן, נאָר זינט ער האָט חתונה געהאַט איז זי געוואָרן ברוגז. ער קוקט צו איר זייט מיט אַ שטיל־ערנסטן בליק און אין זיך לאַכט ער פֿון איר מיידלשער נאַיִוקייט. דערפֿאַר קומט צו אים אַריין די ייִנגערע. שטילמאַן ווייסט די לאַגע אין שטוב, אַז עס איז ענג מיט פּרנסה און ער פֿילט זיך דאָ גוט און זיכער.

די עלטסטע ברענט מיט כּעס. די מוטער שמייכלט — צוליב נאַרישקייטן וועט זי נישט אָפּזאָגן אַ גוטן לאָקאַטאָר, און די ייִנגערע שוועסטער הערט זי נישט. זי וועט עס נישט איבערהאַלטן! זי וועט אַליין אַרייננגיין און אים זאָגן, און אים וואָרענען.

זי קלאַפּט־אָן.

— ביטע!

ער איז געזעסן בײַ זײַן טישל און געקוקט אויף איר מיט גרויס־געעפֿנטע אויגן. זי איז געשטאַנען בײַ דער טיר, געציטערט און געוואָלט גרייט אַליין אַרײַנגיין און אים זאָגן, און אים וואָרענען:

— הער שטילמאַן, איך בעט אײַך, איר זאָלט נישט אַרײַננעמען מײַן שוועסטערל!

ער האָט געשוויגן. זי איז געוואָרן דרייסטער און אויסגעשריגן:

— ווי קאָנט איר אַזעלכעס? זי איז נאָך אַ קינד!

ער האָט זיך געגעבן אַ שטעל־אויף, גרייט זי אַרויסצוּוואַרפֿן, נאָר זײַן בליק האָט אָפּגעמאָסטן איר שלאַנקע פֿיגור. זײַן פּנים האָט אויפֿגעלויכטן מיט אַ כיטרען שמייכעלע, און די גרויסע, שוואַרצע אויגן האָבן ווייך־קאָטעריש געבלאַנקט — צו וואָס זאָל ער מאַכן אַ גערודער און היזק האָבן? אַז ער קען עס מאַכן שטיל, וועט ער נאָך פֿאַרדינען!

ער איז צוגעגאַנגען.

— פֿאַר וואָס זײַט איר אויף מיר בייז?

— איר זאָלט נישט טשעפּען מיט מײַן שוועסטערל!

— איר זײַט אויף מיר בייז און איך האָב אײַך ליב.

— איר האָט דאָך אַ ווײַב!

— פֿון אַ ווײַב צו אַ שיין מיידל איז זייער ווײַט, ווי פֿון דער ערד צום הימל!

זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און איר כּעס איז צערונען.

*

שטילמאַנס ווײַבל האָט זיך אויך גוט אײַנגעאָרדנט. איר שלאָפֿצימער האָט געהאַט צוויי אײַנגענג. איין טיר איז אַרויסגעגאַנגען אין הויז אַרײַן. די צווייטע קעגנאיבערדיקע טיר האָט אַרײַנגעפֿירט אין קאַבינעט. פֿון קאַבינעט, דורך דעם פֿאַראַדנעם אַרײַנגאַנג, אַראָפּ אין טויער. דער מאַן האָט געהאַט איין שליסל, דער געהילף - דעם צווייטן.

שטילמאַן האָט עס פֿאַרשטאַנען, נאָר ער האָט זיך געשטאַרקט אָפּצוּוואַרפֿן די אַלע קליינלעכע געדאַנקען. ער וועט דאָך נישט זײַן קיין ווילדער דעספּאָט —אויב ער וויל אַליין זײַן פֿרײַ, נישט גע־בונדן פֿון קיינעם, וועט ער אויך נישט בינדן אַ צווייטן מענטש! און כּדי צו ווײַזן, אַז ער שטייט טאַקע אויף דער הייך פֿון ער־לעכקייט און אינטעליגענץ, פֿלעגט ער בײַם געהילף נעמען אַ פּאַ־פּיראָס און העפֿלעך מיט אים שמועסן.

איין מאָל אין אַן אָוונט איז דער געהילף געגאַנגען הין־און־צוריק, און געגלאַנצט מיטן שיינעם שוואַרצן קאָפּ גלײַך־געקעמטע האָר. ער האָט איצט נישט געטראָגן די מאַרינאַרקע, נאָר בלויז דאָס דורכזיכטיק־געשטריקטע קאָשולקעלע[2] אויפֿן לײַב, מיטן ברייט־לעדערנעם פּאַסיק אויף די הויזן, און גערויכערט אַ פּאַפּיראָס.

פֿרוי שטילמאַן איז געזעסן בײַם טישל, אַרײַנגעקוקט אין אַ בוך, געמאַכט זיך לייענען און זײַטיק צו אים געקוקט. זי האָט זיך נאָך אַלץ נישט אָנגעזעטיקט מיט זײַן געזונטער מענערישקייט, מיט זײַן וואַלדהאָריק האַרץ.

דער טעלעפֿאָן האָט גענומען קלינגען. ער איז אַרײַנגעגאַנגען אין קאַבינעט און איז באַלד צוריקגעקומען.

— דײַן מאַן רופֿט דיך צום טעלעפֿאָן.

— קום!

— וואָס ווילסטו פֿון מיר? ס׳איז דאָך דײַן מאַן. גיי, רייד מיט אים! — האָט ער איר אָפּגעענטפֿערט מיט אַ געזעטיקטן שמייכעלע.

— קום, וועט מען אַ ביסל לאַכן! — האָט זי אים געשלעפּט בײַ דער האַנט.

זי האָט געהאַלטן דעם אַפּאַראַט און גערעדט:

— גוטנ׳אָוונט, מײַן מאַן! איך הער. דו האָסט הײַנט נישט געטראָפֿן. איך פֿיל זיך נישט גוט. דער קאָפּ טוט מיר וויי. דו דערמאָנסט מיך אין מײַנע פֿליכטן? דו האָסט פֿולע רעכט דערויף.

---

[2] אונטער־העמדל.

דו האָסט עס אָנגעשריבן, שוואַרץ אויף ווײַס, און די קאָנסט צו מיר קומען מיט אַ זשאַנדאַרם אויך, נאָר דו ביסט דאָך נישט קיין אַזיאַט! וואָס מיר איז? כ'ווייס אַליין נישט. כ'האָב שטאַרק גע־בראָכן. האַלאָ! האַלאָ!

מ'ענטפֿערט נישט. ער האָט אַוועקגעלייגט דאָס טרײַבל.

— ער קומט געוויס אַרויף. וויל ווײַזן, אַז ער האָט מיך ליב, כאָטש עס הייבט זיך נישט אָן.

—נו, אויב אַזוי, גיי איך.

— כ'וויל נישט! — האָט זי אַרויסגעזאָגט אין אַ ברוגז־פּיעש־טשענדיקן טאָן — הער, איך וועל מיר אַרומבינדן דעם קאָפּ און מאַכן אַזאַ פֿוילע גרימאַסע, אַז ער וועט באַלד פֿון מיר אַנטלויפֿן. דו וועסט שטיין אין קעגנאיבערדיקן טויער. ער וועט אַוועקגיין, און דו וועסט צוריק אַרויפֿקומען. דו וועסט נישט אַוועקגיין? גע־דענק, מאַקס, כ'וועל זײַן מיט דיר ברוגז!

ווען דער מאַן איז אַרײַנגעקומען, איז זי האַלב־געלעגן אויפֿן בעט מיט אַ פֿאַרבונדענעם קאָפּ.

— וואָס איז דיר?! — האָט ער אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן און געמאַכט אַ דערשראָקענע מינע.

— כ'בין נישט געזונט.

— כ'גיי באַשטעלן אַ דאָקטער!

— מ'דאַרף נישט.

ער האָט זיך געזעצט נעבן איר אויפֿן בעט.

—איך וועל דאָ מיט דיר נעכטיקן.

זי האָט זיך אויפֿגעזעצט און צוגעטוליעט צו אים:

— דאָס בעסטע וועט זײַן, אַז דו וועסט אַהיימגיין, וועל איך רויִק איבערשלאָפֿן די נאַכט און ס'וועט מיר בעסער ווערן.

— אַבער, טײַערע, איך וועל דאָך נישט זײַן רויִק! — האָט ער האַרציק־פֿאַלש אויסגעשריגן.

זי האָט אָנגעבויגן די באַק:

— מאַנעלע, גיב אַ קוש און גיי אַהיים! מאָרגן וועסטו האָבן אַ פֿריש, געזונט ווײַבעלע.

דער מאַן איז אַרויסגעגאַנגען און דער געהילף איז אַרײַנגעקו־מען. זיי האָבן פֿאַרלאָשן דאָס ליכט.

אין קאַבינעט האָט געקלונגען דער טעלעפֿאָן.

— דאָס קלינגט ער! — האָט זי געזאָגט און איז אַרויסגעגאַנגען.

זי איז געשטאַנען אין בלויזן העמד און גערעדט:

— כ׳בין שוין באַלד אײַנגעשלאָפֿן, האָסטו מיך איבערגעוועקט. גוט־גוט, מאַנעלע, ס׳וועט מיר שוין בעסער ווערן. שלאָף רויִק און האָב זיסע חלומות!

זי איז גיך אַרײַן צו אים אין בעט און, אַ הייסע, אַ צאַפּלדיקע, האָט זי אין דער פֿינצטער ווילד געלאַכט.

יעקב גלאַטשטיין

## שמר

דער מאָנד [1] באַשטראַלט מיט וואַרער [2] ליבע דאָס שטיקל מעער [3];
וואָס מען זעט דורך מײַן פֿענצטער,
און איך זיץ אויף אַ וויגשטול
און רויכער אַ פֿײַנעם, דיקן האַוואַנאַ־ציגאַר,
ווי אַן אַבסורדער העלד דײַנער,
ליבער, גאָטזעליקער, ערלעכער עלטער־פֿעטער שמר.
בײַ מיר, דײַן נעפֿע [4], ווערן שוין גרוי די שלייפֿן.
כ׳האָב שוין באַלד דורכגעשוונדעוועט מײַן לעבן,

---

[1] י. ג. מאַכט אַ פּאַראָדיע פֿון שמרס שרײַבן און באַניצן גערמאַניזמען, קודם „מאָנד״: לבנה. — [2] אמתער. — [3] ים. — [4] פּלימעניק.

ווי אַ ליאַדע העלד אין דײַנעם אַ ראָמאַן אין וויפּל בענדער.
דער צויבערשפּיל האָט שוין גאַנצע פּאַסמעס האָר באַזילבערט
און איך ברעך־צוזאַמען פֿון שווערן אָנשטרענג,
צו פֿרינצעווען צווישן דײַנע דינסטמיידן און באַלעגאָלעס,
וואָס האָבן דיך איבערגעלעבט, ליבער, גאָטזעליקער עלטער־פֿעטער מײַנער.

כ׳האָב פֿאַרקאָמופּלאָושט דײַנע רייד,
געגאַנגען אויף שטאָלצן דורך דער ייִדנגאַס,
געטראָגן פֿראַק און צילינדער און געזאָגט „גוטמאָאַיען" [5],
און אַלץ דערפֿאַר, כּדי אַ ביסל צו פֿאַרפֿומירן דעם עיפּוש.
ווי דײַנער אַ פּיקאַנטער העלד,
בין איך געפֿאָרן דורך דער יאַטקע־גאַס אויף קאָליאַסן [6].
איך האָב, ווי דו, אויף מײַן שטייגער אויך פֿאַרטײַטשמערט דעם זשאַרגאָן.

איך האָב גערעדט פֿויגלשפּראַך.
איך האָב, ווי דו, געוואָלט אַנטלויפֿן פֿון פּישקע דעם קרומען [7].
דו, צויבערער, האָסט געשלאָגן דעם שטיין פֿון ייִדיש לעבן
און ס׳האָבן געפֿלאָסן הייסע טרערן פֿון וואַרעמע,
אומגליקלעכע מיידלעך אויף דינסט אין דער פֿרעמד,
פֿון יתומות, נעבעך, וואָס האָבן באַגאָסן דײַנע פֿאַרגעלטע בלעטער —
די פֿאַרשטויסענע, פֿאַרשעמטע,
פֿון באַלעבאָס אין דער זײַדענער קאַפּאָטע,
אין דער פֿ נצטער געקושטע און געטאַפּטע.
מיט דעם שבת־קודש האָסטו אַ ביסל רו געבראַכט
פֿאַר די מידע אויסגעהאָרעוועטע פֿיס,
אין ווינקל זײַנען זיי געזעסן און מיט די ליפּן געלייענט, ווי שטומע,
און געכליפּעט און געחלומט פֿון וואַרער ליבע.
אַ טרייסטגעבער, פֿאַרוואַנדלער פֿון בידנע טעג און נעכט,

[5] (געצערטלט) גוט־מאָרגן. — [6] קאַרעטעס. — [7] מענדעלע מוכר ספרימס העלד.

האָסט פֿאַרוויַרוכט טשאָלנטלופֿט און געאיידלט די פֿאַרקללהטע טעג
מיט דעם ענגעל־ריינעם הערץ [8] פֿון דעם העלד,
וואָס באַשטראַלט מיט ליבע אויך איצטער דאָס שטיקל מעער,
וואָס מען זעט דורך מײַן פֿענצטער.

דײַנע דינסטמיידן זײַנען שוין מער נישט אומגליקלעך —
זיי האָבן געהייראַטעטעט [9] —
און זייערע טעכטער וואַרעליבן זיך אויף גרילצנדיקן ענגליש
אין די אויטאָמאָבילן.
און ווײַט פֿון זיי ערגעץ אין אַ פֿאַרוואָרלאָזט ווינקל
קוואַרט אונדזער ווײַנגאָרטן
און דער שומר באַשפּריצט און באַוואַסערט אים יעדן טאָג
און זאָגט פֿרומע שפּרוכן, אַז ס'זאָל אויפֿגיין און געדײַען
אונדזער בלומענדיקער שמעטניק [10].
ער קאַמט און קרײַזלט די בערד פֿון די קלאַסיקערס אונדזערע,
און צופּט די האָר בײַ די יונגע אונטערוואַקסנדיקע באַלעבעסעלעך,
און היט אונדזער טויטע ירושה.

דו, שאַרמאַנטער מאַגנאַט פֿון אויסגעטרוימטע,
דו, קאַפּריזנער אויסטראַכטער,
אין דעם דאָזיקן בית־עולם־גאָרטן האָט מען דיר אָפּגעגעבן
קבֿורת חמור,
און די מיטליעריקע מענער, וואָס ציבערן און צעבערן [11]
און קײַען און טשקײַען די היסטאָרישע ראָמענער,
פֿאָדערן נאָבל־פּריזן און ווילעס פֿון דעם פֿאָלק,
וואָס איז שוין לאַנג עליו האַשנאָבל [12]
און שלומערט און טרומערט אין עוויגער רוהע [13].

---

[8] מלאָכיש־ריין האַרץ. — [9] (קיבעצנדיק די דײַטשמעריזמען) חתונה געהאַט. — [10] מיסטקאַסטן. — [11] מישן ווי קלייען... היסטאָרישע ראָמאַנען. — [12] עליו השלום. — [13] אויף אייביקער רו.

ליבער, גאָטזעליקער פֿעטער,
פֿאַראַן אַ גאַס בײַ אונדז, װוּ מען בויט שוין אַ תּליה פֿאַר אונדז
אַלעמען.
יונגע זענגער זינגלען און צינגלען [14] פֿון רויט
און זײַנען גרייט צו פֿאַרוויסטן אונדזערע גיטער.
װען די יונגען װעלן, װי די הײַדאַמאַקעס, פֿאַגראַמירן אונדזער לעבן,
װעל איך, ליבער, ערלעכער פֿעטער, זיי מיט פֿאַרגעניגן אָפּגעבן
מײַן יידישע עולם הבא און עולם הזה.
און דערװײַל זיץ איך, אַ גרימירטער העלד דײַנער,
מיט מײַנע ליבעס, צעפּיעשטשעטע האָפֿענונגען,
און קוק אויף דעם מאָנד און שטיק מעער,
און טראַכט פֿון אַ קראַנץ, װאָס איך װעל די טעג לייגן
פֿאַרפּלאָנטערטע, פֿאַרוויקלטע עקסטראַװאַגאַנצן,
אויף דײַן פֿאַרשעמטן קבֿר.
דו, אונדזער איין־און־איינציקער,
יידישער נאַיוּוער און פֿאַר אַלע צײַטן אייביקער מאָדערניסט.
דו, מײַן גאָטזעליקער, ערלעכער, עלטער־פֿעטער שמר.

לייב קוויטקאָ

## מענדעלע

מיר זײַנען פֿאַרוואָרפֿן מיט אַרבעט, געבוי און געשלעג,
און פּלוצעם מיר הערן, מע שרײַט אויפֿן װעג:
— װער האָט פֿאַרגעסן אין װעג דאָ אַ טאָרבע?
דערבײַ נאָך אַ פּגר — אַ קליאָטשע מיט האָרבעס [1]?

---

[14] מאַכן קונצן מיטן זינגען און דרייען מיט דער צונג. — [1] הויקערס.

מיר רײַסן זיך אָפּ פֿון דער אַרבעט פֿאַרברוינטע,
מיר קוקן זיך אום און מיר פֿרעגן דערשטוינטע:
— אַ טאָרבע? אַ טאָרבע? וואָס ליגט אין דער טאָרבע?
און וואָרט נאָר, וואָס זאָגט איר — אַ קליאַטשע מיט האָרבעס?

דאַכט זיך ניט אונדזערס און אפֿשר גאָר... אַ?
אַ חלום אַ ווײַטער, אַ ווײַטער אַזאַ!...

— ס׳ליגט אין דער טאָרבע אַ טפֿיל און אַ הויקער;
אַ מעקלערשער שירעם; אַ שטיק פֿון אַ סטאַיקע[2]!
די טאַש פֿון בעל־טאַקסע; דער גבֿירהטעס פּאַרוק;
און צעטלעך פֿון דורות פּראַצענטניקעס ליגט!...

סע גלייבט זיך דאָס האַרץ ניט — מיר זײַנען פֿאַרברוינטע,
פֿון אַרבעט, פֿון גרויסער, מיר קוקן און שטוינען:
געשיקט זיך ס׳איז אונדזערס?!. אַוודאי... אַוואַ! —
אַ חלום אַ ווײַטער, אַ ווײַטער אַזאַ;...

כאַרקאָוו 1929

אליעזר שטיינבאַרג

## אַ טאַנץ

אויף אַ שטיין
זיצט אַ רעטעך מיט אַ כריין,
זאָגט דער רעטעך:
—עטעך, בעטעך!
ס׳איז דער הימל אַזוי ריין —
לאָמיר ביידע טאַנצן גיין!

איך בין אויכעט דאָרט געווען.
איך האָב דאָס אַליין געזען.

---

[2] געשטעל פֿאַר אַ קרעמל אין מאַרק.

**צוגעשטופּט האָב איך זיך שווער**
**און כ'האָב אויך געלאָזט אַ טרער!**

**באַלד געוואָרן איז אַ פרייד**
**און געלאָפן קינד און קייט —**
**ס'טאַנצט אַ רעטעך מיט אַ כריין!**
**ווי זשע לויפט מען דאָס ניט זען?**
**משיחס צייט האָט מען געמיינט**
**און מע האָט פאַר פרייד געוויינט.**

פאָלקסליד

## ווי אַזוי לעבט דער קייסער?

— א —

רבותי, רבותי, חכמים אָן אַ ברעג!
כ'וועל אייך פרעגן, כ'וועל אייך פרעגן!
— פרעג־זשע, פרעג־זשע, פרעג!
ענטפערט אַלע
אויף מיין שאלה:
ווי טרינקט דער קייסער טיי?
— טיי?
מע נעמט אַ היטעלע צוקער,
מע מאַכט אין דעם אַ לעכעלע,
מע גיסט־אַריין הייס וואַסער,
און מע מישט, און מע מישט...
אוי, אָט אַזוי, אוי, אָט אַזוי,
אָט אַזוי טרינקט דער קייסער טיי.

— ב —

**רבותי, רבותי, חכמים אָן אַ ברעג!**
**כ'וועל אייך פרעגן, כ'וועל אײַך פרעגן!**
**— פרעג־זשע, פרעג־זשע, פרעג!**
**ענטפערט אַלע**

אַ אהן מיס-כַ - חַ .הַי - בו - ר ,חַי - בו - ר

גצן - פרע אייך כ'וועל .גצן - פרע אייך כ'וועל ,פרעג .

לצ - א פערט - ענט .פרעג .זשע פרעג .זשע פרעג

פטיי סצר - קיי דער טרינקט ווי :לֶה - שא מיין אויף

מען און קער - צו לע - טע - די א נעמט - מע

- מע און ,סער - וואַ הייס ריין - א גיסט מע און .לע - כע - לע אַ דעם אין מאכט

ווי - אַ אַט ,ווי - אַ אַט ,אוי .ווי - א אַט אוי ,מישט מע און מישט

!פטיי סער - קיי דער טרינקט

**אויף מײַן שאלה:**
**ווי עסט דער קייסער בולבעס?**
**— בולבעס?**

מע שטעלט־אַוועק אַ וואַנט מיט פּוטער
און אַ סאָלדאַטל מיט אַ האַרמאַטל
שיסט־דורך די פּוטער מיט אַ הייסער בולבע
און טרעפט דעם קייסער גלייך אין מויל אַריין...
אוי, אָט אַזוי, אוי, אָט אַזוי,
אָט אַזוי עסט דער קייסער בולבעס.

— ג —

רבותי, רבותי, חכמים אָן אַ ברעג!
כ׳וועל אייך פרעגן, כ׳וועל אייך פרעגן!
— פרעג־זשע, פרעג־זשע, פרעג!
ענטפערט אַלע
אויף מיין שאלה:
ווי שלאָפט דער קייסער ביי נאַכט?
— ווי ער שלאָפט?
מען שיט־אָן אַ פולן חדר מיט פעדערן
און מע שליידערט־אַריין אַהינצוצו דעם קייסער
און דריי ראָטעס סאָלדאַטן שטייען און שרייען:
שאַ!! שאַ!! שאַ!
אוי, אָט אַזוי, אוי, אָט אַזוי,
אָט אַזוי שלאָפט דער קייסער ביי נאַכט!

אויפגענומען ביי משה בראָדערזאָן

# צו דער כאראקטעריסטיק פון געלעכטער

משה נאַדיר

## דער קונסט־קריטיקער

דאָן איז אַ ליטעראַטור־קריטיקער. ער שרײַבט אין אַ יידיש בלאַט וועגן גויים. האַלטן אים די גויים פֿאַר אַ גרויסן מענטשן. האַלטן אים די יידן פֿאַר אַ גרויסן מענטשן, ווײַל די גויים האַלטן אים פֿאַר אַ גרויסן מענטשן.

אַ מענטש אַן עלנטער, זעלבסט־אָנגעשיכּורטער — אפֿשר פֿון שלעכטע עסנס, אפֿשר פֿון צו־פֿריִער איבערגעפּלאַנצטקייט אין אַ פֿרעמדער ערד, ווו ער וואַקסט מיט די וואָרצלען אַרויף, איז ער כּסדר אין עקסטאַז:

אָ, בעבעלעך מיט קליסקעלעך! אָ, קונסט! אָ, קרײַזלער! אָ, דינסטיק! אָן אַן „אָ!" גייט ־עס בײַ אים נישט.

איך האָב געקענט אַ כירורג, וואָס פֿלעגט ריידן פֿון געשווירן און קרעבסן ווי אַ גערטנער רעדט פֿון בלומען:

— הײַנט געמאַכט אַן אָפּעראַציע אויף אַ בויכגעשוויר. אַ פֿולער, פֿולשטענדיק־אַנטוויקלטער געשוויר... קאָלאָסאַל!

דער פּאַציענט איז, פֿאַרשטייט זיך, געשטאָרבן. אָבער פֿאַר אים, פֿאַר דעם כירורג, האָט בלויז עקסיסטירט דער געשוויר. דער מענטש איז בלויז געווען אַ מין צוּוואוּקס צום געשוויר. האָט ער אים אַוועק־אָפּערירט... דער געשוויר איז געווען געראַטעוועט. קאָלאָסאַל!

דאָן איז הויך און היציק־רירעוודיק און רעדט בלויז פֿון שיינ־

קייט, פֿון עסטעטיק, דאָס וואָרט גראַציעז קלינגט אויף זײַן פּוילישער אויסשפּראַך, כּמעט אַזוי ווי גראַשיצע... — „גראַטשיעז". אַלצ־דינג איז „גראַטשיעז".

פֿרויען האָבן אים ליב — ווי אַ גוטן תּירוץ. אויף אים איז קיין מאָנסביל נישט אייפֿערזיכטיק. עפּעס גלייבט זיך נישט, אַז אַחוץ קונסטפּיבער זאָלן זיך קענען אין דעם מילכיקן קערפּער טליען אַנדערע פֿײַערלעך אויך.

דאָן פֿאַרבינדט די ייִדן מיט די גויִים. פֿאַרקניפּט „גרינוויטש ווילעדזש" [1] מיט „איסט־בראָדוויי" [2] — קען די גרויסע נעמען פֿון ביידע קוואַרטאַלן. קען אַ ביסל זייערע אַרבעטן, זייערע רעפּוטאַציעס.

דאָן איז, נעבעך, אַן אָרעמער בחור, אַן עלנטער. דאַרף אָפּט האָבן אַן אַקסל, אויף וועלכן זיך אויסצווויינען. אָבער די גרויסשטאָט־טערײַ האָט אים אויגעפּרעסן, צעטומלט. ער קען נישט קומען צו זיך פֿון דעם פֿאַקט, וואָס אויף בראָדוויי קענען עטלעכע מענטשן זײַן נאָמען. אַ שקלאַף פֿון ווײַסן בלימל אין לאַץ, אַ קנעכט פֿון... עסטעטיק.

אין קיין ליטעראַטור אין דער וועלט שעמט מען זיך נישט אַזוי מיט דער קליינשטעטלדיקייט ווי בײַ אונדז. אַ קליינשטעטלדיק פֿאָלק, אַ זאַפּטיקס, מיט אַ שפּראַך, וואָס איז נאָך נישט אײַנגע־קוועטשט געוואָרן אין האַרטע פֿורעמס, ווי אַן ענגער שוך אויף אַ לײַסט. אַ שפּראַך אַ פֿרײַע, נישט פֿון אוניווערסיטעטן געפּאַל־מעסט, אַ נאָך נישט אין פֿעסטע געזעצן אײַנגעמאַרינירטע, אַ נאַקעטע, אַ באָרוועסע, אַ באַקוועמע, טאָפּל־זײַטיקע, נישט אָפּגעריבענע שפּראַך — שעמען מיר זיך מיט איר פּשוטקייט, פּוצן מיר זי מיט פֿרעמד־לענדישע קווייטלעך, טרייסלען מיר פֿון זיך שטענדיק דעם שטויב פֿון דעם קליינעם שטעטל. שטעלן מיר שטענדיק אַרויס אונדזער גרויסשטעטלדיקייט — ווי די גרעסטע מעלה. די העכסטע דער־גרייכונג. אָבער דאָס איז דאָך אַ ליגן: אין אַ שטעטל וואַקסט מען אַרײַן, שלעפּט מען עס וווהין מ׳גייט, ווי אַ בלוי „געדענק־ביכל", אין וועלכן לאַנד אַרײַן מ׳ווערט פֿאַרוואָגלט. אָבער — אַ גרויסע שטאָט איז דאָך ענטוועדער אַ סך קליינע שטעטלעך, אָדער בלויז אַ וואָרט.

---

[1] די ניו־יאָרקער געגנט פֿון קינסטלערס. — [2] די אַלטמאָדיש־ייִדישע געגנט, וואָס שמעקט נאָך מיט „גרינע".

דאָן זעטיקט די פֿאַרפֿעלטע ייִנגלפֿרייד מיט קוקן אין פֿרעמדע פֿענצטער, ווו גרויסע צוקער־טאָרטן ליגן אויפֿן טיש און ווו וואַקס־ליכט זײַנען מקריבֿ זייערע האָניקדיקע נשמות... דאָן לעבט מיט אַ פֿרעמדער, אויסגעטראַכטער רײַכקייט, מיט אויסגעלערנטע „גרויסע מאַניערן" און — האַלט פֿון דעסט וועגן ס׳קעמעלע אין וועסטל־קעשענע און גיט זיך אַלע ווײַלע אַ קעם ס׳ביסל בלאָנדע האָר אויפֿן קאָפּ. דאָס איז שוין גאָר נישט קיין „גוטער טאָן"! — אָבער דאָס אייגענע פּויליש־ייִדישע בלוט האָט, אַ פּנים, אויך אַ קול און ס׳וויל מ׳זאָל עס אויסהערן.

דאָן האָט מיך פֿאַרבעטן צו קומען איבערשלאָפֿן אַ נאַכט אין זײַן צימער, טרינקען זײַן איטאַליענישן „טשיאַנטאָ", רייכערן זײַנע זייער לאַנגע אויסלענדישע פּאַפּיראָסן, אַ קוק טאָן אויף זײַנע ביכער, וואָס ליגן אין אַלעווינקלען פֿון צימער, און — זיך דורכשמועסן מיט מיר וועגן די אַמאָליקע יאָרן, ווען מיר זײַנען געווען ייִנגלעך און די וועלט האָט אונדז נישט געקענט.

אַלע ווייסן, אַז זיך דורכשמועסן וועגן די אַמאָליקע יאָרן שמעקט מיט „קליינעם שטעטל", ווו איינער קוקט דעם אַנדערן אין טעפּל אַרײַן און ווו הערצער זײַנען צעשפּיליעט — דעש־ניע־דעש פֿאַרדעקט מען ווי מיט איין העמד. אָבער מענטש איז מענטש און זיך אַליין אויפֿהייבן בײַ די אויערן — קען מען נישט.

מיר האָבן געטרונקען „טשיאַנטאָ" (עקלהאַפֿטער פֿעפֿערדיקער ווײַן), גערייכערט די זייער לאַנגע פּאַפּיראָסן (עקלהאַפֿטע עסטרײַכישע פּאַפּיראָסן), דורכגעקוקט דעם „פּאָליש" זײַנעם מיט ביכער אין אַכט־נײַן לשונות, זיך אָנגעשמועסט צו זאַט וועגן די אַמאָליקע יאָרן, סענטימענטאַל געוואָרן, שיכּורלעך זיך געקלאַפּט איינער דעם אַנדערן אויף די פּלייצעס, זיך שיִער נישט צעקושט... און אַלץ גערעדט און גערעדט וועגן דער צײַט, ווען די וועלט האָט אונדז נאָך נישט געקענט.

דאָן האָט מיר געוויזן אַ פֿאַרגעלט קאַרטל, וואָס איז — ווער ווייסט ווי לאַנג שוין — געלעגן אויפֿן געזימס פֿון קאַמין. ער האָט אָפּגעבלאָזן דעם שטויב און געוויזן אויף דער לינקער זײַט פֿון וויזיט־קאַרטל אַן אָפּגעלאָזענע אויפֿשריפֿט:

„ליבער פֿרײַנד ד.,

אויב איר האָט אַ געלעגנהייט, קומט־צו אָדער קלינגט־אָן,

איך מוז אײַך זען".

געחתמעט איז געווען אַ נאָמען פֿון אַ באַקאַנטן גויִשן קרי־

טיקער. דאָס איז געווען דאַנס טרייסט, זײַן שטאָלץ. דער קריטיקער פֿון דער „טיימס“ — שרײַבט אים, ער זאָל קומען אָדער אָפּקלינגען...

און אַ מאָל איז געווען אַ צײַט, ווען די וועלט האָט אונדז נישט געקענט!

פֿאַרן שלאָפֿן־גיין האָט מיר דאָן (ווי אַ מיידל) געוויזן זײַן גאַרדעראָב. באַלעבאַטישע אָנצוגלעך, שטײַף געמאַכט, מיט אַ פֿײַנער גראַמאַטיק — קאָרעקט, „קאָם איל פֿאָ“.

— מײַן גאַרדעראָב! איך טראָג נישט קיין טאַנדעטנע קליידער. ס'איז ניט שיין...

אַז ער האָט אַ שלעכטע פֿיגור, און אַז טאַנדעטנע שנײַדערס נעמען געווינלעך אָן, אַז דער מענטש איז באַשאַפֿן אין גאָטס שיינעם פֿורעם — דאָס האָט ער נישט דערמאָנט. די פֿראַקלעך, די „סמאָקינגס“ און די עטלעכע פּאָר שיך האָבן פֿאַרנומען ס'בעסטע אָרט אין צימערל און אַ שפּאַניש ווענטל האָט פֿאַרשטעלט אַן אָפּגעריבענעם, זשאַווערדיקן באַסיין אויף אײַנצוואַשן זיך. היינטערן בעט איז (ווי אין אַלטמאָדישע פּענסיאָנען) געשטאַנען אַ טאָפּ און געוואָרנט דעם מענטשלעכן מין, אַז ער זאָל ניט זײַן שטאָלץ.

ווען מיר זײַנען ביידע געווען אויסגעטאָן צום שלאָפֿן, האָב איך באַמערקט, ווי דאָן טראָגט צוויי האַלבע שטיקלעך אונטערוועש פֿון שלעכטן געוואַנט און פֿון צוויי באַזונדערע פֿאַרבן. זײַן לײַב איז געווען בלויז ערטערווײַז האָריק, די פֿיס אויבן צו דיק, אונטן צו דין און אין גאַנצן איז ער געווען ווי אַ מענטש, וואָס איז צונויפֿגעשטעלט געוואָרן פֿון אַלערליי שטיקלעך קנופּן.

— אָ... ליטעראַטור!... אָ, טשיאַנטאָ! די אַמאָליקע יאָרן! אָ, בראָדוויי!

דאָן איז געווען שיכּור פֿון זיך אַליין און פֿון דעם פֿעפֿערדיקן שלעכטן ווײַן. ער האָט געפּלוידערט ווי אַ מיידל, וואָס האָט צום ערשטן מאָל געטרונקען אַ שאַרפֿן געטראַנק.

דאָן האָט דערציילט פֿון זײַנע דערפֿאָלגן בײַ פֿרויען. געפֿרעגט צי איך ווייס נישט פֿון עפּעס אַן אַדרעס און צי ס'איז אמת, אַז עס זײַנען פֿאַראַן אַזוינע מיטלען, וואָס מ'קויפֿט זיי אין אַ פּאַפּיראָסן־פֿאָרעם. דערנאָך האָט ער דערציילט פֿון זײַן באַקאַנטשאַפֿט אין מיליאָנערסקע הײַזער, געוויזן אַ בילד פֿון אַ רײַכער יורשטע, מיט וועלכער ער האָט שיִער־שיִער חתונה געהאַט, נאָר דער פֿאָטער אירער האָט נישט געוואָלט קיין ייִד פֿאַר אַן איידעם.

— נו, בין איך אַ ייִד! — האָט ער האַלב־שיכּורלעך געוויינט, זיך מיט איין האַנט געקלאַפּט אין האַרץ אַרײַן און מיט דען אַנדערער צוגעהאַלטן די שטיקלעך גאַטיעס — נו, בין איך אַ ייִד! קומט מיר דערפֿאַר נישט אַרײַנצולאָזן אין דער הויכער געזעלשאַפֿט? האַ?

איך האָב אים באַרויִקט, געהייסן אים זיך לייגן אין בעט אַרײַן, געפֿרעגט צי זי איז טאַקע אַזוי רײַך.

— רײַך נישט, אָבער אַ צוויי מיליאָן דאָלאַר האָט זי געהאַט.

שפּעטער האָב איך אים געהערט זיך וואַרפֿן אומרויִק אין שלאָף און מורמלען ווי אַ פֿאַרלוירן קינד:

— מאַ־מע... מאַ־מע!

אין דער פֿרי איז ער אַרײַן אין פֿראַק, זיך באַשפּריצט מיט קעלניש וואַסער, אַרײַנגעשטעקט אַ ווײַס בלימל אין לאַק, געזאָגט „אָ רעוואַר!“, גענומען ס׳שטעקעלע און איז אַוועק — אויף בראָדוויי.

דאָרט ווייסט קיינער נישט, אַז בײַ נאַכט ווײנט ער פֿון שלאָף און רופֿט: „מאַ־מע!“.

אַברהם שולמאַן

# „דער“ און „די“ און „דאָס“...

## אַ ווייגעשריי פֿון אַ ייִדישן שרײַבער

אין אונדזער מאַמע־לשון זײַנען פֿאַראַן דרײַ געשלעכטער: „דער“ און „די“ און „דאָס“.

דער מאַן, די פֿרוי, דאָס קינד.
דער אָקס, די קו, דאָס קעלבל.
דער טשײַניק, די פֿיליזשאַנקע, דאָס טעצעלע.
דרײַ געשלעכטער מיט דרײַ באַזונדערע אַרטיקלען:
דער און די און דאָס.

דאָס ענגלישע לשון האָט נישט מער ווי איין אַרטיקל: „דהי“.

דאָס פֿראַנצייזישע לשון קאָן אויסקומען מיט צוויי אַרטיקלען: „לע“ און „לאַ“.

בלויז מיר דאַרפֿן האָבן אַ גאַנצן קאָמפּלעט: „דער“ און „די“ און „דאָס“.

פֿרעג איך: צו וואָס דאַרפֿן מיר עס? צו וועלכע גוטע יאָר דאַרפֿן מיר די דאָזיקע דרײַ קלײנע מאָנסטערס, וועלכע וואָיעווען־אַרום אין אונדזער לשון ווי דרײַ צעבאַלעוועטע ווײַס־חבֿרה־נײַקעס?

נאָך וואָס דאַרפֿן מיר האָבן אַזאַ מישמאַש, וואָס ברענגט־אַרײַן אַ בהלה אין אונדזער לשון און וואָס וועט סוף־כּל־סוף דערפֿירן, חס וחלילה, צו אַ ברודערקאַמף צווישן ליטוואַקעס, וואַרשעווער און גאַליציאַנער?

*

דאָס גאַנצע לעבן מײַנס האָב איך געזאָגט „דער קאָפּ“ און ס׳איז מיר אַפֿילו נישט אײַנגעפֿאַלן, אַז מען קאָן זאָגן אַנדערש. זיצט אין רעדאַקציע אַ קאָרעקטאָר, אַ ליטוואַק, און אַז איך שרײַב „דער קאָפּ“ מאַכט ער „די קאָפּ“, פֿון „דאָס ווײַב“ ווערט „די ווײַב“, פֿון „דאָס געדולד“ — „די געדולד“ און פֿון „דאָס געלט“ — „די געלט“.

אין די ניו־יאָרקער ייִדישע טאָג־צײַטונגען זײַנען אַ טייל מאַמרים געשריבן דורך ליטוואַקעס מיט ליטווישע „אַרטיקלען“ און אַנדערע זײַנען געשריבן דורך לאָדזשער מיט לאָדזשער „אַרטיקלען“. אין „צוקונפֿט“ שרײַבט אײַן העלפֿט מחברים אויף גאַליציאַניש און די אַנדערע אויף ביאַליסטאָקאַניש. אין „ייִדישער קעמפֿער“ לייענט מען — פּאַראַלעל — „דער שׂכל“ און „די שׂכל“, „דאָס געשעעניש“ און „די געשעעניש“, דער טאַט“ און „די טאַט“ און „דאָס טאַט“.

אַן אמתע אַנאַרכיע. פֿון ווײַבער ווערן מענער. פֿון מענער ווערן קינדער און פֿון קינדער ווערן ווידער אַ מאָל ווײַבער.

ס׳איז שוין דערגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז די דרײַ קלײנע חבֿרה־לײַט האָבן זיך אין גאַנצן אויסגעמישט און כ׳בין שוין ניט זיכער מיט דער מינדסטער זאַך. ווײַל ווו איז דען פֿאַראַן די קאָנטראָל ווי אַזוי צו שרײַבן? (אַגבֿ: די קאָנטראָל, צי דאָס קאָנטראָל, צי דער קאָנטראָל?)

בײַ דער קלענסטער זאַך פֿאַל איך איצט אַרײַן אין ספֿקות. אָט שרײַב איך אָן אַ קאָפּ פֿון אַ פּאָליטישער ידיעה: דער פֿראַנצייזישער פּאַרלאַמענט און דער רעגירונגס־קאַבינעט האַלטן־אָפּ אַ נײַע קאָנפֿערענץ וועגן דעם אייראָפּעישן פּאַקט“. און באַלד נעמען מיך באַפֿאַלן ספֿקות ווי זלידנע פֿליגן: וואָס עפּעס דער פּאַרלאַמענט? פֿאַר וואָס נישט די פּאַרלאַמענט? אָדער פֿאַר וואָס טאַקע נישט דאָס פּאַרלאַמענט? און פֿאַר וואָס בין איך אַזוי זיכער, אַז מען דאַרף זאָגן די רעגירונג און נישט דער רעגירונג? אָדער די קאָנפֿערענץ

און נישט דאָס קאָנפֿערענץ אָדער דער פֿאַקט און נישט די פֿאַקט? מיט וואָס פֿאַר אַ מאָס זאָל מען מעסטן די זיכערקייט? מיט דער וואַרשעווער? מיט דער ביאַליסטאָקער? מיטן גראַמאַטיקאַלישן ייִדיש, וואָס ס׳באַניצט מײַנס אַ באַקאַנטער ייִד פֿון שטעטל פּיאַטיל־ניצע, וואָס ליגט אויף די גרענעצן פֿון גאַליציע, ווײַסרוסלאַנד און קרוינפּוילן?

עס איז נישט פֿאַראַן אַזאַ מאָס און דעריבער קאָן ניט זײַן קיין רייד פֿון קיין גראַמאַטיקאַלישער זיכערקייט. דער דאָזיקער צושטאַנד מוז דערליידיקט ווערן מיט אַ קייזערשניט. מען דאַרף אָפּשאַפֿן די אַרטיקלען אין גאַנצן!

די לאַטײַניש שפּראַך האָט נישט קיין אַרטיקלען און האָט עקסיסטירט אַ שיינע פּאָר יאָר! קיין שום סלאַווישע שפּראַך האָט נישט קיין אַרטיקלען און זיי עקסיסטירן נאָך עד־היום.

מען זאָגט נישט אויף רוסיש: טען סוואָלאָטש און נישט טאַ סוואָלאָטש און נישט עטאַ סוואָלאָטש, נאָר פּשוט: סוואָלאָטש.

אָן שום אַרטיקלען.

אויף פּויליש זאָגט מען נישט טען סטול און נישט טאַ סטול און נישט טאָ סטול, נאָר — סטול. און דאָס איז גענוג. און מען דאַרף נישט קיין שפּאַרעניש צווישן ליטוואַקעס און וואַרשעווער. און קיין חילוקי־דעות צווישן אַ לייט־אַרטיקל פֿון „מאָרגן־זשורנאַל" און צווישן דער „די צוקונפֿט".

און דעריבער לייג איך פֿאָר אויסצושנײַדן די אַרטיקלען פֿון ייִדישן לשון: נישט: דער מאַן, די פֿרוי, דאָס קינד; דער אָקס, די קו, דאָס קעלבל; דער טשײַניק, די פֿילִיזשאַנקע, דאָס טעצעלע.

נאָר: מאַן, פֿרוי, קינד, אָקס, קו, קעלבל, טשײַניק, פֿיליזשאַנקע, טעצעלע...

אַ ייִדיש לערנבוך פֿאַר קינדער וואָלט אַזוי אַרום געווען דאָס לײַכטסטע אין דער וועלט.

אַנשטאָט: דער טיש שטייט אויף דער פּאָדלאָגע, דאָס בילד הענגט אויף דער וואַנט, משהלע איז אַ ייִנגעלע און שרהלע איז אַ מיידעלע — וואָלט געווען:

טיש שטייט אויף פּאָדלאָגע; בילד הענגט אויף וואַנט; משהלע איז ייִנגעלע, שרהלע איז מיידעלע.

אַזוי אײַנפֿאַך און אַזוי געניאַל פּשוט.

מיט רעזערווירטע אויטאָרן־רעכט שיקן מיר דעם דאָזיקן פּראָ־יעקט צום סנהדרין פֿון ניו־יאָרקער ייִוואָ.

משה גראָס־צימערמאַן

# „שפּײַסצונאַכטס“

...איך מײן נישט בלויז די נײַע שלאַגערס, וואָס האַקן מיר אין קאָפּ, טאָג ווי נאַכט, האָצקעס און אינטערנאַציאָנאַלע גרילצערײַען פֿון געאָשונד אין פֿילמען, קאַבאַרעטן, באַרן און פֿריילעכע קרעטשמעס, טאַראַראַם פֿון ראַדיאָ און טעלעוויזיע, וואָס האָבן זיך פֿאַרלייגט אויף מײַנע יאָרן און ווילן מיך דווקא, אַלע צוזאַמען, פֿריילעך מאַכן ביגוואַלד. וואָס האָבן זיי צו דער אינטימער, געמיטלעכער לאַנגווײַליקייט פֿון מײַנע פּריוואַטע ד׳ אַמות?

דורך די אָפֿענע פֿענצטער קרייעט־אַרײַן פֿון אַלע זײַטן דער קאָנצענטרירטער געפּילדער פֿון די אַלוועלטלעכע אַמוזיר־מאַכערײַקעס — און אַז דו פֿאַרמאַכסט שוין גוט דאָס ראַדיאָ־קעסטל, בורטשעט דאָס ערשט, פֿאַרמאַכטערהייט, מיט רוגזה און עקשנות: נישטאָ קיין איין שטילער ווינקל אויף דער ערד.

אָט איז שבת־צו־נאַכטס אין תל־אביב. מיד פֿון דער לאַנגער שבתדיקער רו, ווילט זיך אַ ביסל אַרויסגיין אין גאַס, אַזוי זיך, אָן אַ פּראָגראַם. קאָן איך זיך אָבער נישט דורכשטופּן דורך דעם געריס פֿון קולות, וואָס זיי אַליין, די קולות, פֿאַרנעמען דעם גאַנצן כּיכּר דיזנגוף — און שטערן די קאָמוניקאַציע.

דערצו קומט ערשט די „חברה“. די קיאָסקן זײַנען אַרומגעבויט מיט פּלייצעס, טראַנזיסטאָרס, פּיצאַס, גלידה, וואורשטלעך, שעוועליורעס, זײַנע און אירע, און דער עיקר: די „חתיכות“ (די „מיידלעך“). טייל זעען־אויס ווי בחורים, וואָס האָבן זיך פֿאַרשטעלט פֿאַר מיידלעך, און פֿאַרקערט אויך. פֿון דעסט וועגן, בײַ פֿאַרבײַטן האַלט דאָס נישט.

די גאַסן זײַנען אָנגעשטאָפּטע מיט פֿילפֿאַרביקע קאַראַוואַנעס. דאָס אַלץ גייט „פֿאַרברענגען“. אַלע גייען, גייט מען אויך: מ׳עט דאָך נישט זיצן אין דער היים און זיך נודיען פֿון גרייטן — גייט מען. אין מיטן שטייט מען, מען שטופּט זיך ערגעץ צו אַן אַמוזאַנטער נודאָטע.

דערנאָך גייט מען צוריק פֿון דער פֿאַרלאַנגווײַלונג — מ׳האָט שוין געלאַכט אויך: איז ערשט רעכט אומעטיק פֿון דער „פֿרייילעכקייט“. דרייט מען זיך ווידער אַרויף און אַראָפּ. קיין הנאה האָט

קיינער נישט. ס׳שוין נאָך די לידלעך און נאָך די וויצן — וואָס וועט זײַן דערנאָך?

דאָס איז דער דור, וואָס מען זעט אים שבת אין גאַס בײַ אונדז און בײַ אַנדערע: נישט דער גאַנצער דור, אָבער יענער, וואָס לעבט אַזוי צו זאָגן אין דרויסן, אין גאַנצן אָן פּנימיות. קיין דאַך איבערן קאָפּ האָט דאָס נישט. דער קאָפּ אַליין איז פֿאַרטומלט און זײַן ייִדיקייט איז נאָך דערצו צעמישט אויך. דאָס דאַרף מען קאָנען.

זײַן לאָזונג איז: גיכער, וואָלוועלער עולם הזה — מיט אַ גאַראַנטיע, אַז קיין הנאה וועסטו פֿון אים נישט האָבן. דאָס איז דער טאָנדעטנער עולם הזה, וואָס ווערט פּראָדוצירט אין ריזיקע מיליאָנען־סעריעס, אַזוי ווי די בונטע ספּאָרט־שפּענצערס און די שמאָלע דזשינס, אַלע גייען אין די מונדירן.

ווייס איך וויל, דאָס איז דער סטיל פֿון דער „נײַער צײַט", בײַ אונדז און בײַ אַלעמען: וועסט, חלילה, צוריקדרייען דעם זייגער? דער דאָזיקער רעקוויזיט איז אַ מין דבֿר שבקדושה בײַ די נײַע נודניקעס — למען השם, טשעפּע נישט דעם „זייגער"!

פֿון דעסט וועגן גיט זיך אַ מאָל, אומלעגאַל, אַ בענק צוריק נאָך די אַלטפֿרענקישע צײַטן — כ׳זאָל זאָגן, מ׳טאָר טאַקע נישט? געווען דעמאָלט אַנדערע שבתדיקע פֿאַרנאַכטן, שטילע, געצוימטע, מיט ווייכער, טונקעלער, מתיקותדיקער צעזונגענקייט פֿון סוף־שבתדיקן אומעט.

זיצט דער טאַטע מיט די קינדער, מיטן פֿרעמדן אורח און מיט די „בני היכלא" בײַם מאָגערן, שלוש־סעודותדיקן טיש — רעשטלעך זמירות, פּיצלעך פֿיש, איבערבלײַבעניש פֿון שבת, און רעפֿטלעך חלה טונקט מען אין חסידישן אָקעוויט. דער טיש איז טונקל — אָבער דאָס רעפֿטל טרעפֿט גלײַך צום קעלישיקל.

בײַ דער סאָמעטענער בלויקייט פֿון פֿענצטער פֿירט די מאַמע איר מלכות: אַליין אַ זילבערנע עטרה, אַרײַנגעוועבט אין בין־השמשות. זי טוליעט זיך צום רבונו של עולם און שעפּטשעט צו אים היימישע תּפֿילות אויף פֿאַרצײַטיקן תּחינה־ייִדיש. זי רופֿט צו הילף די אָבֿות און די ליבע אמהות שׂרה, רבֿקה, רחל, לאה.

אפֿשר רעדט די מאַמע מיט אַ פּיוון גאָר שטיל און היט זיך אויס מיט אירע וואַרעם־פֿאַרצויגענע רייד אויף ווײַבעריש ייִדיש, כּדי די מאַנצבילן, די חסידישע לצים, זאָלן נישט הערן און נישט חוזק מאַכן פֿון אַ ייִדענע. זי רעדט פֿאָרט אַנדערש מיט זײַן ליבן

נאָמען ווי די מאַנצבילן מיט זייער האַרבן לשון קודש פֿון די סי־דורים און די ספֿרים.

קאָן זײַן, אַ מאָל פֿאַרבענקט זיך די פּמליא של מעלה אַליין נאָך אַ ייִדיש וואָרט, ווייסן זיי שוין דאָרט אויבן, אַז שבת פֿאַר נאַכט שטייען אין טונקעלע ווינקעלעך פֿון דער וועלט ייִדישע מאַ־מעס און שעפּטשען זייערע תּפֿילות מיט אַ מאַמישן ניגון, מיט פּראָס־טע מאַמישע ווערטער: „אוי, באַהיט... און באַשירעם... טאַטע זיסער אין הימל..."

ס'איז דען פֿאַראַן נאָך עפּעס צו זאָגן?

לייבוש לעהרער

# עיקר שכחתי

פון בוך „מענטש און אידייע"

## צלם בהיכל

אונדזערע רעפֿאָרמירטע ייִדן, ראַבײַס און טעמפּלען זײַנען שוין ניט דאָס וואָס אַמאָל. די קלאַסישע רעפֿאָרעם פֿון גײַגער־האָלדהיים אין דײַטשלאַנד אָדער יצחק־מאיר אין אַמעריקע האָט שוין לאַנג פֿאַרלוירן איר חן און איר ספּעציעלע אַטראַקציע ווי אַן אויסדרוק פֿון ליבעראַליזם, פּראָגרעס אאַז"וו. אָבער ערגעץ ווו איז נאָך עפּעס דערפֿון געבליבן אַ ירושה, אַ זכר. אפֿשר טוט דאָס די השגחה מיט אַ כּיוון, כּדי מען זאָל תּמיד קענען זען בחוש, וואָס דאָס איז געווען אין די קלאַסישע בלײַענדיקע יאָרן.

און מעשׂה שהיה כּך היה. אין אַ דרומדיקן שטאַט פֿון אונדזער לאַנד איז פֿאַראַן אַ שטעטל מיט אַ גאַנץ־קליינער ייִדישער קהילה, פֿאַרמאָגן די דאָרטיקע ייִדן איין־איינציקן בית־תּפֿילה, אַ טעמפּל מיט אַ ראַבײַ פֿון יענעם סאָרט, וואָס איז געוואָרנט קעגן כּשרות ווי זײַן זיידע קעגן חזיר. ויהי היום האָבן זיך דאָרט פֿאַרוואַלגערט אַ חתן מיט אַ כּלה, וועלכע זײַנען עפּעס ניט געווען שווה בשווה מיט קלאַסישער רעפֿאָרעם. אַז עס איז געקומען זמן החתונה, זײַנען זיי אַוועק צום ראַבײַ און געבעטן, ער זאָל זײַן זייער מסדר־קידושין, אָבער בתּנאי אַז אַלץ זאָל צוגיין כּדת וכדין.

האָט דער ראַבײַ אויסגעהערט זייערע טענות בכּבֿוד ראש און בנעימותדיק געענטפֿערט, אַז אַוודאי וואָלט בײַ אים געווען דאָס גרעסטע גליק צו זײַן זייער מסדר קידושין, אָבער ער קען זיך ניט אומקערן צו די „פֿינצטערע צײַטן פֿון כּדת וכּדין". די אַלע פֿאַרעלטערטע צערעמאָניעס זײַנען בײַ אים אמתער חילול־השם, און ער, אַ ראַבײַ בישׂראל, ווי קען ער מחלל־השם־זײַן, בפֿרט נאָך ווען דאָס ווערט געטאָן בפֿני כּל עם ודעה?

האָבן חתן־כּלה דערזען, אַז ס׳איז ביטער — און געוווסט האָבן זיי אויך, אַז דער ראַבײַ איז אַ גרויסער עקשן, ווען מען וויל מחלל זײַן די הייליקע ייִדישקייט, זײַן ייִדישקייט — האָבן זיי טעלעפֿאָנירט אין אַ שכניש שטעטל און געבעטן אַן עצה. אויך דאָ איז געווען אַ קליינע ייִדישע קהילה, אָבער דערפֿאַר האָט גאָט מזכּה געווען דאָס ביסל ייִדן מיט צוויי בתּי־תּפֿילה, אַ רעפֿאָרמירטן טעמפּל און אַ שול, וואָס איז געווען ספֿק אָרטאָדאָקסיש, ספֿק קאָנסערוואַטיוו — הײַנטיקע צײַטן. נאָר אַ רבֿ האָט די שול געהאַט, וואָס כּדת וכּדין איז בײַ אים ניט געווען חילול־השם.

אַז מען האָט געבעטן בײַם רבֿ צו פֿאָרן מסדר־קידושין־זײַן חתן־כּלה אין טעמפּל, האָט ער געענטפֿערט, אַז אַוודאי וועט ער דאָס טאָן, ס׳איז דאָך אַ גרויסע מצווה. נאָר וואָס דען? ער מוז שטעלן צוויי תּנאים: דער טעמפּל דאַרף לאָזן שטעלן אַ חופּה און אַז בשעת חופּה מוזן די קעפּ זײַן צוגעדעקט — יאַרמלקעס אָדער היטלען. זײַנען חתן־כּלה אַוועק צום ראַבײַ און אים דערציילט, אַז דער פֿרומער רבֿ וויל קומען צו אים אין טעמפּל, זיי געבן חופּה־קידושין, נאָר ער שטעלט צוויי תּנאים.

ווען דער ראַבײַ האָט אויסגעהערט די צוויי תּנאים, איז אים באַפֿאַלן אַ גרויסער אומעט — אָבֿל וחפֿוי ראש. ער איז אָבער באַלד געקומען צו זיך און געענטפֿערט: „נאָו סער, איך וועל בשום אופֿן ניט דערלאָזן קיין חילול השם אין מײַן טעמפּל". האָט מען, פֿאַרשטייט זיך, גלײַך מודיע געווען דעם רבֿ די תּשובֿה, וואָס דער ראַבײַ האָט געגעבן, און מען האָט ווידער געטראַכט און זיך אַן עצה געהאַלטן וואָס צו טאָן. חתן־כּלה קען פֿון זייער שטעטל ניט אַוועק, דער טעמפּל וויל ניט דערלאָזן צום חילול־השם פֿון אַ חופּה מיט יאַרמלקעס — טאָ וואָס פֿאַר אַן עצה קען מען זיך דאָ געבן?

האָט דער רבֿ געפּסקנט, אַז ס׳זאָל זײַן ווי דער קאָזשעניצער מגיד האָט אַמאָל געזאָגט: „אויב משיח וועט ניט קומען צו ייִדן, וועט ער קומען צו גויים" — זאָל מען שטעלן די חופּה אין אַ

גויִישן האָטעל. און כּך הווה. שטילערהייט זײַנען אַפֿילו געקומען עטלעכע פּשוטע טעמפּל־ייִדן און זיך געלאָזט מצרף זײַן צום מנין. צי די דאָזיקע ייִדן זײַנען געווען טעמפּל־מאַראַנען אָדער זיי האָבן עס געטאָן אויס צער־בעלי־חיים, דאָס ווייס מען ניט. אָבער סײַ־ווי האָט זיך אַלץ דערווײַל געענדיקט בכי טוב. דאָס פּאָרל האָט חתונה געהאַט כּדת משה וישׂראל, און — מזל טוב.

איך זאָג „דערווײַל", ווײַל אַז ס'איז באַשערט מחלוקת בײַ ייִדן איז דאָך ניט שייך. האָט זיך ווידער געמאַכט אַ מעשׂה, כּאָטש גאָר פֿון אַן אַנדער שניט. אין יענעם שטעטל איז געווען אַ קריסטלעכע קירך. האָט זיך געטראָפֿן אַן אומגליק, עס איז אויס־געבראָכן אַ שׂריפֿה און צעשטערט די קירך ביזן גרונט. אין זײַן פֿאַרצווייפֿלונג, וואָס צו טאָן דעם קומענדיקן זונטיק, איז דער גלח אַוועק צום ראַבײַ און בײַ אים געבעטן די דערלויבעניש זיך צו באַניצן מיטן טעמפּל אויף אָפּצוריכטן די זונטיק־תּפֿילה מיט זײַן עדה.

דער ראַבײַ איז ממש געווען גליקלעך פֿון דער געלעגנהייט און פֿאַרזיכערט, אַז ייִדן וועלן זײַן דאַנקבאַר פֿאַר די פּריווילעגיע צו באַווײַזן דעם אמתן גײַסט פֿון טאָלעראַנץ זייערע קריסטלעכע שכנים. יענעם זונטיק זײַנען געקומען דער גלח, די קריסטלעכע כּלי־קודש, די גאַנצע קריסטלעכע עדה. געבראַכט די נייטיקע סימבאָלישע חפֿ־צים און אָפּגעריכט זייערע תּפֿילות אין ייִדישן טעמפּל. דאָס האָבן שוין ניט אַלע טעמפּל־מיטגלידער געקענט לײַכט אַריבערטראָגן. דער עיקר האָבן זיך מסתּמא געקאָכט יענע ייִדן, וואָס האָבן זיך שטילערהייט געלאָזט מצרף זײַן צום מנין בײַ דער חופּה. זיי האָט ניט געאַרט, וואָס מען האָט פֿאַרוואַנדלט דעם טעמפּל אין אַ קירך. דאָס — האָבן זיי גראַד געהאַלטן — איז טאַקע נייטיק, בעוונותינו הרבים. אָבער קירך — יאָ, און חופּה מיט יאַרמלקעס — ניט, דאָס איז שוין איבער דער טבֿע. איין ייִד האָט זיך באַזונדערס געקאָכט: „אויב צלם בהיכל איז כּשר, פֿאַר וואָס זאָל אַ חתונה כּדת וכדין זײַן טריף? אויב מיר זײַנען טאָלעראַנט צו גויִים, פֿאַר וואָס ניט צו ייִדן?

וואָס איז געווען דער סוף? די מחלוקת איז אָנגעגאַנגען חדשים לאַנג. לכתּחילה זײַנען די ראַדיקאַלע רעפֿאָרמערס שוין געווען גרייט נאָכצוגעבן די חופּה, אָבער בשום אופֿן ניט די יאַרמלקעס. דערמיט האָט זיך אָבער טייל באַלעבאַטים ניט צופֿרידן געשטעלט. אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז מען האָט אָנגענומען אַ תּקנה, אַז אויב עמעצער

וויל דווקא אַ חופּה מיט יאַרמלקעס — זאָל מען עס טאַקע דערלויבן, אָבער בתּנאַי, אַז גלײַך נאָך דער צערעמאָניע זאָל מען בלײַבן אין הוילע קעפּ, אַנדערש טאָר מען אין טעמפּל ניט זײַן.

דער ייִד׳ וואָס האָט מיר דערציילט די דאָזיקע מעשׂה, האָט באַלד מוסיף געווען: „דאָס איז טאַקע דער סוף פֿון דער מעשׂה, דאָך וויל איך אײַך עפּעס ווײַזן, וואָס כאָטש פֿון אַן אַנדער שטאָט, אַן אַנדער טעמפּל און אַן אַנדער ענין, דאָך פֿיל איך, אַז עס איז פּאָרט דער אמתער פֿינאַל פֿון דער פֿריִערדיקער מעשׂה". און ער האָט מיר געוויזן אַ בריוו, אַ ווענדונג פֿון אַ טעמפּל „בראָדערהוד"[1] צו זײַנע מיטגלידער. קודם־כּל דערציילט זיך דאָרט, אַז דער טעמפּל געפֿינט זיך אין אַ שלעכטער פֿינאַנציעלער לאַגע; אַלע רעגולערע פֿאָנדן אויסגעשעפּט, דאַרף מען זיך נעמען צו שאַפֿן געלט פֿון אַן אַנדער קוואַל. דערנאָך קומט אַ פֿאַרבעטונג צו אַ „סטעג פּאַרטי"[2]. דאָס דאַרף פֿאָרקומען אין אַ שטאָטישן רעסטאָראַן, וועלכער איז באַרימט צוליב די זייער ניט־כּשרע אַזאַרט־שפּילן, וואָס דאָרט איז דער צענטער דערפֿון. עס ווערט אויך שטאַרק אונטערגעשטראָכן אַז דאָס איז אַן אונטערנעמונג בלויז פֿאַר מענער, מען זאָל חס־ושלום ניט פֿאַרגעסן, אַז דער כאַראַקטער פֿון דער פּראָגראַם דערלויבט ניט עס זאָלן דאָרט זײַן פֿרויען אָדער קינדער. וואָסער פּראָגראַם דאָס איז, קען מען זיך לײַכט פֿאָרשטעלן און אפֿשר איז גלײַכער מען זאָל זיך עס ניט פֿאָרשטעלן. אין רעגולערן בולעטין פֿון טעמפּל ווערט די דאָזיקע אונטערנעמונג דערמאָנט אין אַ ספּעציעלן, פֿײַן־אויסגעשטעלטן פּאַראַגראַף, מיטן געהעריקן קעפּל, אַז דאָס איז אַ „סטעג פּאַרטי" פֿונעם טעמפּל בית אל, און דאָס דאָזיקע „גאָטס הויז" איז מודיע מיטן געהעריקן טראָפּ — „בלויז פֿאַר מענער". פֿרויען און קינדער וועלן אויך באַקומען אַ דערלויבעניש אַרײַנצוקומען, אָבער בלויז אין טעמפּל און בלויז צום דאַוונען.

מײַן דערציילער שלאָגט מיר איבער מײַנע רעיונות מיט דער באַמערקונג: „דאָס איז אויך אַ צלם בהיכל, אָבער פֿון אַן אַנדער מין".

ווי זאָגט מען עס: „הכּל תּלוי במזל אַפֿילו ספֿר־תּורה שבהיכל". מענטשן ווערן באַהערשט פֿון אַ סך תּאוות, זייער אַ סך... דאָך האָבן בלויז אַ טייל פֿון זיי באַקומען זייער געהעריקן אויבנאָן און פּאָפּו־

[1] בראָדערשאַפֿט. — [2] אַ וועטשערע ס׳רוב מיט פּיקאַנטע אונטערהאַלטן.

לאַריטעט; די איבעריקע שלעפּן זיך נאָך, בעטן זיך אַ קאַפּעלע אָנערקענונג, אָבער קיינער קוקט זיך אויף זיי ניט אום. נעמט, למשל, אַזעלכע תּאוות ווי סעקס, כּבֿוד, געלט. ווער ווייס עס ניט וועגן זיי? ווער רעדט דען ניט וועגן זיי? זיי זײַנען דאָך דאָס פּינטעלע וווהין מיר טײַטלען מיט די פֿינגער בעת מיר זײַנען חושד אונדזערע שכנים אין באַהאַלטענע מאָטיוון. אָבער וועגן די אומפּאָפּולערע, פֿאַרשוויגענע תּאוות קען איך אַפֿילו קיין בײַשפּילן ניט ברענגען, ווײַל קיינער וועט לכתּחילה גאָר ניט גלייבן, אַז עס זײַנען פֿאַראַן אַזעלכע לײַדנשאַפֿטן אין מענטשלעכן האַרצן.

אַזעלכע געדאַנקען פֿאַלן מיר אײַן, ווען איך טראַכט וועגן פּסיכאָאַנאַליז. די דאָזיקע פּסיכאָלאָגישע טעאָריע איז שטאַרק אָנגענומען בײַ פּסיכיאַטרן, אָבער זייער ווייניק צווישן פּסיכאָלאָגן. ווען עס קומט אָבער צום סתּם שרײַבער, רעדנער, בעלעטריסטן, דיכטערס, דאָרט איז הימל, ערד און פֿרויד. כּמעט אַלע זײַנען זיי, ווײַזט־אויס, אונטערן אײַנדרוק, אַז „מאָדערנע״ פּסיכאָלאָגיע — דאָס איז פּסיכאָאַנאַליז, און אַז אַלע פֿרוידיאַנישע אויסטײַטשונגען זײַנען אַקסיאָמען, וואָס די גאַנצע פּסיכאָלאָגישע וויסנשאַפֿט אַקצעפּטירט אָן שום טענות ומענות.

טייל פּסיכאָלאָגן דערקלערן אַזאַ מין אײַנדרוק אויף אַ גאַנץ־פּשוטן אופֿן. דאָס נעמט זיך, זאָגן זיי, דערפֿון וואָס כּדי צו פֿאַרשטיין פּסיכאָאַנאַליז זײַנען ניט נייטיק קיין ספּעציפֿישע טעכנישע קענטעניש, וועלכע די פּסיכאָלאָגישע וויסנשאַפֿט פֿאָדערט. ממילא, אַזוי ווי פּסיכישע פּראָצעסן זײַנען זייער אינטערעסאַנטע זאַכן פֿאַרן אַלגעמיינעם אינטעליגענטן מענטשן, רײַסט ער זיך גיכער צו פֿרוידיאַנישע שפּעקולאַציעס, ווו מען דאַרף ניט האָבן קיין ספּעציעלע אויסבילדונג זיי צו באַנעמען.

דאָס זעט מיר אויס צו זײַן אַ צו־פּשוטע דערקלערונג. דער אמת איז, אַז די פּסיכאָאַנאַליטישע טעאָריעס פֿאַרמאָגן אַ רייצנדיקע אַטראַקציע פֿאַר אַלעמען, אַפֿילו פֿאַר די וואָס זײַנען מיט זיי ניט מסכּים. אַלע ווייסן, אַז וואָס מען זאָל ניט זאָגן וועגן פֿרוידן, אָבער ער איז אַלע מאָל טיף, און פּסיכאָאַנאַליז רופֿט זיך טאַקע אויך „טיף־פּסיכאָלאָגיע״. אָבער ווען האָבן מיר דעם אײַנדרוק, אַז אַ טעאָריע איז טיף? און ווי טיף דאַרף זײַן „טיף״, כּדי מיר זאָלן דערשפּירן, אַז ס׳איז טאַקע טיף?

פּסיכאָאַנאַליז זעט מאַניפֿעסטאַציעס אין אַ דערוואַקסענעם מענטשן און דערפֿירט די סיבה דערפֿון צו געוויסע געשעענישן אין

זייַן קינדהייט. אַן אַנדערער אַנטוויקלט אַ טעאָריע, אַז אַ סך דערפֿון קען צוריקגעפֿירט ווערן צו באַשטימטע ווירקונגען אין עמבריאָנישן צושטאַנד. פֿרויד אַליין זעט סיבות פֿון איצטיקן פּסיכישן צושטאַנד פֿון אַ מענטשן אין דער אַלטער ווילדער צייַט, ווען עס זייַנען פֿאָרגעקומען בלוטיקע ראַנגלענישן צווישן דעם פֿאָטער און זייַנע זין פֿאַר די ווייַבער פֿון דער פֿאַמיליע. ווייַטער קען מען שוין ניט גיין. סייַ־ווי איז דאָס ניט אַזוי פֿיל „טיף“ ווי „ווייַט“. עס איז ווייַט, ווייַט הינטער דעם געשעעניש, וואָס מיר זעען איצט. עס ווייַזט זיך מיר אויס, אַז ווייַטלויפֿיקייט ווירקט, ציט, מאַכט דעם אייַנדרוק ווי עפּעס אַ פֿאַרבאָרגענער קוואַל פֿון לויטערן אמת וואָלט זיך פּלוצלינג געעפֿנט פֿאַר אונדז.

איך געדענק ביז איצט דעם גרויסן רושם, וואָס אויף מיר האָט געמאַכט די פּסיכאָאַנאַליטישע המצאה, אַז יעדע פֿונקציאָנעלע משוגעת איז בלויז אַן אומקער צו אַ פֿריִערדיקן פּסיכישן צושטאַנד פֿון פּרימיטיווע צייַטן. דאָס איז פֿאַר מיר געווען אַ לאָקנדיקע טעאָריע. איך האָב אין איר דערזען אַ סך שיינקייט. אַ שאָד נאָר, וואָס זי זעט־אויס צו זייַן דורכויס פֿאַלש.

ווייַטלויפֿיקייט מאַכט דעם אייַנדרוק פֿון טיף, פֿון שיין, פֿון עפּעס וואָס אַנטפּלעקט און פֿאַרכאַפּט. ניט אומזיסט האָט זיך ערנסט העקל באַנוגנט מיט אַזאַ מין ווייַטלויפֿיקער טעאָריע צו דערקלערן, פֿון וואַנען עס נעמען זיך לעבעדיקע באַשעפֿענישן אויף דער ערד. העקל, ווי באַקאַנט, האָט מלחמה געהאַלטן קעגן אייבערגלויבן, אַפֿילו קעגן גלויבן. ער האָט געפֿונען אַ סתירה צווישן וויסנשאַפֿט און רעליגיע און זיך געשטעלט אויף דער זייַט פֿון וויסנשאַפֿט. לעבן, האָט ער געהאַלטן, האָט זיך מסתמא באַוויזן אויף אַן אַנדער פּלאַנעט און פֿון דאָרטן אָנגעשטעקט מיט דעם אונדזער ערד. מילא, אַן אַנדער פּלאַנעט איז גענוג ווייַט, דערוועקט דאָס די תאווה צו ווייַטלויפֿיקייט. אָבער וואָס האָבן מיר דערפֿון? אַ ייִד אַ למדן וואָלט געזאָגט: „הרוצה לשקר ירחיק עדותו“. אויב מען דאַרף נישטערן אויף אַן אַנדער פּלאַנעט, איז גיי פֿאָלג מיך אַ גאַנג. אַ חוץ דעם, וואָס ווערט שוין פֿון דעם קלאָר?

איך האָב אַמאָל געהערט פֿון אַ וואַרשעווער ייִדן אַן אומדירעקטן קאָמענטאַר אויף דער תאווה צו ווייַטלויפֿיקייט. דאָס איז געווען אין דער צייַט פֿונעם צאַר, ווען רוסיש פּוילן האָט געהאַט אַ גרויסע קופּערנע מטבע פֿון פֿינף קאָפּיקעס. מען האָט זי גערופֿן צענער. האָבן וואַרשעווער ייִדן זיך געוויצלט, אַז אַ ייִנגל טאָר ניט זאָגן

„צענער". פֿאַר וואָס? ווײַל אַ צענער איז פֿון קופּער, פֿון קופּער מאַכט מען פֿאַנען, אין פֿאַנען קאָכט מען פֿיש און פֿיש עסט מען אויף אַ חתונה. אָבער אַ ייִנגל דאַרף ניט ריידן וועגן חתונה.

ווײַטלויפֿיקייט איז בלי ספֿק אַן אינטעלעקטועלע תּאווה. וואָס מיר האָבן פֿון אונדזערע תּאוות, דאָס איז גאַנץ־גוט באַקאַנט. אָבער לאָמיר אויך געדענקען די קאָמפּענסאַציע, וואָס איז גרייט פֿאַר אונדז. ווען מיר אַנאַליזירן יעדע קאָלעקציע וויצן, וועלן מיר אײַנזען, אַז זיי דרייען זיך על פּי רובֿ אַרום מענטשלעכע תּאוות. דאָס איז אַ געווינג־ערנסטע באַלוינונג, וואָס מען טאָר ניט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט.

## געלעכטער, מיטלייד און אומגעדולד

בערגסאָנס טעאָריע פֿון געלעכטער איז ניט בלויז אויף דער ליניע פֿון זײַן פֿילאָסאָפֿיע בכלל, נאָר פֿאַרמאָגט אויך אין זיך אַ הויפּטגעדאַנק, וואָס אילוסטרירט אויפֿן דינסטן אופֿן די טבֿע פֿון מענטשלעכן גײַסט. איך האָב דאָ אין זינען ספּעציעל דעם געדאַנק, אַז מיר לאַכן, ווען מעכאַנישע באַוועגונג פֿאַרנעמט דאָס פּלאַץ פֿון לעבעדיקער טעטיקייט. ווען אַ מענטש גליטשט זיך אויס, ווען דער ווינט רײַסט עמעצן אַראָפּ דעם הוט פֿון קאָפּ, אין אַזעלכע מאָמענטן לאַכן מיר, ווײַל פֿרײַע, לעבעדיקע האַנדלונג ווערט באַזיגט פֿון מעכאַנישע כּוחות, ווי גליטשיקייט און ווינט. מיר זעען דעמאָלט לעבעדיקע מענטשן אין אַ ספּעציעלער פֿאָרעם פֿון אומבאַהאָלפֿנקייט; זיי מוזן זיך בייגן פֿאַר עפּעס וואָס איז אין אונדזער געפֿיל קלענער, פֿאַרמאָגט ווייניקער חשיבֿות. דאָס —על פּי בערגסאָן— איז דער תּוך פֿון אַ געוויסן טיפּ קאָמישע סיטואַציעס, וואָס רופֿט־אַרויס געלעכטער.

מען קען ניט לייקענען, אַז דאָס איז זייער אַן אָנגעזעענער פֿאַקטאָר אין דער קאָמישער סיטואַציע, אָבער מען דאַרף דאָס ווי גענעריק קוואַליפֿיצירן. ווען מיר זעען אַ מענטשן גיין אויף קוליעס, איז עס אַן אומבאַהאָלפֿנקייט, וואָס האָט אויך אין זיך אַ מעכאַנישן עלעמענט, עס באַהאַלט זיך אין דעם אַפֿילו אַ הויך פֿון קאָמיזם, אָבער אין לעצטן סך־הכּל רופֿט עס אַרויס אַ געפֿיל פֿון מיטלייד, אַנשטאָט געלעכטער. פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָ זײַנען פֿאַראַן גאַנץ־ספּעציפֿישע כאַראַקטער־שטריכן; די גליטשיקייט און דער ווינט קומען, אַזוי צו זאָגן, פֿון דרויסן, און דער געשטרויכלטער מענטש ווערט זיך אַנטקעגן זיי. דאָ אָבער זײַנען די קוליעס שוין געוואָרן

אַ טייל פֿונעם אָרגאַניזם גופֿא; דער הינקעדיקער מענטש האָט שוין מיט זיי שלום געמאַכט. אַ חוץ דעם האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט אַ שטענדיקער לאַגע, אויף וועלכער עס ליגט די חתימה פֿון אַ מענטשנס גורל.

בקיצור, אין די פֿאַלן פֿון הוילן קאָמיזם איז דער מעכאַנישער עלעמענט אַ דרויסנדיקער און אויך אַ מאָמענטאַלער, געקומען און פֿאַרשוווּנדן. באַלד ווי עס האָט געטראָפֿן האָט דער מענטש צוריק געקראָגן איבער זיך די קאָנטראָל פֿון אייגענעם לעבעדיקן ווילן. אָבער ווען אַ מענטש גייט אויף קוליעס, ווען די לאַגע איז אַזאַ, אַז דער מעכאַנישער עלעמענט האַלט־אָפּ אַן ענדגילטיקן נצחון, דעמאָלט איז דאָס גורל, איז דאָס שטראָף, און דאָס פֿאַרוואַנדלט דאָס קאָמישע אינעם טראַגישן. אַז אַפֿילו אין דעם איז אויך פֿאַראַן אַ שאָטן פֿון קאָמיזם, באַווײַזט דער פֿאַקט, וואָס קליינע קינדער לאַכן פֿון אַ בעל־מום. אין דערוואַקסענע יאָרן, ווען מיר זײַנען שוין פּסיכיש גרייט אויפֿצונעמען דעם זין פֿון טראַגישער באַשערטקייט, דעמאָלט ווערט דער אימפּולס פֿון געלעכטער פֿאַרשטויסן דורך דעם כוח פֿון מיטלייד.

אָבער סע איז אויך פֿאַראַן אַ ספּעציעלע פֿאָרעם פֿון מעכאַנישקייט, וואָס דערוועקט ניט געלעכטער און ניט מיטלייד, נאָר אַן אומגעדולדיקע צערייצטקייט. דאָס קומט־פֿאָר דעמאָלט, ווען די מעכאַנישע הילף, מיט וועלכער מיר באַניצן זיך, באַשטייט פֿון שפּראַך, פֿון ווערטער. וואָרעם אויך אין דער מלוכה פֿון ווערטער זײַנען פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס האָבן אַן אייגענעם ווילן, וואָס קומען־אַרויס אויף דער וועלט מיטן צאַפּל און דעם לעבעדיקן אָנזאָג פֿון נאָר־וואָס־געבוירענע קינדער. עס זײַנען פֿאַראַן אויך אַזעלכע ווערטער, וואָס אין געוויסע סיטואַציעס קומען זיי צו אונדז ווי מעכאַנישע שפּילצײַג אָדער ווי אין פֿאַבריק־געמאַכטע שטעקנס, גרייט צו שפּילן די ראָלע פֿון געטרײַע קוליעס אונטער לעבעדיקע אָרעמס. עס קען זײַן, אַז אין אַזאַ פֿאַל איז אויך פֿאַראַן אַן עכאָ פֿון קאָמיזם אין דער סיטואַציע, אָבער סוף־כּל־סוף דערוועקט דאָס ניט געלעכטער, אויך ניט מיטלייד, נאָר אַן אומגעדולד וואָס באַשווערט דאָס געמיט.

אַנומלטן האָב איך אין משך פֿון עטלעכע טעג געלייענט דרײַ אַרטיקלען און אַלע דרײַ האָבן באַנוצט דעם זעלביקן סטעראָטיפּישן טיטל: איינער האָט געשריבן „אויפֿן ראַנד“ פֿון עמעצנס בריוו; אַ צווייטער האָט קאָמענטירט „אויפֿן ראַנד“ פֿון אַ בוך;

אַ דריטער האָט געמאַכט אַ פּירוש „אויפֿן ראַנד“ פֿון זײַנע אייגענע געדאַנקען. נאָכן דריטן אַרטיקל האָב איך דערפֿילט, אַז איך דער־נענטער זיך צום ראַנד פֿון מײַן דיסציפּלינירטער געדולד. לכתּחילה האָב איך זיך אַליין געחידושט, פֿאַר וואָס דער אומשולדיקער „אויפֿן ראַנד“ האָט מיר פּלוצלינג צעשטערט די געמיטלעכקייט פֿון מאָ־מענט. טאַקע — פֿאַר וואָס?

פֿאַראַן מענטשן וואָס בעת זיי לייענען ביכער פֿאַרצייכענען זיי אויפֿן ראַנד פֿון די בלעטער באַמערקונגען וועגן דעם שרײַבער און זײַנע אַרויסגעזאָגטע געדאַנקען אָדער בכלל וועגן דעם ווערט פֿון געוויסע שטעלן אינעם בוך. אַזעלכע באַמערקונגען ווערן, נאַטירלעך, געשריבן אײַליק, סטימולירט פֿון מאָמענט, און טראָגן עפּעס אין זיך פֿאַרבײַגייענדיקס, ניט־פֿאַרענדיקטס, אָבער גענוג וויכטיק, אַז זיי זאָלן אַרויסגעזאָגט ווערן. אַ מאָל ווילט זיך טאַקע שרײַבן עפּעס, וואָס האָט אין זיך אָט די אַלע כאַראַקטער־שטריכן. עס וואָלט געווען אַ פֿײַנער סטיליסטישער אײַנפֿאַל, ווען עמעצער דערטראַכט זיך צו אַן איינציק וואָרט, וואָס זאָל דאָס אַלץ אויסדריקן. איז פֿאַראַן אַזאַ וואָרט? אַ פֿיקסירט וואָרט אין דער שפּראַך, וואָס זאָל אַקוראַט דאָס באַצייכענען, איז ניטאָ. האָט זיך עמעצער געכאַפּט, אַז „אויפֿן ראַנד“, כאָטש ניט בוכשטעבלעך, איז בילדלעך גענוג פּרעציז, אַז מען זאָל עס קענען באַניצן רעטאָריש אין אַזאַ זינען. עס גיט דעם אײַנדרוק, ווי אַ מענטש לייענט אַ ווערק און בשעת מעשׂה פֿאַר־צייכנט ער אויפֿן ראַנד פֿון די בלעטער צעוואָרפֿענע באַמערקונגען און פּירושים.

אַן אמתער יישר־כּוח קומט דעם שרײַבער, וואָס איז געווען דער ערשטער צו באַניצן „אויפֿן ראַנד“ אין אַזאַ זינען. אָבער ווען עס ווערט פֿאַרשפּרייט, ווען אַנדערע שרײַבערס נעמען דאָס איבער פֿון גרייטן, בקיצור, ווען עס ווערט מאַסן־פּראָדוקציע, דעמאָלט ווערט דערפֿון אַ פֿאַבריק־געמאַכטער שטעקן, אַ מעכאַניש מיטל צו העלפֿן די וואָס אויף זיי פֿאַלט שווער דאָס גיין אַליין.

יעדן פֿון אונדז קומט טייל מאָל אויס צו הערן אַזעלכע מע־כאַנישע, סטעראָטיפּישע רייד, און מיר ווערן דערפֿון צערייצט, אומרויִק, אומגעדולדיק. איך קען עס בלויז דערקלערן מיט דעם, וואָס דאָ איז דער מעכאַנישער עלעמענט אַנדערש ווי בײַ געלעכטער אָדער מיטלייד, און די אַנדערשקייט איז אַזאַ, אַז זי שאָקירט אונדז מאָראַליש, וואָרעם דער אײַנדרוק איז, אַז דער שרײַבער אָדער רעדנער האָט מיט זײַן אייגענער פֿרײַער ברירה אויסגעקליבן אַ

קוליע אַנשטאָט אַ לעבעדיקן אבֿר. צוליב דעם פֿאַלט אין אונדזערע אויגן די מאָראַלישע קוואַליטעט פֿונעם מענטשן. ער האָט, הייסט עס, געקענט שטײַגן העכער, אָבער ער האָט באַשלאָסן צו זינקען נידעריקער. דאָס רופֿט־אַרויס דעם פֿאַרלאַנג זיך צו דערווײַטערן דערפֿון, ווי עפּעס וואָס איז אַן אומכּבֿוד פֿאַר דער מענטשלעכער חשיבֿות. פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז בלויז דער ערשטער אומ־פֿאַרמיטלטער אײַנדרוק און דאָס מאַכט אונדז אומגעדולדיק.

אינטעלעקטועל־רײַפֿע מענטשן זײַנען, נאַטירלעך, גרעסערע מפֿונקים אין שפּראַך. צווישן זיי באַגעגנט מען אָפֿט אַזעלכע, וואָס האָבן פֿײַנט ממש תּכלית השׂנאה דעם פֿערפּומירטן צוק אין לשון, דעם הויך־געפֿליגלטן אויסדרוק — מליצה. וואָס מער איך האָב באַטראַכט אַזעלכע פֿאַלן, האָב איך אײַנגעזען, אַז זייער ווידערווילן איז נישט גערעכט, דער עיקר, קעגן מליצה גופֿא, נאָר אַן אַנדערן אַספּעקט, וואָרעם על פּי רובֿ זײַנען די סענטימענטאַלי־צעגאָסענע אָדער גוזמאדיקע אויסדרוקן אין שפּראַך אַלטע סטעראָטיפּן, פֿאַר־טיקע שטעמפּלען, וואָס גייען־איבער פֿון האַנט צו האַנט ווי פֿיק־סירטע מטבעות. מען שאָקלט זיך מער אָפּ פֿון דער מעכאַנישער שוין־געהעריקייט, וואָס שמעקט פֿון זיי ווי פֿון זייער בלומענדיקייט. איך שטעל מיר פֿאָר, אַז אַן איבער־סענטימענטאַלער אויסדרוק, אָבער אַ פֿרישער, אַ לעבעדיק־געשאַפֿענער, וואָלט אַזאַ ווידערווילן נישט אַרויסגערופֿן.

דבֿ סדן

# זכרונות פֿון אַ בעל־מתרגם

## אליעזר שטיינבאַרגס משלים

די באַליבטקייט פֿון אליעזר שטיינבאַרגס משלים דאַרף, דוכט זיך, נישט באַוויזן ווערן. זי איז אַ צו־באַקאַנטער כּלל. מעגלעך אָבער, אַז ס׳איז נישט אַזוי באַקאַנט, אַז דער כּלל איז באַזונדערס חל אויף ארץ־ישׂראל. זינט ס׳האָט זיך דאָ געיאַוועט דאָס בוך משלים, האָט מען דאָ אַוועקגעקוקט פֿון דער צרה — דער משונה־דיקער אָרטאָגראַפֿיע — און זיך אײַנגעקוקט אין תּוכן. דאָס בוך

האָט אַרומגעשפּרײַזט איבערן לאַנד, מ׳האָט עס געלייענט און ווידער געלייענט, דעקלאַמירט און געלערנט אויסנווייניק, בקיצור: עס איז געוואָרן וואָס עס איז — אַ שם־דבֿר. האָט אָבער אויך שטיינבאַרג געהאַט דאָ אַ גאָר־לײַטישן אַפּאָסטל — ביאַליק האָט זיך נישט געקענט זאַט אָנלויבן, און ער האָט אַ פּאָר מאָל, אין זײַנע פֿאָרטראַגן, גערעדט מיט גרויס באַגײַסטערונג וועגן דעם צויבערדיק־פֿליהדיקן פֿאַבל־דיכטער. איז קיין וווּנדער נישט, אַז ס׳איז לעבעדיק געוואָרן דער פֿאַרלאַנג צו ווײַזן שטיינבאַרגס אַ משל דעם העברעיִשן לייענער, כאָטש ס׳איז קלאָר געווען, אַז דאָס איז אַ שווער שטיקל מלאכה. און צום שווערסטן איז געווען דער ערשטער שריט. ס׳איז מיר, אין 1935, נישט לײַכט אָנגעקומען דעם דאָזיקן שריט צו וואַגן. אָבער נאָך דעם ווי ס׳איז דערשינען מײַן ערשטע איבערזעצונג — דער באַקאַנטער משל פֿון דער נאָדל און דער שפּיז — און זי האָט נושא חן געווען בײַ שרײַבערס און לייענערס, און יעקבֿ פֿיכמאַן, דעמאָלט רעדאַקטאָר פֿון „מאָזנים“, און בערל קאַצענעלסאָן, רעדאַקטאָר פֿון „דבֿר“, האָבן מיך אויפֿגעפֿאָדערט ווײַטער צו איבערזעצן, ביז ס׳וועט זיך צוזאַמענעמען אַ היפּש בינטל — האָב איך געפּרוּווט מײַן פּען, טאַקע איבערגעזעצט אַ פּאָר משלים און זיך דערבײַ אָפּגעשטעלט.

זיך אָפּגעשטעלט? ניין, כ׳בין אָפּגעשטעלט געוואָרן. און מעשׂה שהיה כּך היה: איך האָב מיך, פֿאַרשטייט זיך, געווענדט צו דער אַלמנה פֿון מחבר וועגן אַ דערלויבעניש מײַנע איבערזעצונגען צו פֿאַרעפֿנטלעכן. האָט זי מיר די דערלויבעניש געגעבן, אָבער באַמערקט, אַז דער משל פֿון דער נאָדל און דער שפּיז, אין מײַן העברעיִשן נוסח, האָט דאָרט, אין טשערנאָוויץ, הייסט עס, נישט איבעריקנס אויסגענומען. נו, האָב איך געהאַט צער פֿון דעם עצמות־נפֿש, וואָס עפּעס אַ מסופּקדיקער מבֿין האָט דער אַלמנה אָנגעטאָן, און בין געווען אין אַ קלעם. ערנסט ענטפֿערן — הייסט נעמען פֿאַרטיידיקן זיך אַליין. און וואָס וועט זײַן מיט שלמה המלכּס עצה „יהללוך זר ולא פּיך“? האָב איך געפּרוּווט ענטפֿערן אין אַ געגראַמטן בריוו, וואָס לייענט זיך אָט אַזוי:

אַ באַרג משלים האָט געלאָזן אליעזר שטיינבאַרג,
איז אַ פֿרייד דאָס אי פֿאַר גרויסוואַרג, אי פֿאַר קליינוואַרג,
בליאַסקעט דאָך אַ יעדער משל ווי אַ שנירל פּערל
קלינגט דאָך יעדער משל ווי אַ זילבערגלאָק.

האָט זיך פֿאַרעקשנט איינער, הייסט ער בערל,
און זײַן דײַטש־נאָמען איז שטאָק,
אַז כאָטש נעם און שטעך און בראָק,
און כאָטש וואַרג אים,
מוז ער זײַן מתרגם
עטלעכע משלים אינעם לשון פֿון תנ״ך.
פֿאַרשטייט זיך, נישט קיין לײַכטע זאַך,
און כאָטש גענומען מיט גאָר־גרויסן ברען
די לשון־קודשדיקע פען,
ער געכאַפּט האָט דעם רעכטן שוויץ
(אַז יעדער משל סאַמע שאַרף און סאַמע שפּיץ!)
זיך געיישובֿט און געיישובֿט און צו לעצט
אַ האַלב טוץ משלים איבערגעזעצט,
און לאַנג געטאָקט, געטעסעט און געשליפֿן, ביז
מיט אַ האַרץ אַ שווערן אָפּגעדרוקט
די מעשׂה פֿון דער נאָדל און דער שפּיז.
דער עולם האָט געלייענט, געלעקט די פֿינגער,
איז, פֿאַרשטייט זיך, אויפֿן האַרצן שוין געוואָרן עפּעס גרינגער,
און בפֿרט אַז אויך די חבֿרה שרײַבערס האָט אָנגעהויבן לויבן:
פֿי, אַ תּרגום־לשון, נאָר צו שטעלן אין די שויבן.
האָט זיך געזעצט דער איבערזעצער אויפֿן באַרג מיט שבֿחים
און געגרויסט זיך און געגוידערט: זעט אַ מושל, זעט אַ חכם!
פּלוצעם אויף דער גלאַטער שויב אַ קריץ,
וואָס טראָגט זיך אַזש פֿון סאַמע טשערנאָוויץ,
אַ יאָנטל דאָרט פֿאַרגלוסט זיך אָפּצוטאָן אַ פּסאָטקע [1]
דעם איבערגעזעצער און דערלאַנגען אים אַ בינטל שמיץ,
האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ בייזע פּליאָטקע,
וואָס האָט אַ ריח פֿון אַ טעמפּן וויץ:
אַז דער תּרגום האָט חסרונות מער ווי מעלות,
פּשוט אַ געלעכערטער פּסולער טלית.
האָט דאָס שטיק רכילות זיך צעוואָרפֿן און צעטראָגן
און ווי אַ טײַוול זיך גענומען יאָגן
און ווי טבֿת־ווינטן זיך צעבלאָזן

---

[1] נאַרישקייט.

און צעטאַנצט זיך אין אַ דאַנס־מאַקאַבר,
אַז דערהערט אויך האָט די אַלמנה פֿון מחבר
און אַרײַן איז אין אַ ירגזון,
און אין אַ בריוו, קיין תּל־אָבֿיבֿ געשריבן,
אים די מאָרדע לײַטיש אָנגעריבן.

אָבער דער באַוווּלטער מתרגם זאָגט אַזוי:
הערט זיך אויס, מײַן זייער געערטע פֿרוי,
זאָגט, זײַט מוחל, אײַער תּנא קמא,
(איר קענט אים דאָך מסתּמא)
אַז אַ פֿליאָטקע־מאַכער קריגט אויף יענעם
עולם דעם זידנדיקסטן קעסל אין גיהנום.
און אויף דעם עולם קריגט ער קאַלטס
מיט אַ קאַנטשיק, געווייקט אין פֿעפֿער און אין זאַלץ,
און איבריקנס: ער מעג זיך שעמען אין זײַן ווײַטן האַלדז.

פֿרײַע אַרבעטער־שטימע, נ״י, 1952

# ביאָ־ביבליאָגראַפיע

אַ. לוצקי איז דער שרײַבער־נאָמען פון אַהרן צוקער, געב׳ אין 1894 אין דימיטראָווקע, בײַ לוצק — אוקראַינע. דער טאַטע, אַ בוכהאַלטער, פלעגט ימים־נוראים דאַוונען פאַרן עמוד; די מאַמע, ברידער, שוועסטער אויך אַרײַנגעטאָן אין שפּילן און זינגען: און ער אַליין איז צו די 12 יאָר געוואָרן משורר בײַ אַ חזן אין לוצק און געלערנט שפּילן פידל. נאָכגעבנדיק דעם טאַטן, האָט געלערנט עטלעכע יאָר אין ישיבה, אָבער צו דער זעלביקער צײַט זיך באַקענט מיט דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור און פון 1908 געשריבן לידער, דערמוטיקט פון פרצן, וועלכער האָט אים געוואָלט אין 1913 פאַרהאַלטן אין וואַרשע, אָבער ער קומט־אָן 1914 אין נ״י. געווען אַ הענדלער, לערער, געגעבן לעקציעס פון פידל. דעבוטירט 1917, אין „טאַגעבלאַט״. געווען אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי, אײַנטיילגענומען אין שלאַכטן בײַ ווערדען, פראַנקרײַך. אַליין געמאַכט אַ רעוויזיע אין זײַן שרײַבן, וואָס האָט קיין אָנערקענונג ביז דעמאָלט נישט באַקומען, נישט בײַ דער קריטיק, נישט בײַ שרײַבערס. אַ דאַנק בעל־מחשבותן ענדערט זיך אָבער די באַציִונג צו אים און זײַן אייגענער דרך אויך. ער ווערט דער טעאַטראַלישער דיכטער מיט אַ זעלטענער קאָנצענטרירטקייט און פלאַסטישקייט, וואָס בעט זיך צו ווערן אויסגעשפּילט, מיט אַ זעלטענעם חוש פאַר הומאָר. אין בוכפאָרעם: אומעטיק און פריילעך, אָדער נעמט עס, ס׳איז גוט פאַר אײַך, 4 ביכער אין איין באַנד, 368 זײַטן, מיט 35 זז׳ „קריטיק איבער אַ. לוצקין״, נ״י 1927. בראשית — אינמיטן, פאָעטישע פילאָסאָפיע איבער ווערן און צעשטערן, 224 זז׳, נ״י 1932. פאַרטרעטן פון שרײַבער, מאָלער, מוזיקער, אַקטיאָרן און אַרבעטער־פירער, 283 זז׳, נ״י 1945. אַ בוך צום לעבן, 217 זז׳, נ״י 1948. אַ. לוצקי איז געשטאָרבן אין 1957. אין 1958 האָט אַהרן קאַרלין, רעדאַקטאָר פון זשורנאַל „די פעדער״, ווו לוצקי האָט געפונען די ערשטע און העכסטע אָנערקענונג, אַרויסגעגעבן אַלדאָס גוטס, 360 זז׳ פון לוצקיס שאַפונגען, ווי אויך לויב־געזאַנגען פון אַזעלכע, וועלכע האָבן אים פריִער אויסגעלאַכט... לוצקיס אייניקע שאַפונגען אין די אינטערפּרעטאַציעס פון הערץ גראָסבאַרט און יוסף בולאָוו געהערן צו די העכסטע דערגרייכונגען פון קינסטלערישער רעציטאַציע אין דער ייִדישער וועלט.

הירש אָשעראָוויטש, געבוירן 1908 אין פּאָניעוועזש, ליטע, האָט פרי געשריבן לידער, אָבער ערשט אין 1934 באַוויזן זיי צו דרוקן אין בלעטער, זשורנאַלן, אַלמאַנאַכן. זינט 1947, ווען ס׳דערשײַנט אין מאָסקווע זײַן בוך פאָעמעס און באַלאַדעס פון קלעם אַרויס, און זינט ר׳איז רעדאַקציע־מיטגליד פון „סאָוועטיש היימלאַנד״ דערשײַנען אין ר״פ זײַנע לידער־ביכער אין רוסישער און ליטווישער איבערזעצונג. געווען וויסנשאַפטלעכער סעקרעטאַר פון ייִוואָ אין ווילנע בײַ דער ליטווישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע. אָנהייב 1972 אָנגעקומען אין מ״י און באַלד זיך פאַררעקאָמענדירט ווי איינער פון די רײַפסטע און גײַסטרײַכסטע פּאָעטן פון דער הײַנטיקער שעפערישער ייִדישער דיכטער־פלעיאַדע. דאָס ווײַזן זײַנע ביכער לידער צווישן בליץ און דונער, 284 זז׳, תל־אָביב 1973, און אין דער וועלט פון עקדות, 180 זז׳, ת״אָ 1975. חוץ מײַסטערשאַפט אין פּערז, שפראַך־פשטות און דאָך זעלטענע לויטערקייט דערשײַנט ה. אָ. אָפט אין זײַנע עפּיגראַמען מיט אויפבליצן פון ווייכן הומאָר, ווי אַ מזג טוב. באַלאַנסירט צווישן פּאָעטישער פאַנטאַזיע און אינטעלעקטועלער גראַדליניקייט.

## מוסטערווערק פון דער יידישער ליטעראַטור



78 דערשינען מיט סובסידיע פֿון יוסף ליפשיץ־ פֿאָנד
און פֿון 79סטן באַנד דערשײַנען די מוסטערווערק
מיט דער סובסידיע פֿון דוד טוריאַנסקי־פֿאָנד
אונטער דער רעדאַקציע פֿון שמואל ראָזשאַנסקי

1) שלמה עטינגער — **אויסג׳ שריפֿטן**, 2טע אויפלאַגע (312 זײַטן)
2) מאַרק וואַרשאַווסקי — **ייד׳ פֿאָלקסלידער**, 3טע אויפלאַגע (216 זײַטן)
3) ה. ד. נאָמבערג — **אויסג׳ שריפֿטן**, 2טע אויפלאַגע (256) זײַטן)
4) מענדעלע — **מסעות בנימין השלישי**, 3טע אויפלאַגע (256 זײַטן)
5) לייב נײַדוס — **אויסגעקליבענע שריפֿטן**, 2טע אויפלאַג (208 זײַטן)
6) יעקבֿ דינעזאָן — **יאָסעלע קריזיס**, 3טע אויפלאַגע (256 זײַטן)
7) משה בראָדערזאָן — **אויסגעקליבענע שריפֿטן**, 2טע אויפל׳ (272 זז׳)
8) אליהו בחור — **בבֿא־בוך**, 2טע אויפלאַגע (256 זײַטן)
9) דוד פינסקי — **אויסגעקליבענע שריפֿטן**, 3טע אויפלאַגע (352 זײַטן)
10) שמעון פֿרוג — **אויסגעקליבענע שריפֿטן**, 2טע אויפלאַגע (216 זײַטן)
11) י. ל. פרץ — **אין 19טן יאָרהונדערט**, 3טע אויפלאַגע (272 זײַטן)
12) י. ל. פרץ — **אין 20טן יאָרהונדערט**, 2טע אויפלאַגע (272 זײַטן)
13) מאָריס ראָזענפֿעלד — **אויסג׳ שריפֿטן**, 2טע אויפלאַגע (240 זײַטן)
14) האָפּשטיין — כאַריק — פֿעפֿער, 2טע אויפלאַגע (272 זײַטן)
15) מרדכי ספעקטאָר — **דער ייד׳ מוזשיק**, 2טע אויפלאַגע (272 זײַטן)
16) ה. לייוויק — **אויסגעקליבענע שריפֿטן**, (352 זײַטן)
17) שלום עליכם — **מנחם מענדל**, 3טע אויפלאַגע (272 זײַטן)
18) אַבֿרהם גאָלדפֿאַדען — **אויסג׳ שריפֿטן**, 2טע אויפלאַגע (256 זײַטן)
19) י. י. שוואַרץ — **קענטאָקי**, א. ראַבאָי — **הער גאָלדענבאַרג** (פיאָנערן אין אַמעריקע), 2טע אויפלאַגע (312 זײַטן)
20) ח. נ. ביאַליק — **אויסגעקליבענע שריפֿטן**, (384 זײַטן)
21) ש. אַנ־סקי — **אויסגעקליבענע שריפֿטן**, (296 זײַטן)
22) מענדעלע מוכר־ספֿרים — **פֿישקע דער קרומער**, (256 זײַטן)
23) יוסף אָפּאַטאָשו — **אין פוילישע וועלדער**, (416 זײַטן)
24) זלמן רייזען — **אויסגעקליבענע שריפֿטן**, (304 זײַטן)
25) יהואָש — **אויסגעקליבענע שריפֿטן**, (320 זײַטן)

26) גליקל האַמיל — **זכרונות,** (352 זײַטן)

27) שלום עליכם — **טביה דער מילכיקער,** 3טע אויפלאַגע (288 זײַטן)

28) אַבֿרהם רייזען — **אויסג׳ שריפֿטן** 2טע אויפלאַגע (320 זײַטן)

29) די פֿרוי אין דער ייִדישער פּאָעזיע — **אַנטאָלאָגיע** (416 זײַטן)

30) ר׳ נחמן בראַצלעווער — **סיפּורי־מעשׂיות,** 2טע אויפלאַגע (224 זז׳)

31) מרדכי אַלפּערסאָן — **אין אַרגענטינע** (320 זײַטן)

32) פּרץ הירשביין — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (336 זײַטן)

33) ייִדיש אין ליד — **אַנטאָלאָגיע** (264 זײַטן)

34) מנחם באָריישאָ — **דער פֿרעמדער, זאַוול רימער** (320 זײַטן)

35) ווען אַ פֿאָלק דערוואַכט — **מדינת ישׂראל** (464 זײַטן)

36) נוסח השׂכּל — **אַנטאָלאָגיע** (272 זײַטן)

37) ז. סעגאַלאָוויטש — **לידער, דערציילונגען, זכרונות** (352 זײַטן)

38) מעשׂה־בוך, **פֿון** 1602 (368 זײַטן)

39) אונטער אָקופּאַציע: **עוזר וואַרשאַווסקי** — שמוגלערס. (328 זײַטן)

40) ערבֿ חורבן: מ. **בורשטין**/מאָזאָוויע **און** 14 **פּאָעטן** 256 זײַטן)

41) חורבן: **פּאָעזיע, פּראָזע, דראַמע** — אַנטאָלאָגיע (432 זײַטן)

42) ווידערשטאַנד און אויפֿשטאַנד/**פּאָעזיע, פּראָזע, דראַמע** (336 זײַטן)

43) איציק מאַנגער — **לידער, פּראָזע, עסייען** (384 זײַטן)

44) דוד בערגעלסאָן — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (320 זײַטן)

45) משה נאַדיר — **הומאָר, קריטיק, ליריק** (288 זײַטן)

46) דאָס קינד אין ייִד׳ פּאָעזיע און פּראָזע — **אַנטאָלאָגיע** (320 זײַטן)

47) י. אָקסנפֿעלד — **שטערן־טיכל, ערשטער ייִד׳ רעקרוט** (288 זײַטן)

48) **פּליטים צווישן פֿײַערן,** אַנטאָלאָגיע (304 זײַטן)

49) **אויסגעוואָרצלטע און אײַנגעוואָרצלטע,** אַנטאָלאָגיע (272 זײַטן)

50) **דרום־אַפֿריקאַניש,** אַנטאָלאָגיע (360 זײַטן)

51) שלום אַש — **פֿון שטעטל צו דער גרויסער וועלט** (400 זײַטן)

52) **דער אַרבעטער־דור אין אַמעריקע** (224 זײַטן)

53) **עבֿרי־טײַטש / צאינה וראינה** (368 זײַטן)

54) טשילעניש — **אַנטאָלאָגיע** (272 זײַטן)

55) אין דעם אייגענעם לאַנד, 25 **יאָר ישׂראל** (568 זײַטן)

56) שלום אַש — **אָנקל מאָזעס,** ראָמאַן (264 זײַטן)

57) יעקבֿ גאָרדין — 3 **דראַמעס** (352 זײַטן)

58) בראַזיליאַניש — **אַנטאָלאָגיע** (352 זײַטן)
59) פֿון דור צו דור: **א. ווײַטער, ד. אײַנהאָרן, ז. י. אָנכי** (368 זײַטן)
60) מאַקס ווײַנרײַך — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (416 זײַטן)
61) אין סאָוועטישן פֿרילינג — **אַנטאָלאָגיע** (248 זײַטן)
62) קאַנאַדיש — **אַנטאָלאָגיע** (448 זײַטן)
65) דוד איגנאַטאָוו — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (336 זײַטן)
64) פֿון רעוואָלוציע צו תּשובֿה: **לייב פֿײַנבערג** (280 זײַטן)
65) י. י. זינגער — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (312 זײַטן)
66) אַרגענטיניש: **דער חלום פֿון פֿעלד / אַנטאָלאָגיע** (320 זײַטן)
67) משה קולבאַק — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (320 זײַטן)
68) אין פּאָגראָם — **אַנטאָלאָגיע** (304 זײַטן)
69) אונדזערע קריטיקערס — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (320 זײַטן)
70) צווישן שטאָטישע ווענט / 2**טער באַנד** אַרגענטיניש (496 זײַטן)
71) עלטערן און קינדער — **אַנטאָלאָגיע** (360 זײַטן)
72) משלים בײַ ייִדן / **אַנטאָלאָגיע** (288 זײַטן)
73) געזאַנגען פֿאַר עמך / **אַנטאָלאָגיע** (224 זײַטן)
74) נאָרד אַמעריקאַניש / **אַנטאָלאָגיע** (272 זײַטן)
75) גייט אַ ייִד קיין ארץ־ישׂראל / **פֿון דער ייִד' ליט'** (256 זײַטן)
76) דער פֿרילינג פֿון „די יונגע" **אין אַמעריקע, אייראָפּע, ישׂראל**
**(320 זײַטן)**
77) געלעכטער אויף אַן אמת (256 זײַטן)
78) מערבֿ־אייראָפּעיִש / **פֿראַנקרײַך, ענגלאַנד, בעלגיע, האָלאַנד**
**(336) זײַטן**
79) 1939 אין דער ייִדישער ליטעראַטור, אַנטאָלאָגיע (288 זײַטן)
80) וואַרשע. (304 זײַטן)
81) דער אמת דורך געלעכטער (240 זײַטן)

## אין 1980 וועלן אַרויס די בענד:

82) י. י. טרונק — אויסגעקליבענע שריפֿטן
83) פֿאַרן טעאַטער / 10 **איינאַקטערס**
84) ווילנע.

